# ו י ס פ ע

## ליטעראַרישער זאַמלבוך.

רעדאקטירט:

ק. זינגמאַן.

פאַרלאַג „קולטור“ ליטע.

1 9 2 3

# ווי ספּ ע

## ליטעראַרישער זאַמלבוך.

רעדאַקטירט:

ק. זינגמאַן.

פאַרלאַג „קולטור“ ליטע.

1 9 2 3

אין זאמלבוך „וויספע” זיינען געדרוקט ווערק פון:

אואילד אָסקאר
בלאשטיין ה.
גוטמאן ראָזא
גרינשפאַן ד.
גאָטפאַרשטיין יוסף
גליצמאַן לייב
האמסון קנוט
הירשקאַן צבי
וויטמען וואַלט
וויספּעניק א.
זינגמאַן ק.
טאַגאר ראבינדראַנאַט
יודיקא
יאָפּע מרדכי
מאַרקוס פּסח
כהן דוד
לוצקי א
נאדיר משה
ראסין ש.
ראַסקעס ה.
פּערסאוו שמואל
פייגין ז.
קושניאראָוו א.
קולבאק מ.
שטיימאן ביינוש
שוואַרצמאַן א.
שייניוס איגנאַץ
און אַנדערע.

א חוץ דעם, קריטיש־ביבליאָגראפישע נאָטיצן איבער קולבאקן, כמיעלניצקען, יודיקא׳ן, בלאָשטיינען, קושניאראָוון, ראָסינען, גרינבערגן, פינענבערגן און אנד. צייכנונגען און בילדער פון: בעל־מחשבות, מעדעם, וואָלט וויטמען א. א.

# די וויספע.

וואס מיר ווילן אין דער „וויספע“ זאגן, איז ניי און נים ניי. ניי בא אונז און שוין געזאגט געווארן ערגיץ אנדערשוואו אף אנ׳אנדער וויספע.

דורכגעפירט איז עס נאך אין ערגיץ נים, אבער אין די טיפעניש פילן מיר עס אלע, זאגאר פיינליך און וויטאג׳דיק, אז עפעס נייעס מוז געזאגט און דורכגעפירט ווערן. פילן א זאך קען דער גאנצער קאלעקטיוו, ארויסזאגן — נאר יחידים.

דאס איז נים קיין רעטעניש און דאך איז שווער צי מען וועט אונז פארשטיין, אט דעם נייעם און נים נייעם געדאנק (נים מער ווי א געדאנק, קיין פארטיי איז עס נים. צו דער פארטיי זיינען די אלע בא וועמען עס קלאפט א יונג-אידיש הארץ...) ווילן מיר אף אונזער וויספע אויפכאפן און אים דורכפירן.

אפשר וועלן מיר בלייבן נאר ביים ריידן. מיר וועלן פארשטומט ווערן, מ׳וועט אונז פארשרייען (דאס געוויס), די יוגנט וועט אונז נים קומען צו הילף, וועט נים העלפן פארווארפן דעם קייטל צו אנדערע וויספעס, מיר וועלן צוריק איינזאמע ארומבלאנדזשען... וועלן מיר עס נאר באוויינען, באדויערן, קיינמאל אבער דעם געדאנק אויפן בית-הקברות צווישן די שמות אוועקפירן, טיף אין זיך וועלן מיר אים באגראבן, אים האלטן אונטער פארקריצטע ציין, אוןווארטן ביז א נייע צייט וועט קומען, א יינגערע, א פרייערע, א אויסגעלופטערטע, און דאן וועלן מיר אים ווידער ארויסטראגן.

און די צייט וועט דאך קומען.

מיר פרובן: מיר ווילן פון דער וויספע אויס וויספע מאכן, מיר ווילן אראפשוויינקן פון דער אויבערפלעכע אט דעם שימל און ווילדפלייש וואס ס׳האט זיך בא אונז אנגעקליבן פאר די לעצטע פאר יאר.

מיר וועלן קעמפן געגן אונזערע נים געראפענע שפייזער און פארזארגער הן אין ליטעראטור הן אין לעבן.

מיר וועלן אין ווארט, בילד און געדאנק מונטערן, רופן וועקן צו באפרייען זיך פון די אלע געווילטע און נים געווילטע אפוטרופסים אונזערע, פון די אלע פרעמדע, וועלכע זיינען אונז פון די נאנטע ירושות איבערגעבליבן, אדער האבן זיך צו אונז ווי קאנטראבאנד אריינגעגנבעט

מעגן זיי ריידן צו אונז אויף אלע לשונות, אפילו זיך ברעכן און ריידן „אידיש" (אוי ווי שווער זיי קומט עס אן!...), מעגן זיי גלאצן מיט די אויגן, מעגן זיי די העכסטע פראזן געברויכן, מיר וועלן זיי זאגן:

פרעמדע, פארקריפעלטע נשמות — אוועק!

און דאס זעלבע וועגן אונזער פרעסע און ליטעראטור.

עס מוזן פאלן די צוימען, וועלכע מען האט אנגעשטעלט פארן פאלק! (און געגזענפיסלאך).

מיר ווילן זיין יונג, מיר ווילן זיין פריי, מיר מיינען אז צווישן די זעמדעלאך פון וויספע קענען אויך זיין גאלדענע שופעלאך, קענען אויך זיין די, וועלכע וועלן אונז קענען העלפן דאס וויספע-לעבן באלויכטן, און אראפשווייכן דעם זאמד פון די אויגן, וואס מען שיט אף אונז פון אלע זייטן...

אין צייטן פון שטורם וועלן זיי אונז לידער פון שטורם זינגען זיינע סודות אנטפלעקן און רופן, און וועקן...

אין צייטן פון שטילשטאנד, אפאטיע, חורבונות און הפקרות, וועל זיי אונז דערמאנען, אז מיר זיינען אף א וויספע און ס'קענען אויך שטורעמס קומען וועלכע וועלן אונז צוטרייסלען, צומונטערן, ערמוטיגן און באפרישן מיט א נייעם גייסט, מיטן גייסט פון שטורם...

מיר ווילן זיין אליין די קאפיטאנען אף אונזערע שיפן, איז עמיץ פון אונז שלעכט, וועלן מיר אים אליין אראפוואַרפן און אף זיין ארט וועט אנ'אנדערער קומען. נאר ניט יענע מיט די קאלטע יבשה-הערצער זאלן אנטאן די ברילן און ארויסגעבן דעם פסק-דין.

מיר ווילן זיין פריי, אייביק יונג און שטארק ווי דער ים.

מונטער און קאמפספייאיק ווי דער שטורם.

ארום אונז רוישט, ברויזט, שטורעמט...

מיר זיינען אויף א וויספע.

# פ. אייזיק / פון בוך „ארבעט"

די ארבעט איז פאר מיר א ליד,
יעדער קרעבץ פון ראד, א טאן.
די ארבעטס קראפט פון ליד דעם זין.
איך קלייב באגייסטערט טענער אן,
און זינג זיי אויס אף דער מאשין...

## באגינען

באגינען, מיין קראפט איז אויסגערוט,
בלייבע הימלען וועקן שטיל, און צארט די וועלט.
גיי איך מיט מיין ארבעטס כוח אין האנט.
אין שטילע גאסן שלאגן הילכיק מיינע טריט,
ס'האט מיין קראפט זיך אויסגערוט,
מיט זאפט פון ברויט געקרעפטיגט איז מיין בלוט,
און די מוסקלען אנגעשטריינגט מיט מוט,
עס רופט די ארבעט מיר פון וויט,
כ'פיל איר אין מיין יעדן גליד,
און פעסטער הילכן מיינע טריט. —
עס וועט נישט ליידיק שטיין דער טאג,
ס'וועט נישט פוסטעווען די לופט,
כ'שפאן אייך אלע איין אין יאך,
כ'נעם די ווינטן מיר צו הילף,
באפעל די טייכן טאן וואס מיר געפעלט !...
אין לופטן וועט זיך טראגן — האמער קלעפ,
ווינטן-רעש, וואסער-רויש, —
טראגן זיך אין אלע עקן וועלט.
און ביז'ן אוונט וועלן רוישן די מאשינען,
ס'וועט די נאכט. א אנדערע די וועלט געפינען...

## ווען איך ארבעט

איך ארבעט, און עס ווערט מיר הייס,
כ'פיל ס'גיסט זיך טראפנס שווייס,
יעדעס גליד מיינס רירט זיך פונם ארט.
דאמאלס ארבעט פיל איך דיר אינגאנצן,
יעדער רויש פון דער מאשין,
יעדער קרעכץ פון ראד
דרינגט מיר טיף אין מוח ארײַן.
און כ'פיל, איך שאף,
איך ארבעט אויס,

עס שאפט זיך וואקסענדיק, און גרויס
בערגער, גאנצע בערג.
אין צארטסטער צארטקייט אויסגעבאדן,
אין גרעבסטער גראבקייט אויסגעשלאגן,
אין פחדנותדיגער שרעק געשפונען,
געדיינקענפיל באזונט מיט זונגען,
אייביק, אין דער אייביקייט געטראגן,
יסורימדיק, מיט פיין באלאדן.
מיט כבודיקן שמאלץ באקרוינט,
מיט עקלדיקן שמוץ באלוינט.
אמאל אזוי, אמאל אזוי,
האט א וועלט זיך אויסגעבויט,
האט א לעבן זיך געשאפן,
און אומעטום איז פול מיין קראפט,
און אומעטום מיין כוח שאפט.
וועלטן אומגעקערט,
ריזן ווערק צושטערט,
נייע אופגעשטעלט,
און פון דאס ניי א וועלט.
אמאל אזוי, אמאל אזוי,
ניטא קיין פרעמד, ניטא קיין היים,
וואו מען קומט איז ברייט, און פריי,
ס'גיסט זיך דורך דער גאנצער וועלט,
מיין שאפונגס-קראפט פון דורות-לאנג,
די וועלט איז אויסגעמישט מיט מיר,
די צייט איז אויסגעמיישט מיט מיר,
אין מיר איז איינגעוועבט דאס גאנצער לעבן,
איך וואקס צוזאמען מיט דער אייביקייט,
איך הערש פון ערשטן אנהויב, ביזן לעצטן סוף, —
איך עקזיסטיר...

## איך ליב די ארבעט

איך ליב די ארבעט, אן א שיער,
איך בין א קנעכט בא איר,
און שטענדיק מונטער,
אז איך ארבעט, איז מיין גייסט געזונטער...
וועבן זיך געדאנקען,
וועקן זיך פארלאנגען,
מישט זיך אויס מאשינען רויש,
מיט הארציקע געזאנגען.

א וואַרף דעם קאָפּ,
א וואַרף די הענט,
די פּאַמליע האָר,
די אַרבעט ברענט,
טאַפּעט ברוסט,
און אָטעמט פריי,
קלאַפּט דאָס האַרץ
אין קלאַפּעריי
פון האַמערס און מאַשינען...

— — — — — — — —

איך אַרבעט,
איך ליב די אַרבעט אָן א שיעור,
כ'בין א קנעכט בא איר
און שטענדיק מונטער,
אַז איך אַרבעט, איז מיין גייסט געזונטער...

## נאָך דער אַרבעט

אוונט צייט, דער הימל בלייך,
א ווינטל גלעט מיר, ליב און ווייך,
איך קער זיך פון דער אַרבעט אום.
ס'איז ליב די נאַכט, דאָס ווינטל וועהט,
א זיסקייט נעמט מיין האַרץ אַרום,
איך האַלז און נעם אַרום די וועלט,
און דריק איר צו מיין ברוסט.
יעדעס זאַמדל וואָלט איך אויסגעקושט,
ס'איז לייכט און גוט, מען אַרבעט אָפּ דעם טאָג
איז דער אוונט פריש, און שמעקט,
א פייגעלע אין צווייגן האָט זיך וואו פאַרשטעקט
און רוט זוך אויכעט אָפּ,
א גאַנצן טאָג, געפלויגן, און געזוכט,
און קליינע ברעקלאַך ברויט געבראַכט,
אין נעסטל וואַרעם, קליינע קינדערלאַך פאַרשמאַכט,
האָט זיך אַנגערוקט די נאַכט —
איז דאָס פייגעלע געקומען צוריק,
דאָס נעסטעלע ווערט פול מיט גליק,
אַנגעהאַרוועט זיך דעם טאָג
שפּייז די קינדערלאַך פאַרשאַפט,
אַנגעקאַרמעט מיטן שנעבעלע,
פאַרשטעקט דאָס קעפּל צווישן פליגעלע
זאָרגט דאָס פייגל מאַמעלע

מיט איר קלײנעם גופעלע
די קינדערלאך פארדעקן,
ביז דער נײער טאג, װעט װעקן,
פרישע שפײז פאר זײ צו זוכן...
שא, און שטיל, מען זאל נישט שטערן,
הײליק איז די רואיקײט פון נאך דער ארבעט.
צארגן װארט א נײער טאג,
מיר קלײבן כוחות אין דער נאכט,
אין דער רואיק שטילער נאכט...

## י ו ם - ט ו ב

יום-טוב, טו איך אן מײן יומטוב קלײד,
רואיק, שטיל, עס ארבעט נישט ארום, און װײט, און ברײט,
און אומעטום, די גאנצע װעלט, איז יומטובדיק און שײן,
בהרחבדיק פארשפרײט די הימלען, װײס און רײן,
און פעלדער, פעלדער גרין באפוצט
עס שפרינגען אום אף זאנגען פײגעלאך צוהיצט,
פארהאװעט, יומטובדיק, און זינגען פױגל פרײ פון זיסער רו,
איך גײ מיט װײב און קינד, שמײכלענדיק און הער זיך צו —
שא, עס רוט, עס ארבעט נישט די גרױסע קראפט,
ס'רוישט די שטילקײט, נאר פון פעלד,
די ריזיגסטע מאשינעס אפגעשטעלט,
עס רוט דער ארבעטס מענש זײן יומטוב טאג,
און יומטובדיק, און שטיל, מוז זײן די גאנצע װעלט...

## האט זיך אפגעשטעלט די ארבעט

האט זיך אפגעשטעלט די ארבעט
שװײגן די פאבריקן,
הערשט א שװײגעניש ארום;
פון די פענסטער קוקן,
בײזע װילדע שרעקן,
שװײגן שאטנדיק די שעפער,
ביז עס נעמט דאס שװײגן דריקן,
און אכזריותע געפילן װעקן.
קראמפהאפט פלאנטען זיך די פינגער,
האבן זיך פארבײנקט נאך שאפן.
ס'רײצט פון װינקלען טויטענדיק דער הונגער,
נערװן מײזלאך קארטשען קריכענדיק דאס פנים,
בליצן צינדן אן זיך אין די אויגן,
ברענט אין מוח, א הארבע פראגע —
װער װעט װעמען בויגן?..

אראפגעלאזט די קעפ, מיט טיגער טריט,
טיף אין זיך פארקוועטשט, א ווילדן ברומען,
ס'קריכן דריקענדיק און שווער, מינוטן,
אט ווערט באלד דער שטורעם קומען,
אט ווערט באלד דער שטורעם קומען...

---

מיט קליינע וואלקנס בא די זייטן
האט די זון געשטעלט זיך קוקן,
רויטע פאסן אפן הימל,
עס ברענען די פאבריקן,
עס ברענען די פאבריקן...
א בייזע שפיל פון פלאמען צינגען,
דאס פייער קנאקט, און שטימען זינגען, —
פרייע לידער, פרייע לידער, —
ס'האט אפגעברענט, מיר שאפן ווידער,
פריי און ברייט, און ברייט און פריי,
שטורמיש זאל עס ברענען!...
מארגן זאל דעם נעכטן ניט דערקענען,
אף די נעכטיק פוסטע פעלדער,
צאפט זיך מארגן פון דאס ניי...

## די ארבעט

פאר דיין גרויסער הייליקייט,
אין סוד פון אייביקייט, די ארבעט
שטיי איך קניענדיק געבויגן,
כ'בין אינגאנצן דיינער.
האסט דורך וועלטן אייביקייט,
געשפונען זיך געצויגן,
ווייט און ברייט, צווייט,
אין טויזנט זייטן אויסגעשפרייט,
קוקסט ארויס פון שפאלט פון יעדן שטיין,
אין פארבן טויזנטער צופינקלט,
אין וועלטיש גרויס, צעווינקלט, און צושפריינקלט...
און ערגעץ אין א מיט, דיין גרויסער כוח,
א וועלטיש ריזעדיקער גוף,
וועקסט אונז אויף באגינען מיט דיין רוף,
וועקסט אונז — דיינע קליינע גלידער,
וואס ליגן פאלגענדיק ביי דיינע פיס פארברידערט,
וועלטן ריז! מיר זיינען דיינע ברידער,
מארך אין ביינערדיק צונויפגעגלידערט...

קאוונע 1921.

# ה. מ. פ ע ר ז א ל / י ו ד י נ י

דערציילונג.

דאס איז געווען מיט יאָרן צוריק. אויף דער נארוועגישער שיף „סאן-פיער" האב איך געדינט אלס מאטראס און געשוואומען צווישן בערגען און ארכאנגעלסק.

אויפן שיף האבן אלע געוואוסט, אז מיין נאמען איז מיכאעל. קיינער האט נים געפרעגט מיין גלויבן, מיין רעליגיע האט קיינעם נים אינטערעסירט: דאס הייגגען זיך מיט די פיס אראפ פון מאסטבוים אין דעם גרעסטן, ווילדסטן שטורם, מיין ווארפן דעם שווערן דלאט אין וואסער און קענען פלעשערהווייז אויסטרינקען ווין און קיינמאל שכור נים ווערן — אט דאס זיינען געווען מיינע דאקומענטן. און איינמאל האט פאסירט, אז עמיץ פון די שיף-פאסאזשירן האט מיר גראב באליידיגט, האב איך פיל נים געקלערט און מיט מיין פינישן מעסער דעם באליידיגער אין זייט ארייגגעלאזן — און זאל ער וויסן! פון דאן אן האבן מיר די מאטראסן אנגעהויבן רופן, דער „איספאניער". איינער האט אויסגעטראכט, אז איך בין אנ'אנטלאפענער פארברעכער פון פארטוגאל. דער צווייטער אז איך בין אנ'איטאליענער, נעמענדיג אין אכט מיינע שווארצע האר. מ'האט מיר „עקזאמענירט" ווי שטייף זיינען מיינע ריפן, ווי פעסט איז מיין פויסט און אויף וויפיל איז צוגעמאכט מיין מויל. ערשט נאכדעם בין איך אריין אין דער משפחה פון מאטראסן.

מאנטיג, פינף פארטאג, האט אונזער שיף געדארפט אויפהייבן איר אנקער, פאנאנדערשפרייטן אירע פליגלען און זיך שיידן מיט די פארגליווערטע יבשה-כוואליעס — די הויכע גלעטשערס פון נארוועגיען. זונטיג אוונט זיינען מיר מאטראסן, שכורע פון בראנפן און פרויען, אויפן דעק פון שיף געקומען. אין אונזער קאיוטע איז אריין דער קאפיטאן, אנ'אלטער נארוועגיער, און געזאגט: „חברה, ווייסט אז אויף אונזער שיף איז א נייער מאטראס אנגעקומען: איינע א מיידל... — מיר זיינען אלע אנשטומט געווארן — ווייסט! ווער ס'וועט זיך אן איר אנרירן האטש מיט איין פינגער אויף יענעמס פרצוף מ י י נ ע פינף פינגער וועלן אויסגעמאלט ווערן. דאס מיידל איז מיינע א טאכטער".

מיר האבן אלע גוט געוואוסט, אז דער קאפיטאן האט קיינמאל קיין קינדער נים געהאט און האט נים. דעריבער האט אונז אלעמען פאראינטערעסירט ווער קען זי דאס זיין אזוינע. בייזע צינגער האבן געזאגט, אז זי מוז זיין א געליבטע זיינע, אנדערע — אז דאס מוז זיין עפעס א טרפה'ער פאסאזשיר"... נאר אט איז אריין דער געהילף פון שטורמאן און דערציילט אונז, אז דאס מיידל איז שוין פיר חדשים ווי זי געפינט זיך ביים קאפיטאנס פרוי אין די בערג. וועלכע האט זייער פיל געוויינט ווען סיט

„איר“ האט זי זיך געזעגנט. „זי“ איז עפּעס פון זייער ווייט געקומען, רעדט זייער שלעכט נאָרוועגיש. פאַרשטייט דײַטש אַביסל און האט האָר און אויגן פונקט ווי דײַנע, מיכאַעל, האט ער געזאָגט אַפּקערענדיג זיך צו מיר.

איך ווייס ניט וואָס מײַנע חברים האָבן געטראַכט וועגן אונזער נײַעם גאַסט. נאָר מסתּמא האָבן זיי עפּעס געוויס געטראַכט אָבער גאָרנישט געפילט. איך האָב אַבסאָלוט ניט געקענט טראַכטן, נאָר כ'האָב דערפילט אין מײַן האַרצן עפּעס אַזוינס וואָס האט ניט קיין נאָמען און באַגריף... אַ גאַנצע נאַכט האָב איך קיין אויג ניט צוגעמאַכט. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף פינף אַ זייגער, ווען אונזער זעגל-שיף האט זיך געדאַרפט אָפּרײַסן פון ברעג און „זי“ וועט אַרויפגיין אויפן דעק.

„אויגן, האט געזאָגט דער געהילף פון שטורמאַן, ווי בײַ מיר... ניט שוין זשע איז זי אַנ'אידיש קינד? — — —

דער קאַפּיטאַן האט זיך באַוויזן אויף זײַן בריקל.

— אויפהויבן די פאַן! אָפּלאָזן דעם נאָז-שטריק! דעם הינטער-שטריק פלינק! אין מאָמענט זײַנען די קורצע באַפעלן זײַנע דערפילט געוואָרן — אַ-נו, יודיני, קום אַקאַרשט אַהיס און ווײַז די שבורים וואָס הייסט אַזוינס אַ מאַטראָס: דעם אַנקער אַ-אַ-רוף!!

די טירל פון קאַפּיטאַנס צימערל האט זיך פלינק געעפנט און פון איר איז אַרויסגעשפּרונגען אַ מיידל פון אַ יאָר אַכצן. הויך און שלאַנק איז זי ווי דער מאַסטבוים געווען, אירע שוואַרצע האָר — ווי בײַ אַ רוסאַלקע געדיכטע און לאַנגע, וועלכע דער צפון-ווינט האט אויף אַלע זײַטן פאַנאַנדערגעבלאָזן. די אַרבל פון איר דעקאָלטירטער הויטער בלוזקע האָבן קוים דערגרייכט די אײַנבויגנס. איר קורצע קליידל האט אָפּגעדעקט די אָנגעשטריינגטע זאַפטיגע מוסקלען פון די ראָזע, געזונטע פיס. איר געזיכט האט געשפּראָצט מיט פרישקייט און לעבן, און נאָר נאָך אירע שוואַרצע אויגן, נעמטן פון אַנ'אייביגן טרויער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַנ'אידיש מיידל...

אין איין אויגנבליק איז זי שוין געווען בײַ דעם אַנקער-שלעפּער. איך און נאָך אַ פּאָר חברים מײַנע, האָבן ניט באַוויזן צו צולויפן צו איר אויף הילף, ווי דער אַנקער איז שוין געווען אויבן.

„די זעגלען שטעלן!!“ עפּעס שמייכלענדיג האט דער קאַפּיטאַן באַפעלט.

וואו טרעפּ, ווען שטריק: פלינק ווי אַ קאַץ האט זי זיך אַרויפגעדראַפּעט אויבן און רײַטענדיג אויף עפּעס אַ קייט, האט זי פאַנאַנדערגעצויגן די זעגלען. די שיף האט זיך געגעבן מיטאַמאָל אַ בויג אויף אַ זייט,

זיך אפגעזיפצעט, נאכדעם זיך אויסגעגלייכט און מיטן שפּיץ פאנאנדער-שניידענדיג וואלן, איז זי גראציעז און רוהיג ווי די שוואנען, אוועק איבערן שווארצן וואסער.

„היט דעם רול! א שטיין לעבן לינקן בארט!!”. אפּגעבענדיג דעם לעצטן באפעל איז דער קאפּיטאן צופרידן אריין אין זיין קאיוטע.

דאס מיידל איז נאך אלץ געשטאנען אויפן מאסטבוים לעבן רעכטן פאן, מיט איין האנט זיך צוגעהאלטן און מיט דער צווייטער אפּגעשארט די האר, וועלכע דער ווינט האט אויף איר שטערן ארויפגעווארפן. ערשט דאן ווען אונזער שיף, אויסמיידנדיג די געפערליכע פיארדן, איז אריין אין ברייטן ים, האט זי אראפּגעקלעטערט פון אויבן. פארבייגייענדיק אונזער אלטן מאטראס דעם איינגלענדער דזשאני, האט זי אים פלינק איבערגע-דרייט אין דע־ לופטן און מיט א הילכיגן געלעכטער אריינגעלאפן צו זיך אין קאפּיטאנס קאיוטע.

— „דאס איז ניט קיין מענטש, א מיידל — בשום אופן ניט: פאר-געסט נים, אז כ'האב זעקס פוס. צו אלדע שדים, ווי זי האט געצווינגן דעם אנקער! ניין, חברה, דאס איז עפּעס... כ'ווייס שוין וואס: א רוסאלקע!!” א צופרידענער וואס ער האט געפונען א תירוץ, האט דזשאני זיך גיך אוועקגעטראגן אונטן, ניט וועלענדיג קיינעם באווייזן זיין בלייכן פנים פון שרעק און איבערראשונג.

שוין צוויי וואכן ווי מיר שווימען. שוין צוויי וואכן ווי איך מאטער זיך מיט אלע כחות צו דערגיין ווער זי איז אזוינע, וועלכע מיט איר גלייסקייט און פלינקייט שטעלט אונז אלעמען אין בזיונות, נאר — אומזיסט מיין מי — — —

איר נאמען איז כמעט אנ'אידישער: זי הייסט יודיני. די אויגן — אינגאנצן פון אנ'אידיש-קינד. געזונט ווי צען כינעזער, פלינק ווי צוואנציג הירשן, געפינט זיך אויף א נארוועגישער זעגל-שיף, היינט גיי און טרעף ווער זי איז...

מיט קיינעם פלעגט זי ניט ריידן, קיינעם גארנישט ענטפערן.

עפּעס איינמאל האט אונזערער א דאן-זשוואנטשיק א גלעט געגעבן אירע האר... מער האט מען ניט געדארפט! ער האט ניט באוויזן א דריי צו געבן זיך, ווי ער איז שוין געלעגן אויף א טון פון פיש, און דער שפּיץ פון א גראבן קאנאט האט געשפּאצירט איבער זיין רוקן. דער קאפּיטאן איז געשטאנען פונדערווייטן און צופרידן געלאכט — — —

ווער האט זי דאס געקאנט זיין? די פראגע פלעגט מיר ממש ניט לאזן רוהען. זעלטן א נאכט, ווען איך פלעג רואיק קענען שלאפן. ס'איז

כמעט ניט געווען די שעה, ווען די פראגע זאל ניט צופן מיין מה כ'האב געפילט, אז איך ווער שלאפער. מיינע חברים האבן באמערקט, אז כ'האב אנגעהויבן וויניגער עסן. כ'האב געקראנגן ווי א מין ברוגז אויפן מיין ליבן ים: דארפן ארבעטן — פלעג איך ארבעטן, ניט — זיך אוועק-לייגן אויף מ׳ין געלענער און קוקענדיג אויף די שפינוועבך וואס אין ווינקל, ניט געווען אויף און ניט געשלאפן, ווענן גארנישט ניט געטראכט און גאנץ געננוי האב איך געדיינקט דעם נעכטן, פינקטליך האב איך גע-וואוסט דעם מארגן, ווייל ביידע זיינען זיי געווען ענליך ווי א טראפן וואסער.

ווין האב איך צוטרונקען אן א שיעור.

יענע נאכט האב איך זיך ארומגעדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. ס'האבן ניט געהאלפן די צוויי פלעשער ווין, וועלכע כ'האב אין זיך אריינגעגאסן: דער שלאף האט מיר בשום אופן ניט גענומען.

שא! ווער שפילט דאס?

כ'האב דערהערט א גיטארע-שפילן. עפעס א באקאנטע מעלאדיע האט דערגרייכט צו מיינע אויערן, אזוי באקאנט... עפעס אזוי נאענט.. וואו האב איך דאס די מעלאדיע געקענט הערן? — — —

כ'האב גענומען איבערמישן אלע בלעטער פון מיין לעבן פאר די לעצטע דריי-פיר יאר. כ'האב זיך דערמאנט! דעם ניגון האב איך דאך אמאל געהערט אין ראדינער ישיבה...

וואס טוט זיך דא? דאס איז דאך א חסידישער המבדיל!! מסתמא האט זיך מיר דאס אפגעדוכט, ס'קען ניט זיין — — — ניין! ס'דוכט זיך מיר שוין גארניט. שא! מ'זינגט...

„יו-ום פ-נה כצל תו-ומר"...

צו אלדע רוחות! היינט איז דאך טאקי מוצאי-שבת-נאכט... ניין כ'בין מסתמא משוגע געווארן — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן דעק בין איך ארויס.

אויף א בונד שטריק איז געזעסן יודיני מיט א גיטארע אין האנט געשפילט און שטיל צוגעזונגען. אויפן שטילן ים האט זי געקוקט, וועל-כער איז רואיק איצט געשלאפן. אונזער זעגל-שיף „סאן-פיער" האט זיך געוויגט ווי א געפלאכטענע וויגעלע אין וועלכע ס'רוט א קליין קינד. היינט איז געווען יודינים וואכע און מער ווי זי האט זיך אויפן דעק ניט געפונען.

זי האט געשפילט, זי האט געזונגען — — —

כ׳האב געזען ווי ס׳באוועגן זיך אירע האלב פארמאכטע אויגן און זוכן עפעס אין דער לופטן, ווי ס׳הייזט אויס וועלענדיג פאר זיך דייטליך פארשטעלן, וועלכע נישט איז בילדער. כ׳האב געזען ווי זי מאטערט זיך, קוועלט זיך צוליב וואס... כ׳האב געזען ווי נערוועז האט זיך באוועגט איר מויל, די ליפן אירע... כ׳האב געזען ווי טרערן זיינען פון אירע אויגן אויף דער גיטארע געפאלן און שטיל האט זי אנגעהויבן וויינען. ווען זי האט זיך בארואיקט אביסל האט זי ווידער אנגעהויבן שפילן, און מיט אמאל...

ס׳האט זיך מיר דערמאנט די געפלאכטענע „הבדלה״, דער בעכער וויין...

ס׳האט זיך פארביינקט. ס׳האט זיך געוואלט א געשריי געבן, ס׳האט זיך פארוואלט א וואָרף טאן אין וואסער דעם פאר׳כשופ׳טן ווי די מוצאי-שבת׳דיגע נאכט. און ווען יודיני האט אקאמפאנירענדיג מיט דער גיטארע געזונגען די ווערטער „זרענו וכספנו ירבה כחול״, האב איך הויך אויפן קול אינסטינקטיוו פארענדיגט „וכבוכבים בלילה״ — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— „ווער דא?״ האט יודיני א געשריי געגעבן אויף נארוועגיש באהאלטענדיג די גיטארע אין בונד שטריק און זיך גיך אויפגעשטעלעגדיג.

כ׳האב זיך אביסל כמעט ווי דערשראקן פון ניט ווארטן אין דער מינוט אויף א געשריי, אבער ניט זייענדיג אויף א האר מסופק, אז זי איז אנ׳אידיש טאכטער, האב איך אויף אידיש געענטפערט: „א איד, ווי דו, יודיני״...

— „יע כ׳בין אנ׳אידישע. נאר שווייגט. כ׳וועל אייך אפשר אמאל דערציילן. איצט גייט אוועק, איר הערט? די מינוט אוועק פון דאנען!!

די לעצטע ווערטער האט זי געזאגט אויף נארוועגיש. אירע אויגן האבן געפלאקערט. די שניי-ווייסע ציינער האבן נערוועז געסקריפעט. כ׳קען זיך בשום אופן זיך ניט דערמאנען ווי אזוי בין איך דאן אוועק אין מיין קאיוטע און איינגעשלאפן. כ׳ווייס מער ניט. אז ווען דער גלאק האט געוועקט צום אויפשטיין, האב איך זיך געפונען אויף מיין געלעגער.

איינמאל פארבייגייענדיג מיר, האט זי אין מיין האנט אריינגעלייגט א פאפירעלע, אויפגעשריבן מיט שיינע בוכשטאבן אויף אידיש. דארטן איז געשטאנען: „היינט אוונט איז דאך יום-כפור. די נאכט איז אויך מיין וואכע. אויב איר ווילט דאווענען מיט מיר אינאיינעם — קומט ביידערנאכט אויפן דעק. יהודית״.

הייסט דאס, אז זי הייסט יהודית — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צווייַ בייַנאַכט בין איך אַרויף אויפן דעק. יהודית איז געזעסן אויפן זעלבן בונד שטריק און ווי דאַמאַלסט איז אויף אירע קני, די גיטאַרע געלעגן. דערזעענדיג מיר האָט זי געזאָגט אויף אידיש: „אַ האַ, זייַער גוט וואָס איר זייט געקומען“...

די סטרונעס פון דער גיטאַרע האָבן שטיל און אומעטיק געוויינט:

כל נדרי... — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניט ווייט פון אַרכאַנגעלסק זייַנען מיר שוין געווען.

ענדליך האָב איך ביי זיך באַשלאָסן און יודינן איבערגעגעבן אַ צעטעלע:

„הייַנט איז מייַן וואַכע. קומט צוגיין. ס'וועלט זיך אויסריידן אביסל דאָס האַרץ“.

אוונט.

כ'האָב אָנגעצונדן די סיגנאַלן-לאָמפּן און זיי אויפגעהאָנגען אויף זייער אָרט. אויסגערייניגט די סירענע, די ראַקעטעס אָנגעגרייט, אָנגעקלונגען אין גלאָק אויף אונטנברויט. פאַרשפּילעט זיך די קורטקע און אָנגעהויבן אַרומציגיין איבערן דעק פון מייַן „סאַן-פּיער“.

אַז יודיני זאָל קומען האָב איך ניט געגלויבט.

ס'איז געוואָרן קאַלטליך און איך האָב אויפגעשטעלט מייַן קאַלנער. אַ לייכטער דרום-ווינטל האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן. דער הימל האָט זיך באַדעקט מיט שוואַרצע, גרויע וואָלקנס. די לופט געפּרעסט — אַז ס'איז געוואָרן שווערליך צו אָטעמען; ס'האָט זיך פאַראויסגעזען אַ שטורעם אמת, ניט קיין גרויסער. דער קאַפּיטאַן האָט טאַקי הייַנט געזאָגט, אַז ס'זעהט זיך פאַר אויף דער נאַכט אַ „שטורעמדל“.

אַ גרויסער רעגן איז אַרויס. ס'האָבן זיך אויפגעהויבן די וואַלן און מייַן „סאַן-פּיער“ האָט זיך געהויגט, געוויגט...

אומיצנס האָט האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף מייַן פּלייצע. לעבן מיר איז געשטאַנען יהודית — — —

זי האָט געזאָגט: „כ'פּיל אַז איר, מיכאַעל, זייַנט מיר אַ פריינד, טערער: אַ ברודער. כ'פּיל אַז מיר ביידע האָבן אַ סך אַלגעמיינעס. ערלויבט מיר צו זאָגן אייך „דו“. גוט?“ זי האָט מיר אַרומגענומען... וואָס האָב איך געהאַט צו ענטפערן? כ'בין אַביסל ווי פאַרשיכורט געוואָרן...

זי האָט זיך אָנגעקגעזעצט אויפן פאַרענץ. איך האָב איר נאָכגעטאָן.

יודיני האט אפגעשארט א ביסל איר קלייד, זיך צוגערוקט הארט צו מיר און אירע מוסקולדיגע הענט האבן ארומגענומען מיין האלז.

— זאג מיכאעל, דו האסט האלט דעם שטורם?

— א שטורם? ווי האט מען עס פיינט!

— כ׳האב פארשטאנען אז אזוי וועט זיין דיין ענטפער. נו, איצט זאג: ווי אזוי קומסטו דו אהער?...

כ׳האב אנגעהויבן צו דערציילן. עטליכע מאל האב איך פרובירט אריבערהיפן איינגע זאכן, נאר טרעפענדיג זיך מיט אירע קלארע אויגן, האב איך בשום אופן ניט געקענט זאגן עפעס א זאך ניט ריכטיג. יהודית איז געווען דער איינציגער מענטש פאר וועלכן איך האב זיך ארויסגעגעבן, ווי איך שטיי און גיי. יודיני איז געווען די איינציגע אויףדער וועלט וועלכע האט מיר ריכטיג פארשטאנען.

איך האב געענדיגט. געכאפט אנ׳אנהויב, א סוף, א מיטן, ניט דער-ענדיגט ווערטער, ניט דערענדיגט פראזן... דער רעגן האט אויפגעהערט. דער שטורם וועלכער איז אזוי אויך ניט געווען גרויס, האט זיך כמעט ווי איינגעשטילט.

איך האב געענדיגט ריידן. יודיני האט נאך אלץ ניט אראפגענומען פון מיר אירע טיפע, דורכשניידנדיגע אויגן. מיט אמאל האט זי זיך א שטעל געגעבן, אויך מיר אויפגעהויבן און געזאגט:

„דו ווייסט, מיכאעל, כ׳האב דיר האלט. ליב ווי די כוואליעס, ווי דעם שטורם אויפן ים!... און זי האט מיר פעסט צוגעדריקט צו איר ברוסט. מיין רוקן האט דערפילט דעם דעק. איך בין געווען ווי פארשיכורט.

פון דערהייטן האט זיך געטראגן א סירענע-געשריי. איינע נאך דער אנדערער האבן זיך באוויזן ראקעטעס. ווי ס׳ווייזט אויס האט זיך געמוזט עפעס א שיף טרינקען. איך האב זיך ניט גערירט פון ארט, און כ׳וואלט זיך ניט רירן אויב מיין שיף וואלט זיך אפילו טרינקען: איך בין געווען פאר׳כשופט. אויפן דעק האט געהערשט א טויטקייט — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען כ׳האב זיך אויפגעכאפט פון דעם תהום מיט זיסע חלומות אין וועלכן כ׳בין געזונקען, איז מיין קאפ אויף איר שויס געלעגן. כ׳האב געהערט ווי עפעס ווערטער.

„ווייסט מיכאעל, איך וועל דיר פון זיך ניט אפלאזן!... פארשטייסט דעם ווען כ׳האב אפגעגעבן מיין יונג לעבן, דעם וועל איך שיינקען מיין טויט״...

זי האט מיר געהאלטן ארומגענומען און אזוי איז אריבער א פאר שעה. מיט אמאל, ווי עפעס גאר צו זיך רײדענדיג האט זי אנגעהויבן.

איך — — —

כ'בין געבארן אין דער ליטע, אפן גרעניץ פון פוילן, אין א קלײנער אידיש שטעטל. מײן פאטער איז דארט געווען דער רב...

ס'איז אײנג געווען, פארשטײסט? אײנג, מ'קען א מראט ניט שטעלן. ס'איז געווען שמאל, אלץ אײנגע געסלאך, צוימען און פארקאנעס. ס'האט מיר געשטיקט די לופט, כ'האב אטעמען ממש ניט געקענט.

דו ווײסט דאך ווי איך בין געזונט, הײנט גײ און זײן א גאנצן טאג אין שטוב, שווײנק גלעזער און נעם אראפ די שפינהעכין פון די ווינקלען... און די הענט דארף מען פארדעקן, און די פיס דארף מען פארשטעלן און דאס אפן-הארץ טאר מען קײנעם ווײזן...

ס'זײנען מיר צו פוסט געווען די מאגערע פעלדער פון דער ליטע צו פראסט, צו אײנפאך... דאן בין איך אוועק אין נארוועגיען.

א, די הויכע ריזן-בערג! א, די אײביג ווײסע גלעטשערס! ס'איז פרײ, ס'איז הויך, ס'איז ברײט, עס לעבט!! הײנט די פיארדן מיט זײער רוישענדן וואסער, הײנט דער ים דער שרעקליכער און שײנער. די שטו-רעמס, די ווינטן, דאס שפילן זיך מיטן טויט — — —

דו ווײסט, מיר דוכט זיך אלץ, אז דאס לעבן איז דער ים און מיר מענטשן זײנען קלײנע שיפלאך.

ווי האב איך פײנט די מענטשן, וועלכע פארן אלס פאסאזשירער; תמיד שווינדלט זײ די קעפ, ברעכן, ליגן אין די בעטן און האבן ליב דעם ים ווען ער איז שטיל...

א מאטראס דארף מען זײן! הײנגען זיך איבערן וואסער, קלעטערן איבערן מאסטבוים, האלט האבן די ווינטן, ליב האבן דעם דונער, זיך ראנגלען מיט די כוואליעס, מיטן שטורם זיך שפילן... אט דאן פילט מען זיך פרײ, פריש, געזונט, מ'שפירט אז ס'לעבט!! — — —

דו ווײסט פארוואס איך האב דיר האלט? ווייל דײן פינישער מעסער וואס הײנגט בײם זײט איז אן א שײדל. אזוי דארף זײן. אפן. זיך ניט געצערטעלט. אט דאס איז שטארק. און דאס וואס שטארק, איז א מאט-ראס. דו ביזט אזוינער. כ'האב דיר ליב...

און ווײסטו וועמען נאך האב איך ליב? דעם קאפיטאן און זײן פרוי, וועלכע האבן מיר א פארחלש'טע פון הונגער ארײנגענומען צו זיך אין די בערג, דעם קאפיטאנס פאטער, א פישער, וועלכער האט מיר אויס-

געלערנט די מאטראסן-ארבעט און איבערהויפּט אלע נארוועגיער האב איך ליב; זיי זיינען מאטראסן, זיי זיינען שטארקע, זיי האבן בערג, זיי האבן פיארדן און א ים. — — —

ס'זיינען זיך געלאפן וואכן.

יודיני האט דערציילט דעם קאפּיטאן וועגן אונזער ליבע און וועגן דעם, אז מיר זיינען אידן. יענער האט איר ליב געהאט ווי אנ'אייגן טאכטער און ערלויבט מיר צו קומען אפט אין זיין קאיוטע, וואו אויך יודיני האט זיך געפונען. ער האט געזאגט:

„הייסט דאס, אז איר זייט ביידע אידן... איך פלעג זיך שטענדיג פארשטעלן אלע אידן ווי פאסטארן, פארטראכטע, שטענדיג טרויעריגע פארזארגטע... האב איך א טעות געהאט הייסט דאס.

דו ווייסט, מיכאעל, נעמענדיג אין אכט דיין היסן טעמפּעראמענט, האב איך געטראכט אויף דיר אז דו ביזט פון איספאניען, און אויף דיר יודיני, אז דיין פאטער איז געווען א רויבער און דיין מוטער א גריכישע געטין, ווייל ביידע זאכן צוזאמען ביזטו.

נו, גוט, הייסט דאס, אז איר ליבט זיך ביידע... אויסגעצייכנט!! פונקט א פאר! — ער האט אראפּגעלאזן זיין שווערע האנט אויף מיין פּלייצע (מ'דארף ניט פארגעסן אז ער איז געוועז א קאפּיטאן און איך — א פשוטער מאטראס). ער האט ארויסגענומען פון קעשענע פייער און פארוויכערט זיין ליולקע, וועלכע ער פלעגט קיינמאל ניט ארויסלאזן פון זיין מויל. — „אויסגעצייכנט! ווי מיר קומען אין ארכאנגעלסק, אזוי דעפּעשיר איך צו מיין אלטע, זי זאל גלייך קומען אהער מיט א פּאסט-שיף מיר גייען אוועק צו אייער פּאסטאר און מיר מאכן א חתונה, אז ס'וועט בליצן!! דו יודיני וועסט בלייבן אויפן בארג מיט מיין זקנה און איך מיט מיכאעלן וועלן שפּאצירן איבערן ים. געלט, קינדערלאך, וועט אייך ניט פעלן. כ'פארמאג אביסל". — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר זיינען געקומען אין ארכאנגעלסק.

— „יודיני, אפשר האסטו א ביינגעלע פאפיר; איך וויל מיין ברודערל אין סמאלענסק א בריוועלע שיקן. א רחמנות אויף אים: ער ביינקט נאך מיר".

— „יע, כ'האב... דו ווייסט מיכאעל... נו, גארנישט. גארנישט". —

אין בריף-קאסטן האב איך אריינגעווארפן צוויי בריף. איין בריף מיינער, דער צווייטער — יודינים...

אין פיר טעג ארום קריגט זי א טעלעגראמע פון איר שטעטל:

„דיין מוטער א האלב יאר טויט. פאטער געפערליך קראנק. קום אהיים קוזין שמואל” — — —

איך בין מיט איר מיטגעפארן אין ליטע. אונזער קאפיטאן האבן מיר געזאגט, אז צייט פינף טעג זיינען מיר צוריק. מיר האבן טאקע אזוי געטראכט.

ווען מיר זיינען געקומען, האט איר פאטער נאך געלעבט. דערזע-הענדיג איר האט ער שרעקליך פיל געוויינט. יהודית האט אים אויך איצט שטארק ליב געהאט און וואס ער פלעגט נאר הייסן פלעגט זי פאלגן: זי האט אנגעטאן א בלוזע מיט א שטייענדן קראגן, ארבל לאנגע ביז די פינגער, א לאנגע קלייד ביז די פיאטעס... ווענן בארוועס גיין און פאנאנדערגעלאזן די האר איז קיין שום רייד שוין נים געווען.

— מיכאעל! מיכעלע... דו ווייסט איך ווער דא דערשטיקט. כ׳קען נים אטעמען, מיר איז איינג, מיר איז שווער, מיר איז הייס, אבער... מיין פאטער האב איך צופיל ליב, איצט איז ער דאך אינגאנצן עלנט, עלנט...

— דו ווייסט: איך פיל, אז מיינע טעג זיינען געציילטע, אויב איך בין נים אויפן ים — ווייס איך, אז איך שטארב.

נאר גארנישט.

— דו מיינסט, אז איך שרעק מיך פארן טויט? ניין! נאר כ׳האב מורא, אז ליגענדיג אין דער ערד אפילו, וועל איך דארטן זיך אויך שטיקן.

— „א, אז מיין קבר וואלט קענען זיין ערגיץ אויף א הויכן גלעטשער אדער אין דעם ברייטן ים”...

כ׳האב פרובירט ריידן, טרייסטן, לאכן אפילו — ס׳האט גארנישט געהאלפן.

ס׳איז געשטארבן איר פאטער. אין א קורצע צייט ארום אויך יודיני. אירע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „דעם ווען כ׳האב מיין לעבן גע-שאנקען, דעם שיינק איך מיין יונגן טויט”... און ווייס: כ׳וועל דיר נים לאזן, מיכאעל, זאלסט א צווייטער ליבן, פארשטייסט?”... — — —

אירע אויגן האבן זיך פארמאכט. אויף א שטול איז געהאנגען די בלוזע מיטן הויכן קראגן און לאנגע ארבל.

קאוונע, 1921.

## ק. זינגמאן / פון בוך „ביים וועלטן־צאפל"

### אין דער הונגעריקער שטאט.

.I

כ'האב מיך אויפגעכאפט פארטאג,
ווער שלאפן קען די נאכט?
ס'האט עמיץ מיוולִיש מיך געוואונקן,
ס'האט עמיץ בייזוויליג געלאכט —
דו שלאפסט?
ביין, דו וועסט ניט שלאפן,
דו ביזט אין מיינע נעגל איינגעשטעקט...
דו הערסט א וואיען אויפן גאס? —
זיי האב איך לאנג שוין אויפגעוועקט!
דיין חבר הונט ער וויינט פון האלבער נאכט
ער בייסט און גריזשעט ביין א שטיין.
פארשלאפענער, שטיי אויף
און קום אין גאס,
ניט לאז דיין טרייען פריינט אליין!

— — — — — — — — —

כ'בין אוף... שטאק-פינסטער איז די נאכט,
איך טאפ די פינסטערניש...
און נעם ארום — א חלל... טויט... שטום...
איך בין
ווי עמיץ וואלט די אויגן מיינע
אויסגעשטאכן...
— איך וויל די הענט אפוואשן —
קיין וואסער איז נישטא!
— איך וויל מיין לעמפל צינדן —
נישטא קיין נאפט!
און כ'זע און פיל, ווי שטיל, מוראדיק שטיל
דער ביינערדיקער גייט דא אום;
און כ'הער זיין שטים און פיל זיין קראפט,
און ס'רעדט דער ביינערדיקער
שטיל, פארגאפט:
— „דו ביזט אין מיינע הענט,
עס שלאגט דיין לעצטע שעה"!...

.II

פארטויט און פארדעגנט די אספאלט טראטוארן,
די נאכט אין איר זינדבעט, זי שלאפט נאך, זי פעפט;

וואו הימל, וואו מויער, וואו קנעכט און וואו הארן?
איך גיי מיט דער חושכנים — מיט נאכט זיך באהעפט...
איך גיי:
פאראויס און פון הינטן
ווי דער יאסער פון ווינטן,
הער איך זיפצן, קרעכצן —
„אדיע, זייט געזונט״!...
עס זאגן איצט ווידוי:
א מענש און א הונט...

.III

און ווידער שטיל... איך בלאנדזשע ווייטער...
עמיץ ציט מיך, עמיץ רופט —
איך הער: כא-כא-כא...
דער בײנערדיקער, מיט אויסגעקרימטע ליפן
לאכט...
און ווייזט מיך מיט זיין פינגער
ווי א ספינקס
אויף רעכטס און לינקס —
קוימענס פארקרימטע,
פאבריקן פארמאכטע,
פעלדער ניט געזייטע
נעפטן אויסגעטייטע...
און פאזע פארקאנעט
אין הינטער-געסלאך, אמאל באלעבאטע,
בלאנדזשען שאטנס אומעט:
אלטע, יונגע, קליינע קינדער,
מיט א שעפטשען אף די ליפן:
נישטא קיין ברויט!
נישטא קיין ברויט!
אויף פעלד און וואלד
אין דארף און שטאט,
איז שארף זיין שפרייז
איז פעסט זיין טראט,
און וואו ער קומט — צעזייט ער זאמען
און וואו ער קומט — איז אפן אלע בראמען —
ער קאסעט רעכטס, ער קאסעט — לינקס,
דער בײנערדיקער אלטער ספינקס...
ער רויבט דעם טאג, ער טויט די נאכט —
— — — — — — — — — — — — —
עס האט דער הונגער-מלך אויפגעוואכט.

קארקאוו 1920.

# ראזא גוטמאן / לידער

* *
*

איך טונק איין מיין לאנגע פינדזל
אין א פולן רעגנבויגן
וואס מיר ווילט זיך, ווי מיר ווילט זיך
קען איך מאלן מיט די אויגן.

איך באפארב וואס מיר פארגלוסט זיך:
טענער, ווערטער, הויכן, ווינטלעך.
קלארע, ציטערדיקע לופטלעך
טו איך אן אין פארבן-פינטלעך.

כ׳מיש די פארבן, כ׳בייט די פארבן
פלינק און לייכט ווי א מכשף.
ווייסע נעגער, ראזע חימלען —
כ׳בין זיך גארנישט לאנג מישב.

מיינע וועלטן זיינען פארביק,
ווי א פולער רעגנבויגן,
וואס מיר ווילט זיך, ווי מיר ווילט זיך
קאן איך מאלן מיט די אויגן.

## גאסן

.I

די גאס, די כרומיקע, האט מיך אהיים באגלייט.
כ׳איז שמאל מיין קעמערל און איינג.
עס מעסט מיין טריט זיין לייגנ
און ברייט
מיט האס.
עס מאכט מיין טריט א קרומען פאס
און האקט זיך אפ וואו אין אנ׳עק
און ווערט פארגליווערט אפן פלעק.

עס האט מיין טריט דער גאס מיין יונגן היינט געשיינקט,
מיין יונגן היינט
צוכרעקלט שפילנדיק, צווייט אין ווינט
און ביינקט אצינד,
און ביינקט — — —
עס האט מיין טריט דער גאס מיין יונגן היינט געשיינקט,
מיין יונגן היינט.
דאס לעצטע ברעקעלע ווערט שאטנבלאס,

דאס לעצטע ברעקעלע ווערט שוין פארשוווינקט
פון ערשטן פאס
פון בין השמשות פון דער נאס.

די גאס, די ברומיקע, האט מיך אחיים באגלייט
מיט בייזער פרייד.
זי האט מיך אפגענארט און לאכט פון מיר,
און שעפטשעט הניפה-רייד מיר שטילערהייט,
און לויערט ווידער ביי מיין טיר.

## .II

כ׳וועל זיך לאזן איבער שטילע גאסן
בלאנדזשען
ביז פון מזרח פון דעם בלאסן
וועלן פאלן שטראלן-פראנדזן.
אין דער פייכטער שווארצקייט וועל איך שפרייזן — — —
נאר לאמטערנעס
וועלן הערן עס — — —
וועל איך עפעס נישט באווייזן?
אין דער פייכטער שווארצקייט ביז באגינען
וועל איך זוכן, טאפן מיטן שטעקל:
אפשר וועל איך ערגעץ טעג געפינען,
טעג, צושאטענע פון לעבערדיקן זעקל.
כ׳וועל די שטילקייט, פון מיין טריט פארפלעקטע,
רייניע שטילקייט, בעטן מיר צו ווייזן,
וואו צו זוכן טעג מיט טינט פון צייט פארמעקטע,
טעג — ווי גרייזן.
ס׳וועט מיין שווארץ דאס שווארץ פון נאכט צושפאלטן
און עס שטרייפן און צורייסן ביז באגינען.
נאר לאמטערנעס
וועלן הערן עס
און דעם סוד פאר זיך באהאלטן
ביז דאס געלע ליכטל וועט צורינען.

## ווינט

ס׳האט דער ווינט
בייזע הינט, —
רייצט ער אן זיי אף מיין טיר,
קריכן זיי מיט אלע פיר,
רייסן, בייסן איר.
העצט ער אן זיי אף מיין פענסטער. —

**ווארפן זיי אין איס א שמאמע,**
**קוקט מיין פענסטער תמעוואטע —**
**גענעצט ער.**
**הוליעט ווינט**
**מיט זיינע חינט —**
מיינט, — אז וואס ער וויל דאס מעג ער.
כ'ליג און לאך אף מיין געלעגער.
בילט אין דרויסן!
זייט איר אויסן
מיך צו שרעקן מיטן הו?
כ'שפרינג אראפ —
אפן ס'פענסטער — ווינקט מיין קאפ —
נו! —
כ'ליג און לאך אף מיין געלעגער.
ס'איז אין מיר אזוי פיל רו,
לויטער רו.

## נ א כ ט

נאכט, נאכט, —
ווער האט דיינע שווארצבלויע פליגלען צושאסן מיט שטערן?
אין א שפיל צי אין שלאכט?
האט שוין עמיץ אמאל דיך באזיגט און פאראכט?
— — —
נאכט,
קום ארויס, קום ארויס!
כ'רוף דיך אויס:
העי, — קום, לאמיר זיך ביידע פארהערן!
כ'האב דיך פיינט —
ווייל דו מאכסט פאר א נעכטן דעם שוימיקן היינט,
ווייל דו טראגסט אין דיין קערן
פארבארגן
א סם פארן מארגן.
כ'האב דיך פיינט!
כ'רוף דיך אויס:
קום ארויס, קום ארויס!
העי, — קום, לאמיר זיך ביידע פארהערן! —
איך וועל אנצינדן ליכט, איך וועל אנצינדן פאקלען,
כ'וועל זי אנשמידן פעסט, ס'וועט זיך קיינער נישט וואקלען,
איך וועל ברענגען דיין לייב, כ'וועל צושמעלצן דיין מאכט!
נאכט, —
נאכט, ביזט פארפאלן,

כ׳בין פאַרייִנס מיט די מאָרגיקע שטראַלן!
— — — — — — — — — — —
כ׳בין אַ שטראַל פון די בראַנזענע מאָרגיקע שטראַלן.
ס׳בליט מיין לעבן אַרויס
פון דעם זוניקסטן שויס,
ס׳קוועלט מיין יונגנט אַרויס
פון די זודיקסטע קוואַלן.
כ׳בין מיט לוסט איבערפילט,
נישט געזעטיגט, געשטילט,
זוך איך אָפּרו אין שלאַכט
מיט די כוחות פון נאַכט.
נאַכט! —
נאַכט, ביזט פאַרפאַלן,
כ׳בין אַ שטראַל פון די בראַנזענע מאָרגיקע שטראַלן!

## סאָנעט

בין-השמשות — שאָ אין אויער,
בין-השמשות — שלייער-בליקן,
שאָטן — רופן, שאָטן — שיקן,
טריפן — טראָפּנס, טראָפּנס-טרויער.

בין-השמשות — גרוי און גרויער.
פלעקן שלייפן, העל — פאַרשטיקן,
שטערן-קרעלן — נעצן שטריקן
בין-השמשות — גרוי און גרויער.

אָוונט שפּרייט זיך — — שוואַרצע שוואַנען
שווימען אָן — ווער ווייס פון וואַנען,
שטרעקן אויס די שלאַנקע פליגלען,

אָוונט, אָוונט — — ברייט און ברייטער,
הינטער שטומע שטיבער שטייט ער,
קושט זיך שטיל אין שויבן-שפּיגלען.

## פון ציקל: „לידעלאַך פאַר דיר״.

א.

אין דער בלויקייט בליען בלומען בלאַסע,
ליבסטער, בלייב,
ס׳איז נישט נעפּל, ס׳זיינען נעצן נאַסע,
וואָס עס וועבט דעם ווינט-זיין וואַסער-ווייב.
ליבסטער, בלייב,
אין דער בלויקייט בליען בלומען בלאַסע —
קלייב.

ב.

טונק זיי איין אין מיינע האר —
דיינע פינגער.
מיינע האר —
לייכט באגולטע לאקן-צינגער —
לעקן, לאשטשען פלינקע פינגער,
מיינע האר —
שלאנגען-שלינגער —
ווילן — שלינגען איינעם גאר,
שלאנקע פינגער.
פילסט, ווי לייכט — דאס פלאטער-פלאר? —
גרינג און גרינגער.
טונק זיי איין אין מיינע האר —
דיינע פינגער.

ג.

זאג מיר עפּעס —
סתם אזוי.
זעסט — איך ליג זיך
און איך וויג זיך
סתם אזוי —
כ'קוק: ווי זיינען דיינע אויגן: ברוין צי גרוי.
איך וועל שווייגן — זאג מיר עפּעס —
סתם אזוי.

קאוונע 1921.

## פסח מארקוס / שלמה'קע

קאפּיטלען פון א גרעסערער זאך.

### א. דער טאטע מיטן זון.

אין דער אידישער גאס אן אזייט, הינטער דער אלטער אפּגעברענטער שול, מיטן הויכ'ן נאקעטן שפּיץ, וואו ס'וואוינען קראהען, און אבאטשאן פערליינגט זיין נעסט — געפינט זיך דער טאל, וואס רופט זיך „בענצעס געסל". די מענשן פון טאל געהערן אלע צו דער „פאמיליע", וואס באשטייט פון פערד-הענדלער, קצבים, קאראבעלניקעס, דארפס-שניידער. אין טאל געפינען זיך אויך עטליכע זיידענע יונגע-לייטלעך, וואס האבן חתונה געהאט מיט מיידלאך פון טאל. ער האט זיך זיין אייגענעם „מנין" און לעבט אפּגעזונדערט פון שטעטל.

די „פאמיליע" לעבט צווישן זיך בשלום, און אלע האבן דרך-ארץ פאר

טאטן מיטן זון, וואס וואוינען אין דער יחוס׳דיגער ברייטער שטוב. דער טאטע האנדעלט מיט תבואה, האט אייגענע פעלד, און שארט זיך ארום פריצים, וואס וואוינען ארום שטעטל, אהן אים קויפט קיין פריץ קיין זאך נית, און דאסגלייכן אויך מיטן פארקויפן. וואו נאר אריר — איז בענצע.

דער זון האנדלט מיט פערד. ער קויפט זיי אויף אין טיף רוסלאנד און פארקויפט זיי די גראבבייכיגע האלענדער, וואס לאזן זיך אהער אראפ.

דער טאטע מיטן זון לעבן צווישן זיך נית בשלום; זיי קריגען זיך קיינמאל ניט, נאר זיי זיינען צוויי מענשען, מיט באזונדערע פסיכאלאגיעס; צוויי וועלטן,... דער זון איז בטבע א מענש, וואס האט פיינט די רייסע־רייען מיט דעם פלפל׳ען זיך, מיידט אויס דעם טאטן, אינטערעסירט זיך ווייניג וואס מיט אים, וויל נית וויסן פון זיינע „עסקים” און פון זיינע „פריצים”. דער היפוך איז דער טאטע: ער אינטערעסירט זיך שטארק מיטן זון און פוילט זיך נית אים נאכצושפירן, אויסנוצענדיג יעדע געלעגענהייט, אים מבטל צו מאכן פאר די לייט פון טאל.

— א ווילדע חיה! ס׳וועט פון אים גאר נישט זיין, אנ׳אקס! דאס איז כמעט דער תמיד׳גער שפרוך וואס בענצע זאגט ארויס וועגן זון, נאר דאס העלפט ווייניג, די יונגע חברה און אפילו די עלטערע ווייסען, אז שלמה׳קה איז א יונג מיט ביינער, מען קען זיך אויף אים פארלאזן.

אמאל פלעגט זיך בענצע נית באנוגענען מיט׳ן מבטל זיין אליין און אים אין די אויגן צוזידלען פאר די לייט פון „טאל”, און ער פלעגט עס טאן דוקא ווען אסך מענשען זיינען דא, צוטשעפענדיג זיך צו יעדער נארישקייט, דא פארוואס שלמה׳קע האט אונטערגעהאקט א שגין די פיס, דא פארוואס ער, פון העלער הויט פאר א שלעכט ווארט, איז ארייגעפארן א פויער אין מארדע און אים — באדמ׳ט... שלמה׳קע פלעגט אים קיינמאל נית ענטפערן, נאר אונטערשמייכלען, ארויסווייזענדיג זיינע געזונטע ווייסע ציינער, ווי עמיין פון בענצעס געסל וואלט א שיינע געשיכטע דערציילט, און אנטערפייפענדיג עפעס א גויעשן-לידל פלעגט ער זיך אוועקגעהן מיט א חברה יונגען, ווי נית אים מיינט מען דאס — אין שטאל. דער אלטער פלעגט זיך נאך מער קאכן און פילדערן... מיט דעריין פלעגט זיך ענדיגן — ביז ס׳האט זיך איינמאל אפגעשפילט א שארפע סצענע.

עס איז געווען א ווייסער ווינטער - טאג, דער ערשטער שניי איז געפאלן אין שטעטל, און איר פארבעט. מיט א ווייכער פוכאווער פערענע, די זון האט זיך פריער ווי תמיד באוויזן, און פאסענווייז זיך צולייגט איבערן קלאר ווייסן שניי. און געדוכט האט זיך, אז תמיד וועט ליגן דער ווייסער שניי, וואס טרעט זיך אזוי ווייך אונטער די פיס. יעדערער איז זיך געפארן מיט זיין שליטל אפן מארק, וואו ס׳האבן געווארט די שטעטל׳דיגע יידן, ווער אויף האלץ, ווער אויף היי, שטרוי פאר די בהמות, וועלכע זיינען

שוין געשטאנען עטליכע טעג ניט „געבעט". דער שטענדיג רוהיגער מארק האט פארלארן זיין רוהינקיים. ער איז אנגעפילט געווארן מיט טומעל און געשריי.

מיט אמאל האבן אלע מארק-לייט באמערקט אפאר וואונדער-שווארצע סאמעטיגע פערד, וואס האכן זיך ווי אפאר אדלערס דורכגעטראגן דורכ'ן מארק, און זיך אפגעשטעלט לעבען בערקע „זשמאגוסעס" שיינק. אין שליטל איז ברייטליך געזעסן שלמה'קע אין זיין ווינטערדיגן לעדערנעם קאסטיום, און אין זיין הויכן ווייסע קראקולענעם היטעל, מיט איינעם פון זיינע חברים. די פויערים האבן אוועקגעווארפן די שליטעלעך, איבערלאזנדיג די פויערטעס זוי היטן, און אליין אוועקגעלאפן באטראכטן שלמה'קעס שווארץ-סאמעטענע סוסים מיט די שמאל געטאקטע קעפ, מיט די לאנגע געקנייטשטע העלזער, מיט זייערע געקרויזטע גריוועס, וואס זיינען גדלות'דיג אויף די העלזער געפאלן ווי ביי לייבן...

שלמה'קע איז געשטאנען שטאלץ, גלעטענדיג די פערד, ריידענדיג ווי אצירק-מענש אויף דער ארענע, — אט אזעלכע פערד קריגט מען ניט ביי אונז ליטע, — און געזאגט מוסר די פויערים, וואס ווייסן ניט ווי צו האדעוען פערד. די פויערים האבן פארוואונדערט געשאקעלט מיט די קעפ, און מיט „דרך-ארץ" געקוקט אויף שלמה'קען.

צווישן עולם איז אויך געווען סימאנאיטיס'עס טאכטער יאנא, וועלכע שלמה'קע קען שוין פון לאנג, און וועלכע מאטערט אים תמיד מיט איר ווינקען, און האט אים ווי פארמאטערט מיט איר ליבליכן שמייכעל. זי איז עפעס ניט ווי אלע שיקסעס. אמאל לאזט זי זיך אויך אקוש טאן אבער איינעם און ניט מער. אבער דאס צורייצט אים שטארק. ער מיידט איר בכיון אויס, אבער וואוהין ער זאל ניט גיין, אומעטום טרעפט ער איר, — א טייוול, ניט קיין מענש!

און אויך איצט איז זי געשטאנען צווישן עולם שטאלץ און פריי ווי שלמה'קעס שווארצע „לייבן". אנגעטאן איז זי געווען איינפאך, אין א ברייט פאלבענע קלייד, אירע בלאנדע האר האבן זיך אין אומארדנונג צעווארפן איבערן שטערן, שלמה'קע האט זיך מיט איר בליק ניט געוואלט טרע און האט זיך דערפאר אפגעקערט אן א זייט.

— אויפ'ן דארף... אזוי פרייליך... טאנצן... און טאנצן, — האט אים עמיץ געשושקעט אין אויער, און אז שלמה'קע האט זיך אומגעקערט, איז שוין קיינער ניט געווען, און זי איז ווי ניט איר מיינט מען דאס, געשטאנען צווישן עולם און נצחונ'דיג געקוקט אויף אים.

— א שד! — האט שלמה'קע געבורטשעט. זי שפילט מיט מיר אשדים-שפיל, — און אליין ניט פילנדיג ווי אזוי, איז ער צו איר צוגעלאפן און צודריקענדיג איר פעסט, פעסט, האט ער זיך אריינגעגעסן אין אירע רויט בלוטיגע באקן...

זי האט זיך צום אנהויב געצאפעלט ווי אפישל, נאר נאכדעם איז זי געלעגן ווי אומבעהאלפן צווישן שלמה'קעס ארעמס. אלע האבן געפאטשט בראווא", נאר שלמה'קע האט קיין זאך ניט געהערט און אים איז קיין זאך ניט אנגעגאנגען. ער האט נאר געפילט אז ער האלט אין זיינע הענט אזא מין זאך, וואס מאטערט אים, און גיט אים קיין מנוחה ניט, און אז מען טאר עס ניט אפלאזן און מ'דארף — — — — — — — — — — — —
ער האט איר אוועקגעטאן אין שליטל אריין און גענומען טרייבן האסטיג די פערד.

פון צווישן עולם איז ווי אויסגעוואקסן „בענצע" און האט אנגעהאלטן די פערד ניט לאזנדיג זיי פארן ווייטער. שלמה'קע האט אומ'ברחמנות'דיג געשמיסן די פערד, זיי האבן זיך געהויבן אויף די הינטערשטע פיס, נאר ניט פון ארט — בענצע האט זיי געהאלטן פעסט, אלע האבן געלאכט... סימאנאיטישעס טאכטער איז שוין אויפן שלימן ניט געווען, און ווי פריער געשטאנען צווישן עולם. און מיט נצחון געהירזשעט. שלמה'קע איז גע-ווארן איפגערעגט, און האט דעם טאטן געזאגט דאס, וואס ער האט שוין לאנג געטראכט אים צו זאגן... אז ער איז גאר ניט אזא זייד... און ער וויס... אפן שטאל-בוידעם... איינמאל א שבת באטאג, מיט דער גראבער... ביי בענצען האט א ציטער געטאן די מארדע, און צווישן די גרויסע וואנסעס האט מען געקענט באמערקן, ווי די ליפן האבן זיך קריינקליך געקרימט, שלמה'קען האט פארדראסן די גאנצע געשיכטע... בענצע האט אוועקגעלאזן די פערד, און זיך אוועקגערוקט א היים... און באנוגנט זיך, וואס ער איז אים מבטל אונטער די אויגן. שלמה'קע געכטיגט שוין זעלטן ווען אין שטוב, ס'רוב מיט די יונגען פון טאל אויפ'ן שטאל-בוידעם, און עסט ביי בערקע „זשמאגעס" אין שיינק.

און אין שיינק פאר די יונגען האט ער איין מאל דערציילט, אז אים פארדריסט די גאנצע מעשה... און אז, די אויגן זאלן אים ארויס, אויב ער וועט סימאנאיטישעס טאכטער אפילו א קוק טאן, און דורך א יונג איר געשיקט זאגן, אז ער וועט איר די אויגן אונטערהאקן אויב זי וועט זיך ארום אים דרייען... און געהייסן צוגעבן: אז שלמה'קע זאגט איז געזאגט...
מ'דארף וויסן און געדיינקען ווער מ'איז — — — — — — — — — — — — —
פון דאמאלסט אן איז שלמה'קע איז גאר אנ'אנדער מענש געווארן — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## ב. נאך דער חתונה.

שלמה'קע האט אנגענומען גיין צו אפט אין דער אידישער גאס, — אין „טאל" האט מען גענומען ריידן אז שלמה'קע האט עפעס א ליבע מיט דבורה'לע דעם סופר'ס טאכטער, און בקרוב וועט זיין א חתונה. די מיידלאך פון טאל האבן שטארק מקנא געווען די לאנגע בריאה מיט די שווארצע צעפ, וואס קריגט אזא ברויט געבער.

די חתונה איז געווען אזא, אז זינט דער טאל שטייט איז נאך אזעלכעס ניט געווען — — — דריי מעת לעת האט מען געהוליעט, יארן לאנג וועט דער „טאל" האבן צו דערציילן פון שלמה'קעס חתונה. — — — — אין דער חתונה וואך באגינען, דבורה'לע איז נאך געשלאפן, און אלע מענשן פון דער גרויסער שטוב האבן גערעדט אף שטיל, מער געוואונקען ווי גערעדט. איז לעבן שטוב געשטאנען בענצעס בריטשקע איינגעשפאנט אין שלמה'קעס א פאר בולאנעס. דאס איז געפארן דער טאטע מיט'ן זון צום גריקאפאלער פריץ. בענצע איז צוגעשטאנען צו שלמה'קען ער זאל מיט אים פארן צום פריץ, דער פריץ דארף האבן אפאר סוסים און מען קען פארדינען א מטבע...

שלמה'קע האט פיינט צו האנדלען מיט זיין טאטענס פריצים. ער האט ליב בעסער צו האנדלען מיט א מענשן פון זיין גלייכן „מיט א סוחר", ער האט פיינט די „צאצקעריי" ארומטאנצעניש ארום פריץ, און דאס לעקן זיך צו אים, נאר ער פאלגט, ער פארט... אים איז היינט אזוי גוט... אזוי גוט... אז ער קען זיך ניט באהערשן און זאגן אויף עפעס „ניין", אלין וואלט מען דוכט זיך, ביי אים געקענט פועל'ן! דבורה'לע!.. דבורה'לע! ווייטער ווייס ער גאר ניט... און פילט גאר ניט. ווי ער זעצט זיך אנידער אויפ'ן בריטשקע און ווי די פערד גיבן זיך ארים פון ארט, ער הערט נאר עפעס, ווי א ווייטע פארכישופענדיגע מוזיק — אין זיינע מחשבות האט ער ניט באמערקט, ווי די פערד האבן זיך דורכגעטראגן דורכ'ן מארק, באלד דורך דער גויעשער גאס, און אט זיינען זיי שוין צווישן די קארן... און פון דארט אויפ'ן שמאלען וועגעלע, וואס פירט צום גריקאפאלער הויף...

בענצע איז אויך געזעסן פארטיפט אין זיינע מחשבות. אים בענצן איז דער שידוך געווען ניט גאר צום הארצן, און האט אסך פון דעריין געטראכט:

— אמת, אפילו א יחסנ'טע, אבער אן א גראשן געלט. א בלאסער פנימ'ל מיט א אמאגערן גופל, וואס פאסט בעסער אין א פריצישן-פאקאי ביים קלאוויר און ניט אין א בעל-הבתישקייט, ער וואלט בעסער געוואלט פאר שלמה'קען אמיידל פון דער פאמיליע, גרשון דעם קצב'ס מיידל, א דעמבע, א קאזאק. — נאר ווער קען עס שלמה'קען איבערשפארן? — ברעכט ער דעם געניק! ער ווארפט א בליק אף שלמה'קען, ער זיצט פארחלומט, ער קוקט אים נאך א מאל גוט אן, גיט א ווארף א בליק אף די קארן-בייטן וואס פארשווינדן איינער נאכן אנדערן. אים האט זיך אליין ניט געגלויבט, אז שלמה'קע זאל פארן מיט אים צו א פריץ, ער האט עס גע-זאגט אויף א שפאס, און שלמה'קע האט אויף אנ'אמת איינגעשטימט... ער דערמאנט זיך, ווי וועלענדיג צושארן שלמה'קען צו פריצים, ווייזן אים, ווי מ'דארף ריידן צו א פריץ, ווי מ'פארדינט א רובל ביי א פריץ, האט ער אים איינמאל אריינגענארט, זאגענדיג אז עס איז דא צו קויפן אפאר פערד, האט אים פון הינטען ארום פארפירט אין הויף. ער האט אבער פאר דעם געהאט א מפלה — פאר קיין געלט האט שלמה'קע ניט געוואלט אויס-טאן די „טשאפורע" כאטש האק אים די קאפ אראפ.

— ביי אונז נעמט „ער" אויך ניט אראפ די הוט, — האט שלמה׳קע געבורטשעט, — „ווי לאנג לעבט ער ניט, ווי איך טו די היטל ניט אויס". און האט זיך פארהאקט ווי א האנאראוויסטער פערד אויף א גרויסן בארג, און אוועקגעזעצט זיך אויף א שטול, ווי ביים טאטן אין סטאדאלע און פריי, מיט נצחון געשמייכעלט, ווי ער וואלט געזעסן צווישן די יונגען פון „טאל".

— פון דענסטמאל אן נעמט שוין בענצע אים ניט מיט, — א ווילדע חיה, ס׳וועט פון אים גאר ניט זיין — איצט נאך דער חתונה וועט ער אפשר ווערן מער מענש.

און אז די פערד זיינען געבליבן שטיין נעבן „פאקאי", האט בענצע אוהאונק געטאן צו שלמה׳קען, ער זאל אראפגיין, און אויפן וועג נאך באוויזן זאגן, ער זאל אראפנעמען די היטל, און זיך סתם וויסן ווי צו באגיין זיך.

שלמה׳קע איז אים נאכגעגאנגען שטיל, פארחלומ׳ט, ווי א הונט נאכ׳ן בעל-הבית. און ניט געעקשנט אראפ צונעמען די היטל און געקושט ביים אפּ-פארן, אזוי ווי דער טאטע, דעם פריץ מיט דער פריצטע אין האנט. . ן. בענצע האט דאס נאכדעם פאר אלעמען דערציילט מיט צופרידענהייט. מ׳האט אבער, ניט גלויבענדיג, געשאקלט מיט די קעפ. — — — — — — —

## ג. א „ח ג ע".

ס׳איז געווען א גרויסע „חגע", די קרעמער פון שטעטל האב זיך שוין מיט וואכן פריער געגרייט צו דעם טאג, אף וועלכן ס׳קומען כמעט אלע גוים וואס וואוינען ארום, אפילו פון אזוינע דערפער וואס געהערן צו א צווייטער פאראפיע.

פון יעדער גאס האבן זיך געשאטן מחנותוויז פויערים מיט פויערטעס, שקצים מיט שיקשעס, יעדער דארף מיט זיין באזונדערן פארב און וואוקס. דער גרויסער קלויסטער גלאק האט אן אויפהער געקלונגען: בים-באם. א אומעט האט עס געווארפן אף די אידן פון שטעטל, א אומעט, וואס זיי האבן אליין ניט געוואוסט פאר ווען און פאר וואס, א אומעט, וואס הזרט זיך איבער שוין יארן לאנג... און יעדער שפירט דאס אינסטינקטיוו...

די מחנות האבן זיך געצויגן גלייך, אין דער גויעשער גאס, שטאלץ און פריי, ווי ביי זיך אין דארף... עפעס וואס איז געשען... דער גאנצער המון, וואס האט זיך געצויגן גלייך ווי א סטרונע, האט זיך ווי פארשכורט אהיג געטאן, צוטיילנדיג זיך אף צוויי זייטן. די אלטע זיינען געפאלן אף די קני און זייערע ליפן האבן געמורמלט עפעס א תפילה. ״די אידן האבן גענומען צושראקענע פארמאכן די קראמען — — — — — — — — —

באלד איז אבער קלאר געווארן די זאך... באקאנטע פויערים האבן גענומען לאבן פון די וואס האבן זיך דערשראקן: — דאס זיינען פריצים

זוי משתּעים מיט שטורם אַף ליאַרם דורכגעפאָרן מיט זייערע קאַרעטעס, געשפּאַנט אין ווילדע פערד „שפּיץ נאָ שפּיץ" און אויפגעהויבן אַ שטויב עד לשמים, צושרעקענדיג די פוּיערשע פערד אַפן מאַרק וואָס האָבן זיך „דיבאַם" געשטעלט. די פוּיערים זיינען די ערשטע רייע אויך צושראָקן גע-וואָרן. באַלד זיינען זיי צו זיך געקומען, און גרויס און קליין האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך די פּריצישע בריטשקעס, וואָס זיינען אַריינגעפאָרן אין „טאַל" און שטיין געבליבן לעבן בענצעס הויז...

זיי זיינען עס געפאָרן אַף אַ באַל ביים קראַסנער פּריץ. פאַראיינס-ווענן האָבן זיי געוואָלט אַריינקוקן ביי בענצן אין שטאַל...

די בריטשקעס האָבן זיך צושטעלט אַרום בענצעס שטוב... בענצע איז אַרויס, האָט זיך געשטעלט אויפ'ן בריקל, און מקבל פּנים געווען די געסט. שלמה'קע איז געשטאַנען צהישן אַ מחנה גוים און זיך געוויצלט...

בענצע איז צו אים צו און געהייסן אַרויספירן אַ פּאָר פערד פאַר די פּריצים.

— ווידער מיט דיינע פּריצים, — האָט שלמה'קע געברוגז'ט זיך... כ'וועל זיי קיין פערד ניט פאַרקויפן.

בענצע איז אַליין אַוועק אין שטאַל און האָט אַרויסגעפירט אַ פּאָר קאַשטאַנעס. די פּריצים זיינען אַרום באַטראַכטן די פערד. די גוים האָבן געמאַכט אַוועג. איינג פון „טאַל" האָט זיי דורכגעפירט... שלמה'קע איז געשטאַנען אַן אַ זייט און געקוקט אויף די „ליאַלעס" און אויף זייער גלייבן זיכערן טראָט... באַלד האָט ער צוגענומען ביים טאַטן דעם בייטש און גענומען מיט זיי נאָך אַמאָל דורכלויפן, קנאַקנדיג אַהין און אַהער מיטן בייטש. די פערד האָבן אויסגעצויגן זייערע לאַנגע העלזער און האָבן זיך גענומען טראָגן ווי שווימענדיג און שלמה'קע האָט אָן אויפהער מיט'ן בייטש געקנאַקט און געקנאַקט, רייד'נדיג צו זיך אַליין:

— אַט פערד, אַט אַפּאָר ליאַלעס!

ער האָט ניט באַמערקט ווי דבורה'לע איז געשטאַנען אין פענסטער די קאָפּ פאַרקעמט, מיט די פּאָר לאַנגע צעפּ, און נחת'דיג געקוקט אַף אים, ווי ער שטייט שטאָלץ און דער בייטש קנאַלט אַזוי... קנאַלט און קנאַלט...

די פּריצים האָבן איר דערזען, זיך שעלמיש איינער מיט'ן צווייטן איבערגעוואונקען, און געפרעגט ביי בענצן: — ווער איז די „זשידאָוועטשקע"?...

דבורה'לע איז פאַרשעמט אַנטלאָפן פון פענסטער. דער עולם האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער...

שלמה'קע האָט עס ניט באַמערקט. זייענדיג פאַרטאָן מיט די פערד, נאָר אַ יונג פון „טאַל" האָט עס אים איבערגעגעבן. ער איז אויסער זיך געוואָרן, און האָט געוואָרפן אַ כעס'דיגן בליק אַפ'ן טאַטן:

— ווארט! איך וועל זיי שוין פארקויפן פערד!...

און אז די פריצים האבן זיך אומגעקערט, זיינען שוין די פערד ניט געווען. א יונג האט אף שלמה'קעס באפעל זיי אוועק געפירט צוריק אין שטאל אריין. און שלמה'קע איז ווי פריער געשטאנען צווישן די פויערים און זיך געוויצלט...

בענצע האט געפילדערט, געשריען:

— ניט אזוי באגייט מען זיך מיט פריצים. די פריצים גופא האבן זיך שטארק באליידיגט און געקוקט מיט כעס אפן „זשידעק" וואס האט גע-האט די העזה אוועקצופירן די פערד, ניט פרעגנדיג צו־זיי ווען קויפן.

בענצע האט פארשטאנען, און עס גלייך פארגלעט מיט א חניפה'דיגן וויץ, געמאכט פון דער זאך צו גארניט.— נישקשה, בענצע ווייס זיך ווי צו באגיין מיט פריצים,— ער האט פאר זיי בעסערע פערד— און אז די פריצים האבן זיך צוזעצט אין די ברימשקעס, האט זיך בענצע ארייננגעזעצט אין מאצקונער פריץ'ס-ברימשקע, מיט אים אף איין געזעס און זיך געסטארעט, אז אלע זאלן עס זען— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שלמה'קע האט אף אים געווארפן א בטול'דיגן און כעס'דיגן בליק און זיך אוועקגעלאזן מיט די יונגן פון „טאל", און א מחנה פויערים — אין מארק אריין — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאכט.

שלמה'קע איז געלעגן בא זיך אין שטוב, א שיכורער און געכראפעט. די ברודיקע שטיוול זיינען אראפגעהאנגען איבערן ליילעך. שלאפעדיגער-הייט האט ער קאנוואולסיוו זיך א טרייסל געטאן מיט זיין גאנצן שווערן קערפער. ער האט זיך א צוטומלטער אויפגעכאפט. ארומגעקוקט זיך, וואו ער געפינט זיך... אויסגעשפיגן דורך די צווײ פאדערשטע ציין: טפוי א חלום... יאנא איז דא גאר ניטא... ער שפייט א צווייטן מאל אויס, א קאלטער שווייס איז אים באפאלן, ער ווישט דעם שטערן אפ, ער, קוקט זיך ארום, עס איז שוין נאכט. איבערן שלאף-צימער צושפרייט. א גרינע ליכטיגקייט דער נאכט-לאמפ מיטן גרינעם אבאזשור און ער מורמלט פאר זיך: — אזוי, הייסט עס, זיינען זיך שוין אלע צופארן... אויס „חנע", צום טייוול!... ער ווארפט א בליק אף דער צווייטער בעט, דארט ליגט מיט א פארבונדענער קאפ זיין דבורהלע, ער קריכט שטיל ארונטער, די פיס וואקלען זיך... ער לייגט זיך אף די קני, פאזע איר בעט... ער פרובט זיך צוהערן צו איר אטעם... זי קרעכצעט פון שלאף... אפן ברעג פון איר ווייס פארבונדן טיכל האט ער דערזען בלוט... ער הויבט זיך אוף, און גיט א קוק אין שפינעלע וואס הייגט איבער איר בעט, אים נעמט אן א שווי-דער, זיין שטענדיק רויט-געזונטער פנים איז בלייך, פארקרימט, די האר צופאטעלט, ער פרובט אויפכאפן די געדאנקען, נאר אומזיסט, זיי צולויפן ווי צעיושעטע פערד. אין קאפ פילט ער, ווי עמיץ וואלט דארט מיט

שווערע האמערס געקלאפט, אדער, ווי נאטע דער שמיד וואלט צוגעקלאפט א פאדקאווע. ער פארוויכערט א פאפיראס און ביסלעכווייז הויבט ער זיך אן דערמאנען:

בא בערקע „זשמאגעס" אין שיינק, אפן מארק, איז יאנא געווען... שא, פרייער... און דא הערט אים דאס בילד אזוי מטושטש... עפיס א זשאנדאר פון שטאט... זיי האבן געטרונקען, א סך געטרונקען... זיך געקלאפט אף ברודערשאפט... און יאנא איז געקומען און זיך אוועקגעזעצט נעגן אים מיט עפיס א שקאץ... ביידע שיכורע... מיט אמאל א סקאנדאל... זשאנדאר, שקאץ, יאנא... און עפעס רויטעס האט געפליסט פון אלעמענס פנימער... ביינקלאך זייגען געפלויגן... — די פאר „טשעקעס"[1]) זיינען געגנבעטע — דו הערסט, שליאמקא?

ניין! — האט ער געקלאפט מיטן פויסט אין טיש. און ער פרובט צונויפבינדן ווידער זיינע געדאנקען און ער טראכט:

— איז עס אמת, טאקי געגנבעטע?...

הייסט עס, אז לייבקע קאטשמאר האט אים, שלמקה'ן, אפגענארט... ער האט געזאגט, אז זיי האבן נים קיין „ציצית"[2]), אבער פון וויט... זיכער... ער האט אים אפילו געפרעגט פון וואנען עד האט געמאכט די „כתיבה"[3])...

ער שפייט ווידער אויס, בורטשענדיק:

— מען דארף זיי בינדן די פיס מיט טיכער און שטיל ארויספירן פון שטאט... און טאקי היינטיגע נאכט...

שטעלט ער זיך אוועק, כאפט ארוף דעם „קאזשוך" און שארט זיך שטיל ארויס פון שטוב אין שטאל. דער הימל איז אויסגעשטערנט... פארביי שטאל פארשווינדט עפיס א שאטן... די פיס גיבן אים א ציטער פון שרעק... ווער האט עס געקענט זיין? דער „זשאנדאר" אוודאי. אים קלאפט א צאן אין א צאן. ער עפנט דעם שטאל, די פערד שטייען גאנץ רואיק און צופן זיך די היי פון די שמאלע דראבינע-לייטערס. ער בארואיקט זיך אביסל... ער גייט צו נענטער צו די סוסים, ער גיט זיי א גלעט איבער די גריוועס. פון אויבן הערט זיך א שטארקן כראפען פון די יונגען... ער גיט זיך א שטעל אויפן לייטער: אין א ווינקל ליגט יאנא און כראפעט... א הייסע נאקעטע פוס איר'ס ליגט פארווארפן אן א זייט... ער בויגט זיך איין און דעקט איר צו... אירע אויגן גיבן זיך אנ'עפן... א וואַרימע האנט ציט אים שטויף צו זיך... ער וויל איר א שטויס טאן... ווי

א שלאנג וויקלט זי אים ארום

און דורך א בוידעם-שפאלט שיינט אריין א ווארימער זון-שטראל און זאגט אן: די נאכט איז פארביי און ס'הוערט געבוירן א נייער טאג.

[1]) טשעקעס — שווארץ-ווייס געפלעקטע פערד.

[2]) אן ציצית — געגנבעטע פערד.

[3]) א כתיבה — קניה-צעטל.

* * *

איך לויף,
ווי עס לויפט אינ׳ם שאטן פון וואלד
א ביזאם, פארשיכורט פון אייגענער דופט,
די נאכט איז די נאכט פון דער מיט פונ׳ם מאי,
דאס ווינטל — א ווינטל פון דרום.

כ׳האב פארלארן דעם וועג און איך וואנדער ארום
און איך זוך — וואס איך קען נישט געפינען
און געפין — וואס איך האב נישט געזוכט.

ס׳שטייגט ארויס פון מיין הארצן דאס
בילד פון מיין בענקשאפט
און טאנצט —
און צורינט...
כ׳יאג עס נאך, נאר עס נארט מיך
און גליצט זיך ארויס
און איך זוך — וואס איך קען נישט געפינען
און געפין — וואס איך האב נישט געזוכט.

* * *

זאג מיר, איז דאס אמת, ליבסטער,
זאג מיר, איז דאס טאקע אמת —
בעת די אויגן שפריצן בליצן
גיבן וואלקנס, שווארצע וואלקנס
אין דיין ברוסט מיט שטורעם ענטפער.
איז דאס אמת — מיינע ליפן
זיינען זיס, ווי יונגע קנאספן,
אקארשט אויפגעוועקטע קנאספן
פון דער ערשטער, ערשטער ליבע?
לעבן נאך אין מיינע גלידער
די לבנה׳יקע זכרונות
ווען טויטע מאי-לבנה׳ס?
ציטערט אויף די ערד, ווי סטרונעס
פון א צארטער האר אין לידער,
בעת זי שפירט אויף זיך מיין פוס?
איז דאס אמת — בעת איך ווייז זיך
נאכט פארלירט פון אירע אויגן
קלארע טראפנס — טראפנס טוי?

און דאס מארגנליכט איז גליקלאך,
ווען עס קען מיט ווייסער בלאסקייט
מיר ארומהילן דאס לייב? —
איז דאס אמת, איז דאס אמת, —
אז געוואגדערט האט דיין ליבע
דורך די וועלטן, דורך די צייטן
אין דער זוכעניש נאך מיר?
אז, ווען דו האסט מיך געפונען —
האט געפונען אויך דיין בייגקשאפט
לעצטן פרידן אין מיין ריידן,
מיינע ליפן, מיינע אויגן,
מיינע פליסנדיקע האר?
איז דאס אמת — אנגעשריבן
אויף מיין קליינעם, קליינעם שטערן
האט אומענדליכקייט איר סוד? —
זאג, געליבטער, איז דאס אמת?

אידיש — ר. גוטמאן.

## ב. ביאלאסטאצקי / פון בוך „ביים ברייטן וועג"

דו . . .

ניט אין יומטוב׳דיקער שטילקייט פון א רוהיג אידיש ווינקל,
ניט אין ריינער שבת׳דיגער בענש-ליכט שיין, —
ניט געליימערט וועסטו זיך צו מיר באווייזן.
דו, פארשטויסן-וואגלענדיגער חלום מיין!

ערגעץ וואו אף קרומע שטעגן — זינדיק-טומלדיקע וועגן,
ערגעץ אין א שטאט פון אייזן און פון שטיין;
וועל איך פלוצלונג א געבויגענע דיך טרעפן,
ווי דו וואנדערסט נאכטיק — גלייך ווי איך אליין.

וועלן גליען דיינע אויגן אונטער פייכטע שפיזן-ברעמען
דיינע ליפן שארף פארביסן אין די ציין;
וועל איך נאך דיין פרעכן, ווייגענדיגן שאטן
ערגעץ אין דערנידעריגטע געסלאך גיין.

דו, ווי איך, פארשעמט, פארלארן, און פון זיך אליין פארוואגלט,
דו, נאר דו, וועסט מיין באשערטע כלה זיין!
זינד דורך זינד געהייליגט — דו מיין אויסדערוויילטע
דו, פארשטויסן-וואגלענדיקער חלום מיין!

ניו-יארק.

# ק. זינגמאן / איז דער ליטע

## ראמאן

ערשטער קאפיטעל.

טיק—טשיק—טיק—טשיק—ק—ק.

דער צוג האט זיך אפגעשטעלט. ער האט אויפגיך צונויפגענומען זיינע זאכן, פארשנורעוועט דעם לייווענטענעם זעקל, פארבונדן מיט רימענדלאך דעם קליינעם טשעמאדאנטשיק און צוזאמען מיט אלע איבעריגע פאסאזשירן האט ער זיך א לאז געטאן צום ארויסגאנג. אויפן פלאטפארם האט אים א יונגער בלאנדהאריקער שגץ, מיט א ווייסן שירץ און א בולטן № 74, א פרעג געטאן:

— אפשר צוטראגן, פאניטש?

— ניין, — האט ער ארויסגעבומבלט און איז מיט האסטיקע טריט, ווי פון עמיצן געיאגט, דורכגעלאפן דעם טומלדיקן שטאטישן וואקזאל, האט זיך באדונגען מיט א פורמאנקע און עס האט ניט געדויערט קיין האלבע שעה, איז שוין שלמה פעלדמאן צוגעפארן און זיך אפגעשטעלט לעב א בלוי אפגעקאלכטן צוויי-עטאזשיגן מויער. האט האסטיק אראפגענומען פון פורמאנקע די זאכן און זיך געגומען פונאנדערצאלן מיטן פורמאן.

א זוניקער ניסן-פרימארגן. אויפן הארצן איז אים געווען אזוי פרילינגדיג גוט. א פריש קיל ווינטל האט פון ניעמאן-זייט א בלאז געטאן און קאלנער און באגריסט אים זיין קומען צופארן. פון דערבייאיקן קלויסטער האט דער טיפלע-גלאק געקלונגען זיין פרימארגנדיגן בים-באם—בים-באם; ער האט א נעם געטאן דעם טשעמאדאנטשיק אין איין האנט, און אין דער צווייטער דעם זעקל, און איז כמעט טאנצענדיק ארויפגעלאפן אויף די שטיינערנע טרעפלאך פון זייער גאניק, האט נערוועז דריי מאל אנגעקלאפט אן זייער טיר און איז אריין אין שטוב.

ער איז געבליבן שטיין אין עסשטוב און געהאלט זען, וואס דא וועט זיין, נאר ער האט ניט באוויזן זיך ארומקוקן, ווי די מאמע זיינע, א פרוי אין די מיטעלע יארן מיט א רונד-קיילעכדיק געזיכט, איז אים ארויפגעפאלן קושן און האט מיט פארוויינטע אויגן בליפענדיק געשעפטשעט:

— שלמה, שלמה'טשיק, פארט געקומען, געלויבט און געדאנקט איז גאט!

— יא, מאמע, האט שלמה א געריכטער פון איר צערטליכקייט קוים ארויסגערעדט: עס האט זיך פארביינקט אהיים, בין איך געקומען צופארן.

פון צווייטן צימער האט זיך דערהערט א גערלעכטער און א שטיפעריי, און גלייך נאכדעם זיינען ארויסגעשפרונגען פארשלאפענע אין איינע העמדלאך זיינע קליינע ברידערלאך. ער האט זיי א כאפ געטאן אויף זיך.

צוקושט זיך און גלייך זיינען זיי צוריק ארייננעלאפן אין זייערע בעטן. די מאמע האט אנגעהויבן פאדיען ארום אים.

— ביזט דאך אוודאי הונגעריק, נאך ניט געטרונקען קיין טיי געוויס?

— עס מאכט ניט אויס, עס מאכט ניט אויס, האט ער זי בארואיגט און האט זיך א ווארף געטאן אויף דער סאפקע פון צווייטן צימער.

עס איז פארביי א פאר טעג ווי ער איז געקומען צופארן, מיט אלע-מען פון די שטוביקע האט ער שוין באוויזן זיך דורכריידן און אנדערציילן פון זיין לעבן אין טראב און בכלל פון דעם לעבן אין דער פרעמד. אין גאס איז ער ווייניק געגאנגען, די עלטערן האבן אים ניט געלאזן, א קליי-ניגקייט, נאך אזא רייזע — האבן זיי ניט אויפגעהערט צו טענה'ן,— דאס קינד דארף זיך אויסרוען.

און אזוי האט אנגעהויבן פארגיין א טאג נאך א טאג, אים הויבט שוין אן דערעסן דאס זיין אין שטוב און דערציילן אלעמען דיזעלבע נודנע געשיכטע, און דא זיינען די טעג אזוינע לויטערע, ווי עס קען נאר געבן ערב פסח אין דער ליטע און ער קען שוין ניט איינרוען, עס רופט, עס ציט דער צופלייצטער איבער די ברעגעס ניעמאן, די גרינקייט וואס בא-וויזט זיך שוין אויף די אלעקסאטער בערג מאניעט אים, צופט אים פאר דער נשמה און רעדט צו אים:

— נארעלע, וואס טוסטו אינדערהיים, וואס באלאקעסטו צום טויזנטן מאל דיזעלבע נודנע געשיכטע פון פעטערס בולבעטשקעס און זיינע טעכ-טער, וועלכע ער וויל חתונה מאכן, א מער קום בעסער צו אונז, דער שניי איז שוין צוגאנגען, און די זון טריקנט שוין אויס אלע לוזשעס, פיינלאך קומען און דערציילן פון זייער לאנגן ווינטער - וואגלעניש און וואנדער-ניש, קום צו אונז!

און ווען דער שטאט-זיינער פון ראטהויז, וואס לעבן זיי, האט אויס-געשלאגן צוועלף, האט ער שטיל אנגעטאן זיין אויסגעוואקסענעם גרויען ווינטער-מאנטעלע און איז בגניבה ארויס פון שטוב.

ער איז ארויף אויפן פלאץ, וועלכער איז נאך כמעט ווי איננאנצן געווען א באשנייטער, וואו ניט וואו האט די ערב-פסח'דיקע זון שוין בא-וויזן צו צושמעלצן דעם שניי און אויף דעם ארט איז געווארן א גרויסע וואסער-לוזשע. ער האט מיט א קינדישער נייגעריגקייט באקוקט אלץ און אלעמען, ער איז אוועק צו דער זייט פון די גרינע קאזארמעס, וואו מען האט אויפן פרייען פלאץ געלערנט יונגע סאלדאטן מארשירן, נאר דא האט ער זיך דערמאנט, אז ער האט דאך אמאל געהאט חברים, און אזוינע נאענטע, און אזוינע ליבע, האט ער ניט פיל קלערנדיק באשלאסן ארויפ-גיין צו איינעם פון זיי, וואס וואוינט דא ניט ווייט, צו זיין אלטן חבר יאסקע באקסט.

ארויפקומענדיק צו יאסקען, האט ער עם אין שטוב ניט געפונען. די טיר האט אים געעפנט זיין עלטערע שוועסטער סאניע, א באהנט מיידל פון א יאר אכצן. מיט אירע שווארצע ארומלויפעדיקע, זשוקעדיקע אויגלאך האט זי שמייכלענדיק אים באקוקט פון קאפ ביז די פיס און האט אויף זיין פראגע וועגן ברודער, האלב קאקעטיש געענטפערט:

— איר דארפט יוסל'ן, גייט ארויף, זייט אזוי גוט, אויבן — דארט וועט איר אים טרעפן, — און איז גלייך אוועק אין די צימערן.

שלמה איז געבליבן שטיין אין פאדערצימער און ניט געוואוסט וואס צו טאן. זיינע בלייכע באקן האבן זיך גלייך אנגעצונדן. שוין באלד א יאר צייט, ווי אים איז ניט אויסגעקומען צו זיין אין דער געזעלשאפט פון גרויסשטעטישע מיידלאך און באזונדערס ריידן מיט א גימנאזיסטין, אזוינע ווי באקסט'ס שוועסטער. ער האט געפרובט און געדאנק זיך פונאנדער-קלייבן אין אירע ווערטער, נאר ער האט גלייך דערפילט זיין אומבא-האלפנקייט. ער האט אנגעהויבן אומשפאנען איבערן פאדער-צימער הין און צוריק, וועלנדיק זיך דערמאנען, וואו האט זי עס געמיינט דעם אויבן? און אפשר — ניט ער א קלער — מיינט זי עס גאר דעם בוידעם פון זייער שפייכלער? ער האט א הוסט געטאן. זי איז ווידער ארייין, און דא האט ער באמערקט, אז סאניע, זיין חבר'ס שוועסטער, איז זייער א שיין מיידל, עפעס איז זי גאר אנדערש פון די אלע מיידלאך וועלכע ער האט געזען אין טראב, און פון וועלכע ער פלעגט אמאל אויך טרוימען. זי איז געווען אנגעטאן אין א ברוינער גימנאזיסטן-פארמע, וועלכע האט צוגעגעבן איר גאנצן העזן יוגנט און מיידלישער רייץ. ער איז געשטאנען, און האט איר געוואלט וואס א פרעג טאן, נאר א מאדנע זאך, דער צונג האט זיך ניט גערירט. עפעס האט ער ארויסגעשטאמעלט א פאר אומפארשטענד-ליכע פראזן און איז נאך רויטער געווארן ווי פריער. סאניע, באמערקנדיק זיין פארלעגנהייט, האט אים פארכאפט און זיך אפגערופן:

— איר זייט, דאכט זיך, אויב איך האב קיין טעות ניט, פעלדמאן. מיין ברודערס אנ'אלטער חבר? יא?

— יא, האט ער פארשעמט ארויסגעשטאמעלט. איך בין די טעג געקומען צופארן און מיר וואלט זיך זייער וועלן זען דעם ברודער.

— אויב אזוי? — האט זי שמייכלנדיק און מעשה סוד שטיל צו אים זיך אפגערופן — איר ווייסט וואו אונזער שפייכלער איז, דארט אויפן בוידעם דרוקט ער איצט זיין צייטונג, דארט וועט איר אים טרעפן. —

בא שלמהן האט דאס פנים אויפגעשטראלט. פאר אים איז עס גע-ווען א נייעס. יאסקע באקסט, זיין חבר, גיט ארויס א צייטונג, און דארט דרוקט ער געוויס זיינע שירים, וואס ער פלעגט נאך פאראיארן אים פאר-לייענען. אין קאפ בליצט אים אוף א געדאנק, העברייאיש קען ער גוט,

ער וועט אנשרייבן זיין לעבן אין טראָב. ער וועט אויך איינפלעכטן די געשיכטע מיטן שמש׳ס טאכטער, וועלכע פלעגט קומען צום פעטער אלע אוונט און אים פונאנדערפרעגן וועגן טויזנטער נארישקייטן און בעת מעשה קוקן אויף אים מיט אירע שווארץ-פארחלומטע אויגן, וועלכע האבן זיך געבעטן: פארשטייו מיך, שלמה, ווייס צוליב וואס, און צוליב וועמען איך קום יעדן אוונט, צוליב דיר! צוליב דיר!

ער איז אזוי געבליבן שטיין אין א פארגליווערטער פארטראכטער פאזע. כאניע, זיין חבר׳ס שוועסטער, האט אים נאכאמאל אפגעקוקט און א טראכט געטאן: ס׳ארא מאדנער פראווינציעלער בחור דאס איז געווארן; עפעס די הענט זיינע הייגען אים ווי סטראשידלעס, די אויגן קוקן עפעס פארטראכט אין באלקען. זי האט אים איבערגעלאזן קלערנדיק און איז אריין צו זיך אין דערבייאיקן צימער.

זיין בליק האט זיך אפגעשעלט אויפן פענסטער, דורך וועלכן ער האט דערזען די הויכע גרינע „בעסעדקע״ וואס לעבן פארקאן מיט די זיבן טרעפ, וואו פאראיארן פלעגן זיי זיך אלע צונויפקלייבן און פון דארט קוקן אויפן אייזגאנג און א חשק האט אים באנומען ארויפגיין דארט איצט איינער אליין און קוקן אויף זיינע אלטע גוטע פריינד, אויפן ניעמאן, אויפן וואלד, אויפן ברעג מיט די דאמפערס, אויף אלץ דעם נאך וועלכן ער האט אזוי אין טראב געבענקט און צוליב וואס עס האט אים געצויגן א היים...

ער האט זיך ארומגעקוקט און זיין בליק האט געזוכט כאניען איר זאגן א „גוטן טאג״. עס פאסט דאך ניט ארויסגיין און לאזן די שטוב א פוסטע, איז ער צו לעבן איר צימער, זי האט אים באמערקט און האט זיך אפגערופן —

— איז גייט איר צו יוסף׳ן, זאגט אים ער זאל באלד אין שטוב קומען, דער פאטער דארף אים מיט א נויטיקער טעלעגראמע אויף פאסט שיקן. —

— גוט.

ער איז ארויס און זיך גלייך א לאז געטאן צו דער בעסיעדקע, ער האט גאר פארגעסן, אז ער האט דער שוועסטער יוסף׳ס צוגעזאגט אים שיקן. ארויפגייענדיק אויבן און זיך אנשפארענדיק מיט דער מאגער ברוסט׳ל זיינס אן פארקאן, די קאפ ארויסגעשטעקט צום ניעמאן צו, האט ער ברייט איינגעאטעמט דאס פרישע וואסער-לופט וואס האט זיך צו-שפרייט איבערן גאנצן בורבעלאק[1]). ער האט זיך אריבערגעבויגן און פאר זיינע אויגן האט זיך אויפגעעפנט די פאנאראמע פון ליטעם פרילינג.

א אויסגעלויטערטער בלויער הימל. דער ניעמאן איז קלאר, אויסגע-רייניגט און אויסגעצוואגן פון די ווינטער-קריעס, גייט זיך דער פראם און

[1]) נאמען פון בולווואר וואס בייס ניעמאן.

דערנענטערט זיך צום ברעג און מענשן אלט און יונג, פערד און בהמה האבן אנגעהויבן אלע זיך שפארן צום ארויסגאנג. די דיקע געפלאכטענע שטריק, וואס האלט אוף און פירט דעם פראם, האט זיך אין רוישנדיקן וואסער געפליושקעט. דער אלעקסאמטער וואלד, האט זיך שוין וואו ניט וואו מיט גרינס באצוויגן, דאס וואסער איז געווען שטראמיק און גרויס, נאר קיין קריעס האבן זיך שוין ניט געזען. ביים ברעג, ניט ווייט פון פריסטאן זיינען שוין געקומען די באטן פון מעמל. און א הויכער שמאלער דייטש אין זיין צוראטענער קורטקע און היטל האט געשפאצירט און געראויכערט זיין ציגאר, באטראכטנדיק זיין פולן אנגעלאדענעם באט מיט תבואה, וואס דארף היינט פארנאכט אפגיין קיין מעמעל, און א צופרידענער שמייכל האט זיך אויסגעגאסן אויפן דייטש׳ס געזיכט. שלמה האט זיך פארקלערט פאר זיינע אויגן האבן געשווינדעלט די בילדער פון זיין ארימן טראבישן לעבן, געשלאפן ביים פעטער אויפן הארטן שלאף-באנק, געגעסן דעם ארימן ווארימעס, געלערנט פויל אין איינגעפאלענעם קלייזל, און דא איז אזא ברייטע פרייע וועלט, גרויס דער טייך, בלוי דער הימל, גרין דער וואלד, גרין... גרין...

ער האט זיך אויסגעטשוכעט פון זיין פארחלומטקייט און האט זיך דערמאנט, אז אייגנטליך האט ער נאך היינט קיין פרישטיק ניט געגעסן און מען וועט זיך אין שטוב סתם באאומרואיקן פון זיין פלוצלינגן ניט ווערן, האט ער מיט א פארהילטער בענקשאפט און אומעט פארלאזן די בעסיעדקע און אנשטאט צו גיין צום חבר האט ער זיך גענומען לינקס פארביי דעם שמאטישן קראנקענהויז, און איז צוגעקומען צום טויער פון זייער הויז.

ער איז נעבליבן שטיין און איז דאך פארט ניט אריין אין שטוב. ביים טויער פון זייער הויז האט ער זיך אנגעשפארט אן דעם שטיין פון וועלכן ער פלעגט נאך אלס קינד זיצן און קוקן אויף דער פאנקע פון ראטהויז. ער קוקט און באטראכט: דער ראטהויז איז איבערגעפארבן אויף ווייס, פאראיארן איז ער געווען אנ׳אפגעריבענער זאמד-פארב. די שטאנקעטקעס פון פלאץ זייגען אויף גרין איבערגעפארבן, און דערמאנט האט ער זיך איינע פון זיינע אמאליקע קינדישע פאנטאזיעס, נעמען און צונויפשטעלן פון דינע ברעטעלאך דעם ראטהויז מיט אלע זיינע קלייניגקייטן. ער באטראכט די קאנקע, דיזעלבע וואס פאראיארן, די שקאפעס אויך דיזעלבע, די לופט ניט קוקנדיק וואס אין א וואך ארום דארף שוין זיין פסח איז נאך געווען פרילינגדיק קאלט, די פארבייגייער זיינען נאך אנדערע געגאנגען אין ווינטערדיקע פעלצן און קאראקולענע היטלען, קיין דאמפערס אויפן ניעמאן גייען נאך ניט, גיט ער א קלער, די איינציקע וועלכע האבן פון זיך דעם ווינטער אראפגעווארפן איז דער טייך און די בוימער, אפילו די יונגינקע בוימלאך אויפן פלאץ וואו מען שפילט זיך אין „צור-צערא“[2]

[2] אזא שפיל.

האבן שוין מיט גרינקייט זיך געפרובט באקליידן, און געדוכט האט זיך אים, אז זייערע גרינע קוים מערקבארע קעפעלאך ווינקען עס צו אים דעם מענש, וועלכער גייט נאך אין זיין אפגעטראגענעם ווינטערדיגן מאנטעלע און ווינטערדיגע בארענקענע הוטל און זאגן אזוי: זע, בא אונז איז שוין פרילינג, די זון איבער אונז לייכט און ווארעמט, באנאכט קומען צו אונז די פויגעלאך פון זייערע ווינטער-וואנדערניש און פול מיט זומער-חלומות טשיפטשען זיי. אונז זייערע פרילינגס-גרוסן, און נאר דו, דער מענש, ביזט נאך ווינטערדיק, האסט קיין מוט ניט אראפצעווארפן פון זיך אלץ דאס אלטע און קאלטע, אלץ — דאס פוילע און פארשימלטע, אלץ דאס, וואס עס שמעקט מיט ווינטער און אונטערגאנג.

ער האט זיך פארטראכט, דער זייגער האט דריי אויסגעשלאגן און ער איז אריין אין שטוב.

## איגנאס שייניוס דער חלף פון טויט

אין לויטערן, ווארעמען פרילינג, ווען אף די בונטע לאנקעס זזשען די בינען, קלייבנדיק האניק, ווען אין די גרינע, רוישנדיקע וועלדער טרילערט אומאויפהערליך זיינע לידער דער קאנאריק, ווען די גרויע לערכע, פליהענ-דיק איבער די וואלקנס, צוויטשערט און מען קען איר קוים דערזען, ווען פון בלויעם הימל שמייכלט די העלע זון, ווען אומעטום לעבט אלץ אויף שפראצט, און פרייט זיך מיטן לעבן, ווען אומעטום איז נאר לוסטיק, — דאן לויערט און ווארט אף יעדער לעבעדיק באשעפעניש דער שרעקליכער, אומברחמנותדיק, הארטער ווי א שטיין און קאלטער ווי אייז

חלף פון טויט.

עס גייט, אנגעשפארט אף א שטעקן, א איינגעהויקערטער גרייז-גרויער אלטינקער; אים באגלייט זיין לעבנס-פריינדין, די פריינדין פון איבערגעלעבטן גליק און אויסגעליטענע צרות. זי ציטערט, ווי אין הארבסט די בלעטער פון א אפישע, און מורמלט, אננעמענדיק איר אלטינקן פאר די אויסגעטריקנטע, צוקנייטשטע האנט: „זע נאר, יאזאסל, וואס פאר א זועטער, ווי ווארעם חיינט איז, אומעטום איז נאר גרין, און די פויגעלאך צוויטשערן אזוי הילכיק... אז מיר וואלטן דאס לייננער אזוי לעבן". — „עט, ווייבעלע מיינע! — האט ארויסגערעדט מיט א דומפע שטימע יאזאס, אויפהויבנדיק זיינע טונקל געווארענע אויגן צום בלויען הימל. — אז אונז וואלט לכל הפחות אין א יאר דריי, פיר, פינף ארום אונטערהאקן די פיס

דער חלף פון טויט.

א קרעפטיקער, שטארקער, פון זון אפגעברענטער פויער גייט ארום מיט זיין ארבעטערין — זיין ווייבעלע, מיט א הייפל קליינע רויטבעקיגע קינדערלאך איבער די תבואה-פעלדער. — „זע, פאטערל, — זאגט יאניוקאס

און, אויסשטרעקנדיק זיין קליינע הענטעלע ווייזט ער אן אף די שטיוענ-דיקע, ווי א וואנט, קארן, — דאס וועט זיין א סך, א סך ברויט!' — „און ווי שיין זיינען די קארנבלימלאך — האט זיך דערפרייט קאטריטע — איך וועל לויפן אנרייסן אביסל! — „לויף, טאכטערל, לויף" — האט דערלויבט די מוטער און די קליינע, ווי א פישעלע, מיידעלע האט זיך פארבארגן און אריינגעטויכט אין די קארן. „אוי, וויי! די ארבעסלאך בליען" — האט אנגעהויבן פאטשן מיט די הענטעלאך דער קלענסטער פון אלע, אנטאניו-קאס, — „אט וועלן זיי עס זיין געשמאקע!" — „אלצדינג וועט זיין לרוב" — זאגט דער פאטער, — אלין וועלן מיר האבן, זאל נאר אונז ניט טשעפען

## דער הלף, פון טויט.

א ליבע מאי-נאכט. דער הימל איז אינגאנצן אויסגעשטערנט. דער בלאסליכער שיין פון דער לבנה וועבט געהיימניספולע שאטנס. אין גערטל פון די רוטעס, אונטערן אלטן קליאן, זיצן אומארעמט, צוגעטוליעט איינער צום אנדערן, צונויפגעדריקט די הענט, צוויי פארליבטע. — „ווי שיין איז דאס לעבן און ווי גרויס איז דאס גליק", — זאגט דער בחור, דריקנדיק צו זיין יונגע, הייסע ברוסט דאס מיידל — די ליליע, — „אז אונזער ביידנס לעבן וואלט געווען אזא לאנגער, אז קיינער וואלט אים ניט געקענט צו-נויפרעכענען, און אז אונזער גאנצן לעבן וואלטן מיר איינער דעם צווייטן געליבט אזן געליבט, אט אזוי ווי איצט, אן א סוף און אן א ברעג". — „געליבטער, טייערסטער דו מיינער" — בארוהיקט אים דאס מיידל. זיך די גאנצע צוטוליענדיק צו אים — „אונזער ליבע וועט קיין ענדע ניט האבן און קיין מאל וועט אונז ניט דערגרייכן דער קאלטער

## חלף פון טויט!"

עס וויגט זיך און שאקלט זיך א וויגעלע, אין איר ליגט א קליינ-טשינקער קינד. — „חיין ניט, קליינינקער, שלאף פויגעלע מיינס", — בעט די מוטער, — „וועסט אויסוואקסן א גרויסינקער, וועסט זיין א שיינינקער, א קרעפטיקער און שטארק אין גייסט: וועסט לערנען, ארבעטן, דינען דעם פאטערלאנד, וועסט איר טאן פיל גוטס. די מענשן וועלן דיר ליב האבן, דו וועסט זיין א טרייסט דיינע עלטערן. שלאף, שלאף איין, טייבעלע, שלאף, פייגעלע!" דער קליינינקער האט געפאלגט דער מאמען און איז איינגעשלאפן און ס'חלומען זיך אים ווייספליגלדיקע מלאכימלאך. ער שמייכלט אין שלאף פון זייערע הייליקע לידער. ער ווייס נאך ניט אז קיינער האט נאך אים ניט געזאגט, אז עס איז פאראן א שרעקליכער, אומברחמנותדיקער

## חלף פון טויט.

ס'האט ניט געלאזן די אלטיטשקע זיך אנפרייען מיטן שיינעם, וואַ-רעמען פרילינג, דער אלטינקער האט זיך ניט אויסגעבעטן אפילו קיין יאר

און איז אוועק אין קאלטן, גרויזאמן קבר. ס'האט ניט געלאזן דעם פויער זיך אנפרייען, דערוואַרטנדיק א פרוכטבארן יאר: זיין געליבטע ווייבעלע האט די ערד פארשאַטן די אויגן. ס'האט ניט געלאזן לאנג ברענען, לייכטן דער יונגער, הייסער ליבע, וועלכע האט צוגעזאגט אייביקע גליק: דעם יונגן, קרעפטיקן, שיינעם ווי א יוּהגין, בחור — האט מען ארייגעלייגט אין פינסטערן קבר. ס'האט ניט געלאזן דער ארעמער מוטער זיך אנפרייען, זיך אנקוועלן מיט איר איינגעלע, וועלכן זי האט באשטימט צו אקערן די פעלדער פון פאטערלאנד: דעם יונגן זונעלע, דעם ווייסן, שיינעם בלימעלע, האט אפגעשניטן

## דער חלף פון טויט.

צי דער פרילינג קומט אן, צי עס היצט דער זומער, צי עס דרייען פייפן, די הארבסט-ווינטן, צי עס ברענט דער ווינטער-פראסט, צי עס לאכט ליבליך די זון פון קלארן הימל, צי שווארצע וואלקנס באדעקן די ערד, בליצן רונצלען די לופט און שטארקע דונערן קנאלן; צי עס זאל זיין א פרי-מארגן, דער גאלדענער מארגנשטערן זאל לויכטן און די העלע זון זאל זיך אויפהייבן פון יענער זייט וואלד, צי עס זאל זיין א ליכטיגער טאג, די מענשן זאלן ארבעטן אין די פעלדער, די פסטעכער זאלן מיט פייפלעך פייפן, צי עס זאל זיין א צארטער, שטילער און נעבלדיקער אוונט, ווען די באבאלעך זומזשען, צי עס זאל זיין א טונקל-שווארצע, ווי דער אפגרונט, נאכט מיט איר באצויבערנדער, סודותדיגער שטילקייט, — אומעטום און שטענדיק כאפט און קוילעט אלין וואס לעבט, דער הארטער, ווי שטיין אז קאלטער, ווי אייז

## חלף פון טויט.

פון ליטוויש — א. שולמאן.

* * *

כ׳האָב מיט זון זיך היינט פאַרמאַסטן
גלייך ווי זי געברענט מיט פלאַמען.
זע, מיין ליבסטע, זע איך בעט דיך
היינט מיין ליבע ניט פאַרזאַמען.

זע מיין מיין האַרץ ווי שטיל עס צאַפּלט
זע מיין ליידנשאַפט ווי ס׳גליט
ליבסטע, זע ס׳פעלד ווי ס׳איז אָפן
און די ווייטקייט ווי זי ציט.

העי, העי, הערלדן ווינטן
זאָגט דער וועלט אַ נייעס אָן —
כ׳האָב ביים טרעפן מיין געליבטע
זיך פאַרמאַסטן מיט רער זון.

* * *

כ׳וועל מיין הייזל אונטערצינדן
און די טיר פאַרשליסן
כ׳וועל מיט פייער זיך באַחעפטן
און אים היים באַגריסן

פייער, פייער רויטער פלאַם
קום און לאָמיר טאַנצן
כ׳וועל פון פלאַמען אַ געשאַנק
בינדן פאַר דיר קראַנצן

פייער, פייער דו ביסט שטאַרק
שטאַרקער איז מיין ליבע —
שיינק איך פייער דיר מיין האַרץ
און פלאַקער העלער, פלאַקער!



## פון יענער זײַט ווסלע



### א מ ע ר י ק ע.

א. ליצקי — **אונזערע אידישע טעכטער.**

א מתנה אונזערע אידישע טעכטער.

אונזערע אידישע טעכטער —
א לעבן אויף זיי.
זע נאר די ליכטיקע אויגן:
א חיות צו קוקן אין זיי.

הער נאר די הארציגע ווערטער —
א חיות צו רעדן מיט זיי.
אונזערע אידישע טעכטער —
א לעבן אויף זיי.

זיי קענען זיין פון מרחקים —
פון לענדער און שטעט אלערליי;
דאך זיינען זיי דיר אזוי נאענט —
כאטש נעם און צו זויין זיך פאר זיי.

אונזערע אידישע טעכטער
א לעבן אויף זיי.

### רוסלאנד — אוקראינע.

ש. ראסין — פון בוך „מויערקעפלאך"

* * *

און וויל איך איצט די אלטע וועלט צושטערן,
און בויען וועלטן פונדאסניי:
כ'וויל אליין דאס גליק געניסן,
פון גארנישט וויסן,
און ברויט צום ערשטן מאל אנטדעקן.
און פייער...
כ'וויל אויסטרעטן אליין די וועגן
צו נייע נים געבויטע שטעט.
און אפקומען אליין די שרעקן,
ווי דער ערשטער מענש פאר רו און שד...
און וויל איך זיך ווי ערשטער מענש דערפרייען,
ווען ער האט ליכט צום ערשטן מאל דערזען;
איך וויל. ווי ער, צו האלץ און שטיינער דינען.
און בוקן זיך צו זון
און פרייען זיך דערפון.
וואס ס'איז מיין קרבן אנגענומען
און אין אליין מיין גאט געפינען...

יעקאטערינאסלאוו.

# פון דער עטאושערכע

**מ. קולבאק — שירים.** פארלאג פון דעם פאראיין פון די יידישע. ליטעראטן און זשורנאליסטן אין ווילנע. ווילנע תר״פ. 86 זייטן.

**מלך כמיעלניצקי — אויף א שטילער סטעזשקע.** דער קוואל־פארלאג — — — ווין 1921, 74 זייטן. — — —

און ביסלעכווייז הויבט אויך ליטע אן זיך באפרייען פון איר ביזאיצטיגן גרויען אומעטיגן פנים, פון איר פאלקסטימליכקייט און בין־השמשות־דיגקייט, און מיט שנעלע טריט הויבט זי אן דעריאגן, כאטש צו גרויס איז נאך דערווייל דער „קפיצת הדרך" ביז דער שווארצערדיקער אוקראינע, און אאויטמעניש־סטעפיש און טענע־מענטיק־שמאליק, יונגע אמעריקאנער — דער ערשטער באפרייטער דיכטער איז קולבאק — זיך אן באפרייען פון די פרעמדע ווירקונגען און גייען איבער שעפן פון אייגענעם קוואל, פון אייגענעם ברונקן „איך".

אין ציקל „אונטער דעם פארוכערטן הימל" וואו עס הילכט אפ שטארק דער קלאנג פון אונזער שטורמישער, ברויזנדער צייט. דארט דערגרייכט ער די געזונטע שטארקייט פון דער פרייער מוסקוליסטער ארבעט. זיין ליד דערמאנט דא זייער שטארק און אפט די יונג־רוסישע פאעזיע פון גאר דער לעצטער צייט און באזונדערס אן גאסטעוון...

פון יעדע שורה שפרודלט ארויס ווי א גע־עפנטער שפונט פון א פאס דער נייער מענש, דער מענש פון אונזער עפאכע, וועלכער שטעלט גיגאנטישע טריט, וועלכער ברעכט און צושטערט און אין דערזעלבער צייט שאפט ער און שאפט, שמידט און שמידט, ער קוקט זיך ניט אום אויף הינטן, ער האלט שטאלץ זיין קאפ און גייט פאראויס צו די הויכע הויכענישן פון באגיניקן מארגן,

און דעריבער איז ניט אומזיסט דער הויפטער־לייבטענדער, באפרייענדער פרישער לייט מאטיוו אין דער זאפטיק־נייער פאעמע זייגער „שטאט":

„עי, לאמיר גיין! לאמיר גיין<br>לאמיר דא איבערלאזן די שוואכע"...

פאר אונזער צייט איז ניטא קיין ארט פאר שוואכע, בלוטארימע און קליינע וואקלדיגע נשמות...

אין ליד „קולטור" פלעכט זיך דורך דער מענש־ליכער איך אין זיין שאפן. ער פירט אייך אריין אין טונעלן „באוועגליכע קינדער פון בארג מינים, ערץ און גראניט".

און ער ענדיגט:

כ׳בין דער מענטש, כ׳בין דער קעניג פון לענ־דער. פון שטעט און פינף אקעאנען:

„איך בין דאס מעמאלענע ליד<br>וואס עס זינגען די באנען<br>ביינאכט צווישן וועלדער און טאלן"....

ער זינגט: (אין ציקל „שכורע פארטאגן" זייט 25—27)

„וועלט!<br>אין טויזנט פנימער פארשטעלט,<br>איך גיי צו דיר אויף טויזנט וועגן —<br>וואוהין? — איך ווייס ניט וואו...<br>איך וויל אינגאנצן דיר פאר טיינעטוועגן<br>איך בין דו!"

דא און אין די ווייטערדיקע שורות זעהען מיר שוין דעם נייעם דיכטער וועלכער פאסט אויף די וועלט אלעס עפעס גאנצעס, שטורמישעס, ווילדעס, און אויך די פערזאן, דער דיכטערישער „איך" איז א באפרייטער — (זע ווייטער)

„איך גיי א שיכורער דיין גופס אנטקעגן,<br>פון אלץ זיך אויסגעטאן<br>און הפקר׳דיק מיט זיך<br>צושפראלט, צוהילט".

און אזוי ווייטער.

קולבאק איז נאך יונג, ער איז נאך ניט אינגאנצן פריי פון פרעמדע ווירקונגען, אזוי איז דאס לידל „דאס לצל" (זייט 42) זייער שטארק אונטער דער ווירקונג פון אידיש־אמעריקאנישן דיכטער ●. ל. היילפערן מיט זיין בקאנט. ליד „דער גאסן־פויקער". עס מערקט זיך אויך א שטארקע ווירקונג פון בעלגישן גיגאנט ווערכארן. נאר דאס איז אייגנטליך דאס אומפארמיידליכע ביי אלע יונגע. די פראגע איז נאר ווי גיך זיי הויבן

אזוינער איז קולבאק; און זיינע ערשטע טריט, און אין זיין שאפן איז ער פאר אונזער ליטווישער פאעזיע דער פיאנער, דער אנזאגער פון דער נייער פלעיאדע דיכטער וועלכע וועלן קומען און קומען שוין מיט דעם נייעם צאפלווארט אויף די ליפן און זיינען באלויכטן אזוי ווי ער מיט די אויפמונטערנדע שטראלן פון רוימן באגינען.

אין א גאנץ אנדער וועלט פירט אייך אריין מלך כמיעלניצקי. עפעס זעט ער די וועלט מיט אנדערע אויגן, אים ארט ניט, ער טוט ויך אויס פון דער וועלט וואו עס שטורעמט, ברויזט, קומען פאר רעוואלוציעס, אויפשטאנדן, דער העראאישער געראנגל פון צוויי וועלטן, אלטע — און נייע. וואס גייט עס אים אן? זאל ברענען פלאקערן, שטורמען, ער האט זיך זיין אייגן ווינקל, זיין וועלט איז אויך גרויס און ברייט און פריי און טיף, נאר — אין איר שטילקייט. ער איז מאדנע פארליבט אין די שטילקייט, דאס איז ניט די בלייבע שטילקייט פון א דוד איינהארן, וועלכער פארוויגט, ניין. זיין שטילקייט איז א וואלדישע, ארום הערט זיך דאס בלעטער שארכן, און צווישן געדיכטע הויכע דעמבעס און סאסנעס געפינט ער זיין שטילע סטעזשקע, און קומט ער דארט צוגיין, זעט ער:

„דער דרימלענדיגער סאסנע וואלד
האט פלוצלונג זיך געעפנט ברייט;
באהאלטן ווי א גייסט פון טאל
האט שטיל א דערפל זיך צושפרייט"

און ווייטער —

א רוף פלאמט אוף און ווערט פארלאשן
און שטילער ווערט נאך איצט ווי פריהער
א גוטע מידקייט גיסט זיך אויס
אין וואלד, אין גראז, אין בלוט ביי מיר.

דאס ציטירטע ליד איז זייער כאראקטעריסטיש פאר זיין שאפן, די שטילקייט נעמט אים דורך, זי גיסט זיך אריין ביי אים אין די בלוטן און דערום געפינען ביי אים דעם העכסטן אויסדרוק שטענדיק דאס לירישע צאפלען פון בייַנקענדע און פילנדע נשמות, נישט שטורמישע, און נעמט ער זיך מיט זיין פענזל מאלן (און ער איז אין זיין שאפונג מער מאלער ווי ליריקער) דאן זעט ער זיין פייזאזש אויך אזוינעם ווי ער

„פעלדער ווייט, פעלדער ברייטע
און א זילבערנע נאכט
עפעס האט זיך די וועלט און דער
הימל פארטראכט.
פריילאך קלינגען די גלעקלאך
א לאנגן געזאנג,
און א ליד און א לאך פון א קינד
קלינגט אין קלאנג"

און גייט ער ווען ארויס פון זיינע שטילקייט-פאלאצן און קומט ער אין שטאט, דאן ווערט ער בייז, אויפגערעגט, פארוואס איז דארט אזוי טומלדיק, אזוי זינדיק — און ער רופט אויס: (ליד „די שטאט" זייט 22)

מיט ווילדן דארשט האסטו מיין
קראפט געזויגן
און שטיקער הארץ געווארפן
דעם מזבח —
דערשלאגן שטום, ווי א געיאגטער
שטיי איך
און קוק אויף דיר מיט קראנקע,
מידע אויגן.

און, ער קען גאר אנדערש ניט קוקן. ווי קומט דער געזונטער מענש פון וואלד, פון זונען און פארנאכטן, פון בלעטער-שארך, אין גראזן-צאפל זיך איינלעבן מיט די שטאט, די אפשטארבנדע, די הונגעריקע מיט די אויסגעלאשענע געזיכטער וועלכע. ער טרעפט אויף אלע ראגן, אין אלע סקווערן, גאסן און געסלאך און ער זאגט ווייטער:

„ניט אלץ א, שטאט, האסטו
געקענט פארשימלען
ניט אלץ א, שטאט האסטו
געקענט פארסם'ען" —

פאר אים איז די שטאט דער סם, די וועגן
אירע
„זינדיקע און שמאלע"
„אירע טעמפלען אן א גאט".

און ער אנטלויפט פון איר, פון דער שטאט וואס שטארבט:

„אין גסיסה ליגט שוין לאנג
די שטאט מיין אלטער פריינד
און אטעמט מיד און קראנק און פילט
דעם טויט שוין היינט;
זי גוססט שטילערהייט, זי עקט זיך
גאס נאך גאס
און ניט סע'לאכט מיין פרייד, און ניט
סע'קוואלט מיין האס.

ער איז גלייכגילטיג, דאס שטארבט דאך ניט זיינע א געליבטע, א פרעמדע איז זי אים, און ער שטייט ווי א בעאבאכטער און קוקט צו און

צייכנט מיט זיין פּינזל דאס בילד פון איר טויט... אט אין דעם שטילן גוססן שטארבן ווייזט זיך ארויס ווי אין שטילן פארליבט זיין און שטיל־קייט זיין קראפט.

און דארום זיינען די „אינוואלידן בלינדע" (זייט 28) וועלכע שטייען שוין אויך אפן שטאפּל פון טויט, פון אונטערגאנג, אזוי בולט, אזוי רע־ליעף, דו פילסט זייער גסיסה־צער און עס רופט דיר ארויס ניט קיין ערביטערונג, נאר א רחמנות, ווייל מלך כמיעלניצקי קען ניט ארויסרופן קיין פּראטעסטן, קיין שטורם. ער קען נאר באדויערן, באוויינען, אבער דאס באוויינען ווערט בא אים אין א צארטן שלייער פארהילט, ער איז דאך דאס קינד פון שטילקייט, א ברודער פון וואלד און בוימער־שארך, און אלס אזוינער איז ער שטענדיק זיך טריי.

טריי זיין שטילע סטעזשקע אויף וועלכע ער שפּאצירט און פארשאפט דאך פארגעניגן פאר אונז, די מענשן פון דער שטורמישער עפּאכע.

ז. פייגין.

## די פּעדער.

### ליטעראַרישע מאנאט־שריפטן, ערשינען אין ניו־יארק 1919—20.

12 נומערן „פּעדער" האבן זיך צו אונז אריבערגעקייקלט... איר לייענט זיי דורך און האט א בשלמותדיגן גרוס, נאר גאר א נייעם, פרייע פרילינגס־ווינטן גיבן אף אייך א ווי פון דאלער־לאנד. איר זעט באשיינפּערליך, אז הינטער די „פּעדער" גרופּירן זיך מענשן מיט יונגע ברויזנדע הערצער, וואס פאדערן, מאנען, האבן וואס צום זאגן, ברעכן די שטעכיגע צוימען, ווילן פארטרייבן די חניפה וואס האט דעם „מורח" פארנומען אין דער אידישער ליטעראטור.

די „פּעדער" שרייבער לאכן אויס ביטער פון דער טומאה, וואס איז אין הייליגקייט פארוואנדלט געווארן, ווייזן אויף די קליינ־ליכקייט פון אונזערע קינסטלער, (נח שטיינבערג אין „דער ליטעראַרישער קאפּע" ביכל א) ער לאכט ניט ביליג, ווי מען איז געוואוינט ביי אונז, נאר אויפריכטיג, ווי א נביא, וואס זעט דעם תהום, און שרייט „עד כאן", און ברעכט די אפּגעטער איינער נאכן אנדערן. עס איז אבער ניט מער ווי אפן פּאפּיר, די אפּגעטער, שוין אלטע תושבים אין דער ארימער אידישער ליטעראַטור, ראנגלען זיך, ווילן ניט אוועק, די גאס שטיצט זיי, ביי אונז אידן „חזקה" איז א דין. די „פּעדער" מענשן שווייגן ניט, אין די לעצטע נומערן נעמט שוין אן דער געראנגל א כאראקטער אף טויט און אף לעבן, צווישן יונג און אלט. אין בייסנדע ארטיקלען ווערט די „אלטע" געטער געזאגט שארפע מוסר:

ב. ריווקין אין א ארטיקל „ווי צו קריטיקירן די יונגע" לאכט ביטער אויס פון די „פּראפעסיאנעלע קריטיקער" מיט זייער און אפּעליאציע משפט: — „גוט" — „שלעכט", אליין ניט פארשטייענדיג: — פארוואס. בוקשטיין ווידמעט אגרויסן ארטיקל די „סריסים־קריטיקער", וואס ליגן ווי אמכה אויף דער אידישער ליטעראטור, און לאזן זיך ניט איר ענטוויקלען, אט די סריסים פּונקט ווי די יעוהנוכן וואס לאזן אויס דעם כעס צו די פרויען, לאזן זיי אויס זייער אימפּאטענץ־בייזקייט צו די יונגע ליטעראַטור בלומען...

די ארטיקלען האבן אנגעמאכט א רושם, מ'האט גענומען זיך אפרופן נאך שטארקער פון ינגם צד; ה' נח שטיינבערג ענטפערט זיי אין א שארף ביכנדן ארטיקל אין לעצטן נומער „די עטיק פון אונזערע שרייבער" ער רעט צו זיי ער זאגט זיי, אז עס איז פּשוט א אומזין, ניט מיר זיינען שולדיג, דאס איז די צייט, דער סדר־היום איז אזוי, אלט מוז מען ווערן, מיר גייען אויך ניט אף אייביק ארויף, מיר וועלן אויך זיין אמאל פארקערט. מיט גוטמוטיקייט זייט מקבל אייער גורל, און זעצט אונז אליין ארוף אייערע שטולן... מיט אלטע קען מען נאר רחמנות האבן...

דאס וואס ס'איז געזאגט אין די ביכלעך, איז שוין ביי די אומות — העולם לאנג געזאגט געווארן, און שוין פארווירקליכט געווארן. ביי אונז וואס מיר זיינען אין אלץ אפּגעשטאנען, איז עס נייע, און דארף באגריסט ווערן, וועגן דאס איבעריגעס פון די ביכלאך — א צווייטן מאל...

פ. מ.

# ביכער אנגעקומענע אין רעדאקציע:

שריפטן: פריקונג 1919-1920 פארלאג „אמעריקע”. ניריארק

דוד איגנאטאוו: מעשיות פון אלטן פראג. דערזעלבער פארלאג

נח שטיינבערג — פון אליבע. פארלאג „לעבן” ניו־יארק.

ב. י. ביאלאסטאצקי: ביים ברייטן וועג. לידער.

די פעדער — מאנאטסהעפטן 1919-1920 № 1-12

אפן שוועל — זאמלהעפט פארלאג „אר־בעטער־היים” ריגע.

קריטיק — אחודשניק אונטער דער רע־דאקציע פון משה זילבורג. העפטן א—ט 1921 ווין קוואל־פארלאג. אפטיילונג „קריטיק”

ש. גארעליק — אידישע קעפ פארלאג „וואסטאק” (?) הרעזדען.

מלך כמעלניצקי אויף א שטילער כטעז־שקע. קוואל־פארלאג. ווין.

יוסף לעווין. פרומע געזאנגן. דערזעלבער פארלאג.

בער האראוויץ: פון מיין היים אין די בערג. געדיכטו. דערזעלבער פארלאג.

אויסגאבן פון פארלאג „אידיש” קאווגע־בערלין

פראזע

ז. סעגאלאוויטש — אסנה. דערציילונג. 58 זייטן.

ב. עפעלבוים — אין פריען הארבסט 58 זייטן

פאעזיע:

יונגע אידישע פאעזיע אין רוסלאנד. 48 זייטן.

ק. זינגמאן — ווען דאס הארץ איז יונג. 80 זייטן.

מארים הלייף — משלים (שול אויסגא־בע) 32 זייטן

דראמאטישע:

ס. וויקטים — צו שפעט־איינאקטער

י. בערנסאן — פרילינג־טויט „

ק. זינגמאן — בא דער אזערע „

זאמלביכער:

קונסט־רינג. ערשטעס בוך (2־טע אויפ־לאגע).

קונסט־רינג. צווייטעס בוך (2־טע אויפ־לאגע).

# צבי הירשקאַן. ‖ קונסט און קונסטגעברויכער.

1.

איצט, אינם היינטיקן טאָג איז די מעשה שוין כּמעט אַן איינגעשטעלטער פֿאַקט, אַגב, פֿון אַלע צדדים אַרום, און אַרום אויפֿגענומען און אָנגענומען. עפּעס ווי אַזאַ סאָרט זאַך, וואָס לאָזט זיך, אפשר, מחמת זיין באַשטימטקייט, גאָרניט אפּפֿרעגן און אַפֿילו ניט באַהאַמפּערן, און אויך מיט דער בלוטיגער חתימה פֿון אונזער צייט-כראָניק טאַקע אַף דור דורות פֿאַרשטעמפּלט: דער רוסלענדערישער קינסטלער האט ווי ער שטייט און גייט, אַף וואס פֿאַר אַ קונסט-געביט עס זאָל ניט זיין און פֿון וואָס פֿאַר א שורש ער זאָל ניט אַרויסקומען סיי פֿון די אַלע שבטים, וואָס האָבן אקארשט די אויגן פֿונאַנדער געעפֿנט און פֿלוצלונג עפּעס ווי פֿון דער העלער הויט, די ליכטיגע שיין פֿון דער גאָרער וועלט באַמערקט און סיי פֿון די ווייניקע אַלטגעזעסענע זקנים-פֿעלקער. וואָס האבן זיך שוין פֿון קדמונים אָן אַזש צופֿיל אָנגעזען און פֿון אט דאָס פֿיל קוקעניש, לסוף כּמעט די ריאה פֿאַרלאָרן, ציען זיך טאָג-טעגליך כּסדר עפּעס פּיליגרימען-שטייגערדיק אַף פֿאַרשיידענע אופֿנים און באַזונדערע וועגן, מער פֿאָרזיכטיק-איינציקווייז תשובה-אָנגערונצלט און מער אין גאַנצע שיירות און מחנות פֿאַרקניפּט און זינגענדיק און טאַנצענדיק, אַלע אָבער אזוי התמדה'דיק און אָנגעשטריינגט און וואס ווייטער טאַקי אַלץ דרינגענדיקער און האַסטיקער, צו דער שפּאגל-ניי געשאַפֿענער אַרבעטס-און-אַרבעטער מלוכה, עפּעס ווי צו אַ געגאַרט אויסגעביינקטן לעצטן פונקט, אָט אַ שטייגער, ווי אייביקע און אויסגעוואָגלטע גע—ונדניקעס אַף די צעדרוזגטע עלטערע יארן שמאַכטן נאך דער שקיעה-רוהיקייט פֿון פֿאַרצייטיקן געבורטס-אָרט און נאכן, ווי באַזילבערטן און דורכזיכטיקן אָפּגלאַנץ פֿון די ווייט ווייטע און צו זיך טולנדיקע יוגנט זכרונות.

דאָס אַלץ איז טאַקע אַ פֿאַקט, אַפֿאַקט וואס מיר זעהען אים איצט באַשיינפּערלאַך: אָט דער רוסלענדישער קינסטלער איז דאך שוין היינט, אַף אונזערע אויגן, פֿאַרוואַנדלט געוואָרן כּמעט אין אַן אמת'ן בן-בית אינם סאַמע אינעווייניק פֿון דער אַרבעטער-מלוכה לויט איר איצטיקן געשטאַלט. אַף יעדן טראָט' סיי יום-טוב און סיי אין די וואָכעדיקע טעג, וואו מען זאָל זיך ניט קערן און וואו מען זאָל זיך ניט ווענדן איז עס דאָך צו באַמערקן און ממש בלינדעהייט אָנצוטאַפּן. און אָט דער בעשיימפּערליכער פֿאַקט, וואָס קיינער אַגב, לייקנט אים שוין ניט אַפֿילו איז. ווערליק ווי מיר דאַכט זיך, לויט זיין עצם פֿאַרנעם און גאַנצן תוך ניט גלאַט און סתם אַזוי זיך עפּעס אַ קאַפּריז-עפּיזאָד אינם טומלדיקן הו-האַ לעבן פֿון דער עקסצענטרישער קינסטלערישער משפּחה. וואָס איז תמיד גרייט עפּעס אַ שפּיצל אַרויסצוואַרפֿן, נאָר טאַקע אַ סאָלידע און אָנגעזעהנע מוז געשעהניש, וואס האָט דאָס פֿולע רעכט צו פֿאַרנעמען אַגאַנץ חשובן פּלאַץ צווישן יענע וואָגיקע און לויט זייער ערנסטקייט. אומפֿאַרמיידלאַכע געשעהנישן

מיט וועלכע רוסלאַנד האָט בפֿלל אַזוי רייך אָנגעזעטיקט די וועלט אין די עט-
לאַכע קורצע יאָרן, וואָס הויבן אָן זייער צייט - רעכֿנונג, זינט די וועלט - קריג
האָט זיך פֿאַרענדיקט: דער איינגעשטעלטער פֿאקט, וואָס דער פֿון אייביק אָן
וויכהאַרציקער און פֿריי געשטימטער קינסטלער ציט זיך פֿונדעסטוועגן אַזוי
ראַפּטומדיק און מיטן גאַנצן לייב און לעבן צו דער תמיד צוואַנגדאָרשטיקער
און פֿעלזנהאַרטער אַרבעטס און אַרבעטער מלוכה איז דאָך אייגנטלאַך טאַקי
דער איינאונאיינציקסטער און ריכֿטיקסטער אויסגאַנג פֿון אָט דעם פֿונם קאָפּ ביז
די פֿיס שטאַרק פֿאַרפּלאָנטערן און אין אַלע פּרטים, העכֿסט טראַגישן ווידער-
אַנאַנד, וואס האט שטענדיק און כֿסדר ממש טאַקע אן אַנ׳אויפהער, געהערשט
צווישן דער גאַטסגנאַדיקער און דורכֿאויס צוועקמעסיקער נאַטור פֿונם קינסטלער
און צווישן דעם הייזמיטווילקן און לגמרי הפֿקר׳דיקן כֿאַראַקטער פֿון דעם
פּעריאָד אינם לעבן פֿון דער גאַנצער מענשהייט, אַנטקעגן וועלכֿן אט די זעל-
ביקע אַרבעטס - און אַרבעטער רעגירונג גופֿא, האט עס טאַקע אויסגערופֿן אַזוי
אַנטשלאָסן, די ריזיקע און אומרחמנות׳דיקע מלחמה אַף לעבן און טויט.

11.

עס איז באמת קלאָר, ווי דער טאג, אַז דער קינסטלער לויט זיין עצם
נאַטור ווי ער נעמט אויף די וועלט און זיך גופֿא, איז ניט קיין מקובל בעל-
שם און ניט קיין בדחן ווערטל - זאגער, ניט קיין משלים ליפֿערער, ניט קיין
פֿלינקער עילוי פֿון איינפֿאַלן און אַ המצאות, נאר בתוך אייגנטלאך גאר אַ טעפּער
בעל-מלאכֿה, וואס מוז זיין תמיד, כֿדי ניט צו פֿאַרפּלאָנטערן זיך באַם קלאָרן זינען
און פֿאַרשטאַנד, ווערדליק ווי אַ פֿאַכֿמאַן דאַרף זיך פֿירן און האַלט כֿסדר אין
איין אפּוועגן און אויסמעסטן, און טראַכֿטן און איבערטראַכֿטן און אַרבעט אויס
אויס זיינע ווערק און אַרבעט זיי נאָכֿדעם איבער, אבער ניט מיט שמות און
צירופֿים, אדער מיט אַלץ, וואס ס׳פֿאַלט בלויז אַרויף אַף דער צונג, צו מיט
יעדער זאַך וואס שפּרינגט אַריין פֿון דער העלער הויט אין מח, נאר מיטן שנור
און מיטן צירקל, מיטן פּענזל און מיטן פּעדער, שטרייננג אַרכֿיטעקטאריש אויס-
גערעכֿנט און גאַנץ אָפּט קומט אים נאָך אויס אַפֿילו צו זיצן אין דרייען איינ-
געהויקערט און ממש באַגאַטן מיט שווייס יארן לאַנג נאכֿאַנאַנד און פּשוט הא-
רעווענדיק שלייפֿן און פֿיילן אט די ווערק זיינע ביז זיי באַקומען פֿארט סוף-כל
סוף דעם געהעריגן און פֿאַרענדיקטן אויסזעהן — אט דאס איז דער קינסטלער
און דאס איז זיין עובדא אין אַלע צייטן און דורות. אמת טאַקי ניט סתם אַ
בעל-מלאָכֿה, גאר אַ ש ע פּ ע ר בעל-מלאכה און גאר גאַר אין דער העכֿסטער און
גרעסטער מדריגה,—אַ מ יי ס ט ע ר הייסט ער. אבער דאך פֿונדעסטוועגן פֿארט
אַ בעל-מלאכֿה, וואס אַרבעט מיט איינפֿאַכֿע האַנטווערקער געצייג און ניט מיט
אויסגעדוכֿנטע שם-המפֿורש׳ן, און אט טאַקע מחמת דעם אַגב, וואס דער קינסט-
לער איז לויט זיין נאַטור, אין דער זעלביקער צייט אויך אַ בעל-מלאכֿה, נויטיקט
ער זיך עס שטאַרק פֿונקט, ווי יעדער בעל-מלאכה, אין געברויכֿער, וואס זאלן
זיך באַנוצן מיט זיין אַרבעט און ניט האבנדיק אט די געברויכער, אדער ניט
שפּירנדיק כֿאָטש זייער אָטעם נאָנט דערביי, לאָזן זיך ביי אים פּשוט אַראָפּ די

העגט פון אָנמוט: אָט אַ שטייגער ווער ווייסט עס ניט אַנ'ערך דעם סקאַרבאָוון אָבער אימה'דיקן פיין פון קינסטלער, אויב אים איז געמעך באַשערט אַריינצופאַלן אַף די עלטערע יאָרן עפעס צו אַ נייעם דור, וואָס קאָן ניט זיין אַרבעט און וואָס נויטיקט זיך ניט אין איר און ער, דער קינסטלער פאַרלירט פלוצלונג זיין געברויכער?... מיר ווייסן דאָך אפילו צופאַלן אויך פון אייגנמאָרד אָט ביי אזיינע צושטענדן, און נאָך וויפל צופאַלן: די געשיכטע פון דער קינסטלערישער משפחה איז ממש געפאַקט מיט זיי.

און דאָך פונדעסטוועגן ניט געקוקט אַף דעם אַלץ, איז דאָך פאָרט פאַראַן אַ גוואַלדיקער אונטערשייד צווישן דעם פשוטן בעל-מלאָכה און דעם קינסטלער מייסטער, אַפילו טאַקי בנוגע אָט די געברויכער גופא: דער פשוטער בעל-מלאכה נויטיקט זיך אינם געברויכער כּדם-כּל, ווי אין אַ קונה אַנגרא און עס קימערט אים, בעצם גאַנץ ווינציק צו אט דער קונה וועט עס אויסנוצן זיין ווערק פאַר זיך גופא, צו ער וועט עס גאר אפגעבן אַ צווייטן אין די הענט, פונקט ווי עס אינטערעסירט אים לגמרי ניט דאס אויסזעהן גופא פון קונה און אויך זיין פּער-זענליכער אינוויינקסטער גוסט און באַגער, בעת דער קינסטלער מייסטער מוז גאר האבן דעם געברויכער, ווי אַ בעלן און דערנאך ניט עפעס אזוי זיך סתם אַבעלן אַמין מבין ספעציאַליסט, וואָס קוויקט זיך בלויז מיטן מייסטער ווערק, אויב עס שטייט אָט דאָ דערביי פאַר די אויגן אדער שטודירט אים פלייסיק גלאט ווי אַ לימוד פון נייגעריקייט וועגן, נאר טאַקע אָט דעם סאָרט בעלן, וואס זאל כּסדר-און ניט עפעס אַף אַ רגע דערווייל—שפירן זיך ממש בלוט משפחה'דיק פאַר-בונדן מיט דער אַרבעט פון מייסטער און זיין תמיד אויג אַף אויג מיטן מייסטער גופא.—אָט אַ שטייגער אין וואָס פאַר אַ געברויכער דער ריכטיקער מייסטער נויטיקט זיך עס, כּדי ער זאָל פילן מיט אַ פולער ברוסט זיין טויגבאַרקייט און פעסטקייט, להיפך, צום איינפאַכן בעל-מלאכה, וואָס שטעלט זיך צופרידן מיט סתם עפעס אַ קונה אומגעזעהענערהייט.

### III.

און אפשר טאַקי אָט דעריבער און מחמת דעם איז זינט דער מענשהייט לאָזט זיך גאָר געדיינקען, כּסדר כּמעט עפעס ווי אַ נאַטור-געזעץ, די פּרוכטבאַר-סטע און אויסדערווילטע צייט פון דער קונסט געווען תמיד אַזוי שטאַרק פאַר-בונדן אַז פשוט ניט אפצוקניפלען מיט דעם, וואס דער מייסטער האט. בעת-מעשה פאַרמאגט נאנט נעבן זיך און אויג אַף אויג זיין אייגענעם בעלן.—שוין אפגע-ערעדט וועגן גאָר טיפן אַלטערטום, בעת דער מייסטער איז אייגענטלאַך גע. דורכאויס אַ לאָקאַלע פערזאָן אַ מענש פון זיין שטאָט און אונטער זיין רשות טאַקע האָט זיך לגמרי געפונען אָט די גאַנצע שטאָט ווי זי שטייט און גייט מיט אירע הערשער און אונטערטעניקע, כּהנים און קריגסלייט, נזירים - שטיבלאַך און שאַנדהייזער, בתי-מקדשים און צירקן, געמאַרקן און גערטנער, געמויערטע ווענט-פעסטונגען און פריי פאָרומס און מיט אַלץ און אַלעמען, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צום שטאָטישן אַיינקומעניש. נאָר אַפילו אין די שפעטערע צייטן און גאר שפעטער זעהן מיר אויך, אז בעת די קונסט וואַקסט אין בליהט ווירקלאַך

טאַקע ווערט באמת אַ טייל פֿון מענשליכן ישוב - אינווענטאַר, — איז דעם
מייסטער פֿון זיין בעלן פּשוט ווי כמעט ניט אפּצושיידן, אָט למשל, די רענע-
סאַנס - עפּאָכע: באַ פֿויבסטן אין די קלויסטערס און באַ דוכסים אין די פּאַלאַצן
איז ער דער מייסטער, דעמאָלט געזעסן, ווי א היימישער, אלס אַ "קרוב למלכות"
און געטאָן מיט התמדה זיין אַרבעט, וואס אַפילו זיי די גאוה'דיקע און פֿאַרשווענ-
דערישע געוועלטיקער האבן געהאַלטן פֿאַר איינעם פֿון די וויכטיקסטע פֿאַרמעגנס
אין זייער האב און גוטס. און ניט בלויז פֿויבסטן און דוכסים, נאר אויך יעדער
קאַרדינאַל און סעניאָר פֿון די פֿאַרוואָרפֿענע ווינקעלאַך האבן אין די שלאָסן
פּאַלקערס און אויבערשטיבלעך געהאַט אייגענע מייסטערס וואס זיי פֿלעגן אָפּ-
היטן און באַשיצ,ט פּונקט ווי היליקע רעליקוויעס אדער ירושה - געווער, עס
האט זיך דאך אַזש געטראָפֿן — אויב ניט גאר זעלטן — אַז לענדער גאַנצע
פֿלעגן זיך שלאגן צווישן אַנאַנד אין בלוטיקע מלחמות פֿרן בלויז פֿאַר דער
גרויסער זכיה צו זיין אַ רעזידענץ פֿונם מייסטער.

אָט אזוי איז עס געווען פֿאַרצייטן און לפֿי-ערך אויך כמעט אט דא גאר-
ניט לאַנג. עס איז אַ נאַנדער שאלה ווי אַזוי און אַף וואס פֿאַר אַן'אופֿן ע ט י ש
אפּצושאַצן אָט די בעלנים, דער עצם פֿאַקט גופֿא אבער בלייבט דאך: דער מיי-
סטער האָט דעמאלט זיין אייגענעם און איינציקן בעלן פֿאַרמאגט און טאַקע
אט דעריבער איז עס געווען אַזוי רוהיג דעם מייסטערס געמיט און אַזוי אומ-
פֿאַרגלייכלאַך הארמאניש אויסגעהאַלטן די ווערק זיינע, וואָס זייגען אַגב אַזוי פֿריי
פֿון קאַפּריז און פֿון צופֿעליקע המצאות, פּונקט, ווי די אומפֿאַרענדערטע געזעצן
פֿון ריטם און געאָמעטרישע ליניען.

.IV

און אָט די פֿיל גנאדיקע און געבענשטע צייט פֿאַרן קינסטלער, בעת ער
איז זיך געזעסן זיכער און רויג אַף אויג מיט זיין שטענדיקן בעלן און ניט גע-
איילט, פּאַוואָלענקע — מייסטעריש — הארעווענדיק און דאך מיט אַ רוהיקן גע-
מיט, עפּעס ווי שפּאַצירנדיק אין געדאַנקען פֿאַרטיפֿט אַף א זומערדיקער לאַנגע
נאָך אַברכה-רעגן, זיינע האַרמאָניש - אויסגעהאַלטענע און ריטמעש געזעצלאַכע
ווערק געשאַפֿן האָט זיך, בעצם ממש קאַטאַסטראָפֿאַל טאַקע פֿאַרענדיקט עפּעס
העכער ווי מיט הונדערט יאר צוריק, אַנ'ערך, אָט וואס עס האט דעמאלט פֿאַ-
סירט: אט דער מיט לייב און לעבן איבערגעגעבענער און אויסדערוויילטער בעלן
פֿונם קינסטלער איז פֿלוצלונג, ווי פֿון דער מיט קינסטלערישער אַנטציקונג, אָ-
רויסגעריסן געווארן און פֿאַרשוואונדן, עס קאן גריילאַך זיין יסורימדיק און באַ-
האַלטענערהייט אין פֿולן רשות פֿון אַנגרא - ליפֿעראַנט, וואס האט, אַגב דעמאלט
טאַקע אנגעהויבן מיט אַזאַ גוואַלדיקן אימפּעט צו רייסן פֿאַר די פֿאלעס יעדערן,
וואָס האט זיך נאָר געמאַכט אונטער דער האַנט, אין מארק אַריין, כדי וואס מער
פֿאַרטיקע סחורות צו האבן אין פּדיון, און אפשר האט ער ערגעץ אַנדערשוואו
און גאר אן עגמת-נפֿש און כמעט בפֿרהסיה פֿאַר עפּעס אַן אַנטרונונגס - ארט
אויסגעפונען, ווי אבער עס זאָל ניט זיין, נאר ער דער באַשטענדיקער בעלן
פֿונם מייסטער, האט אין מיטן דערינען ניט געסטייעט, און דער מייסטער גופֿא,

פֿאַראײנזאַמט און פֿאַרלאָזט האָט געמוזט בעת מעשה, אַרויסטרעטן פֿון די אײנגעזעסענע און אײנגעפֿונדעװעטע פּױפּסטליכע קלױסטערס און דוכּסישע פּאַלאַצן, פֿון די קאַרדינאַלישע און סענארישע שלאָסן - סאַלקעס און איבערשטײַבלאַך און ניט װיסנדיק װאוהין און צו װעמען די אױגן צו װענדן, װי אַ פּשוט׳ער פּאַרטאַך - און טאַנדעט בעלי- מלאכה, אױך אַװעקגעשלעפּט זיך אין הפקר - גאַס אַרײַן מיט זײַנע װערק אונטערן אָרעם, — אין קאַפּריז - צונױפֿגעלאַטעטע אױסשטעלונגען, און אימפּרעסאַריע - טומלדיקע קאָנצערטן און אין מיש-מאַש רשות-הרבים׳דיקע זשורנאַלן איז ער, דער קינסטלער מגולגל געװאָרן. און טאקע פֿון אט דעם מאמענט אן און װײַטער הױבט זיך נס אָן אין לעבן פֿונם קינסטלער יענע װירקלאַך גרױסע טראַגעדיע, װאָס ביז איצט האט ער גאר קײנמאָל אַזױנס ניט געװאוסט: ער דער איבערגעטראַכטער מײַסטער און דער ערנסטער פֿאַכמאַן פֿון מאנומענטאַלער װערק איז עפּעס, װי פֿון דער העלער הױט פֿאַרװאנדלט געװארן אין אַ מין קינדערשפּילעכלאַך - אומן - יד, װאס שפּרײַזט אַרום איבער די מערק מיט אַ פּעקל אנגעלאָדן אַף די פּלײצעס. באמת קען מען זיך אױסמאלן נאך אַ גרעסערע טראַגעדיע אינם לעבן פֿון גײַסט? — און װער װײסט אפשר גאָר דערמיט אָט מיט דער טראַגעדיע לאזט זיך עס דערקלערן, װאס אינם לעצטן יארהונדערט האבן זיך עס אַזוי געװוימלט און געמערט זיך די פֿאַרשײדענע קונסט און קינסטלער לערעס, און למשל, אַז דאס אמת׳ע קונסט איז מיניאטוריש און נאר מיניאַטוריש און טאר ניט פֿאַרנעמען קײן גרעסערן פּלאַץ װי דאס לעכל פֿון אַ נאדל און אַז דער אמת׳ער קינסטלער דאַרף בכלל קײן מײַסטער ניט זײַן און קײן אײגענע בעלנים ניט האבן און נאך אַזױנע חקירה׳ס. אט דאס אַלץ, די אַלע לערעס און חקירה׳ס איז קאָן זײַן געװען בלויז אַ מיטל, אַ הײלונגס מיטל צו פֿאַרשרײַען און פֿאַרטױבן די טיפֿע און נאגנדיקע בײנקענעש נאך אַ אמת׳ן בלוט משפּחה׳דיקן בעלן, װאס זאל קומען אַלס אַ דערלײזער און װי פֿאַרצײַטן, אפֿזונדערן זיך טאַקע מיטן מײַסטער און העלפֿן אים מײַסטעריש שאַפֿן בתוך אבער?...— בתוך האט זיך געדאַכט, כמעט אַלעמען, אַז עס איז נימא קײן שום אױסגאַנג פֿון אָט דעם װידעראַנאַנד, װאס האָט אַרײַנגעשטעלט מחיצה׳דיק צװישן דער צװעקמעסיקער נאַטור פֿון קינסטלער און צװישן דעם הפקר׳דיקן כאַראַקטער פֿון גאַנצן לעבן אַרום און אַרום בכלל, און אַז דער עצם מין מײַסטער שטײט שױן. אײגענטלאָך. כמעט מיט בײדע פֿיס אַף יענער װעלט.

### .V

נאר אט האט פּלוצלונג, און אפשר טאַקע פֿאַר אַלעמען אומגעריכט, אַ מעשה פּאַסירט אַ װאונדערבאַרע מעשה: אין אײן טײל פֿון דער װעלט — אין —רוסלאַנד — איז מיט אַמאָל דער מאַרק גופא און אַלץ װאס אַפֿן מאַרק און אַרום מאַרק מיט די אַלע קױפֿערס בלינדערהײט און אַלע פֿאַרקױפֿערס אומגעזען, אַפֿילו מיט צאַפּלדיקע ערב-ירידן און פּוסטע נאָך - ירידן, ממש טאַקע, װי מיט אַ רױך אַװעקגעגאַנגען און פֿאַרשװאונדן געװאָרן, און בײַ דעם אקארשט פֿאַרצװײפֿלטן קינסטלער האבן זיך פֿול מיט האפֿנונג אין דערװאַרטונג, די אױגן געעפֿנט:

—ווער ווייסט, עס קאָן זיין טאַקע איצט, בעת דאָס מין „אַנגרא״ ווערט דורכאויס און בכלל בטל, וועט זיך אויך צו אים צו דעם קינסטלער זיין געווע־זענער געבראוויכער, אַט דער אַלטער און איינאיינציקער בעלן אומקערן און פונקט, ווי גאָר פאַרצייטן און אַמאָל, וועט ער דער קינסטלער הייסט עס, ווידער־ווי פריער ווערן מייסטער?..— עס קאָן אַלץ זיין, בפרט, אַז מען זעט דאָך טאַ־קע באַשיינפּערליך, ווי ביז איצט אומגעהערטע און אומגלויבלאַכע זאַכן ווערן מקוים, בפועל־ממש, אַט יעדער טאָג, אף יעדער טראַט פאַר אַלעמען אין די אויגן.

און עס האָט אים אָנגעהויבן ציען אַט דעם קינסטלער פון אַלע שבטים און פעלקער, וואָס באַזיצן דאָס געוועזענע און איצטיגע רוסלאַנד, און אויך אַפילו פון דערווייטנס און גאָר פון דער פרעמד צו אַט דער שפּאָגל־ניי געשאַ־פענער אַרבעטס און אַרבעטער מלוכה, אַזוי התמדה׳דיק און אנגעשטרייגגט און וואָס ווייטער אַלץ דרינגענדיקער און האַסטיקער עפּעס ווי צו אַ געגאַרט אויס־געביינקטן לעצטן פונקט, אַט א שטייגער ווי אייביקע און אויסגעוואָגלטע נע־ונד׳־ניקעס אַף די צודרוזגעטע עלטערע יאָרן שמאַכטן אַזוי נאָך דער שקיעה־רוהיקייט פונם פאַרצייטיגן געבורטס־אָרט, און נאָכן באַזילבערטן און דורכזיכטיקן אָפּ־גלאַנץ פון די ווייט ווייטע און צו זיך רופנדיקע און טולנדיקע יוגנט־זכרונות.

## ה. בלאשטייז ⁝ פון ציקל „קאַווקאַז״.

ק אַ ז ב ע ק.

אין הייסער רויזנפרייד זיך באָדן דיינע פיס,
קאַווקאַזער ריז,
ברייט־אַקסלדיקער באַרג,
קאַזבעק!
און יעטווידער אַאָל,
וואָס דראַפּעט זיך און קלעטערט
אַף דיין קאַרק,
איז ווי אַ יונג פאַרליבט געמיט
צעבליט,
מיט ווייַן און לידער איבערפול...
דאָך, ביזטו,
באַרג,
מיט קאָפּ פון דר׳ערד
אַוועק צו ווייט—
און ס׳זומט דיין שטערן שטום
אַ קאַלטער שניי־געדאַנק...
און ס׳בלעטערט,
זיפצענדיק,

אין לופטן איבער דיר,
דאס הארבע בוך פון איינזאמקייט
דער ווינט... — — —
די ווילדע ציג,
וואָס שפרינגט אַף דיר אַרום
און שרייט
אין ווייט
אַריין אַ שאַרף און ווילד געשריי —
צי איז זי נישט אַן עכאָ פון דיין עלנט-וויי?...

איך האָב אַ רויטע רויז
געבומען באַ דיין פוס,
און מיטן שטעגעלע,
וואָס גנב'עט זיך מ'ט זייט
און דראַפּעט זיך צו דיר אַרוף,
און שיקט פון דאָרט אַן אָדלער-רוף
אַראָפּ —
געבראַכט האָב איך אַ הייסן יוגנט-גרוס
דיין טרויעריקן אַלטן קאָפּ...
איך האָב דעם רויזן-פלאַם אַף פינקעלאַך צעשטויבט
און אַפן ווינט צעבלאָזן זיי, —
און ס'האָט דיין טויטער שניי
מיט הייסע יונגע טראָפּנס בלוט געבליט...

# שכור - טאַנץ.

פון ציקל, „שכורע מלוכה“

כאַ-כאַ-כאָ! כאַ-כאַ-כאַ! —
ס'טאַנצט די לופט און טופּיעט אויס'עט ווילדע פאַ...
ס'יאָגט זיך נאָך, נאָך מיר דער אומעט מיט אַ גרויער נעץ,
ס'קוקט אַרויס דורך געטער-אויגן — ליימענגעץ...
און אין האַרצן עפּעס וועבט זיך שאָטנדיק און גראָ...
קער איך אויס מ'ט ווילדער אימפּעט
ביזן דעק דעם בעכער —
און צעלאַך זיך הויך און העכער:
כאַ - כאַ - כאַ !...
כאַ - כאָ - כאָ ! —
ווער אין שכור - טאַנץ פאַרשווינדלט,

שוואַרצע יאוש - שעה!..

כאַ - כאַ - כאָ!
כאַ - כאַ - כאַ! ...
אומעט שאַ!...
זע, די העלע שפיגלען טאַנצן, טאַנצן מיט דער וואַנט...
אין דער לופטן וויגט זיך, דרייט זיך זייער זילבער - גלאַנץ...
ס'איז די וועלט — אַ טאַנץ!...
כאַ - כאַ - כאַ! אין שפיגל דאָרטן מיט אַ כוס אין האַנט,
מיט צעשויבערט -ווילדע האָר — ווי דערנער — אַפּן קאָפּ,
שווינדעלט עמיץ, שפרינגט: היפּ - האָפּ!
הויבט זיך אוף און אָפּ
דיל און סטעלע טיש און פענסטער —
וואָס אַרום נאר דאָ...
שאָטנס לויפן אַף די ווענט אום
הענדום - פענדום
יאָגן זיך ווי גרויע קעץ...
לאַך איך,,, פויקט די לופט צום טאַנץ צו — פייקלט ווי אַ לץ:
כאַ - כאַ - כאַ! כאָ - כאָ - כאָ!
כאַ - כאַ - כא...

מייקאָפּ, קאַווקאַז 1921.

# ס'טאַנצט דער זומער...

ס'טאַנצט דער זומער אין די וועלדער מיט אַ נאַקעט שטראַליק לייב...
קייקלט זיך פון תאוה שכור, אַף די פליינען אַף די גרינע...
אַלטער דו! מיט טויזנט אויגן היט אַ צינד דיין יונגעס ווייב!
האָסט באַמערקט? עס איז אַ דבוק טיף אַריין אין איר פּיאַנינע...

יעדן אָוונט גאנצע שעה'ן רייסט ער קייטן, קלאָגט און לאַכט...
ניט קיין טענער — ס'שוועבן, ס'זשומען בלומענזוכנדיקע בינען... —
וועסט זיך אַויפכאַפּן, דו אַלטער, אין אַ הייסער בלויער נאַכט —
און דיין ליידנשאַפט די וועלקע וועט אַ פוסטע בעט געפינען!

וועסטו פּיס אין נאַכט-שיך שטעקן און זיך לאָזן איבער הויז — — — —
און דערנאָך צום בעט צופאַלן מיט אַ קלאָג אַ הילפלאָז - טריבן...
און דו וועסט דיין ווײַ אויסקלאָגן פאַר דער אָפּגעוועלקטער רויז,
וועלכע איז דאָ אַף איר נאַכטיש אַפּאַריטומ'טע געבליבן...

## פ. מאַרקוס. ‖ אַ שטרייק־ברעכער.

### נ אָ ו ו ע ל ע.

1.

די גרויסע שווערע קעלער טיר פון בעקעריי לאָזט זיך יעדן פרימאָרגן אַרונטער, קלאַפּט צו מיט איר מאַסיוון האַמעטנעם געמאַך ווי געזאָגט:

— בלייבט דאָ, עס שטייען קאַסטנס גרויסע, טיפע, וואָס נעמען אַריין אין זיך זעק מעל מיט טייכן וואַסער, און אַזויון וואָס שלינגט ווי אַמחבל, האָלץ און טייג און ווערט קיין מאָל ניט זאַט — זיי דאַרפן דיר האָבן.

די טיר, אונטערגעשפּאַרט אַף אירע דיקע זאַוויעסעס, איז געווען אָפן איבערן קליינעם טרעפל זיינען געלאָפן אַרויף און אַראָפ דער באַלעבאָס און פרעמדע מענשן מיט בלאַסע אָבער ניט קיין בעקערשע פּנימער, זיי האָבן יעדער ווײַלע מיט די אַרבעטער געכאַפּט אַ שמועס אַ קורצן, ווי אַ זייגער אויסקלאַפּ און לאַנג גאָר לאַנג זיך געאַמפּערט מיטן באַלעבאָס...

פון די פרעמדע, אַ דיק פולער בחור, מיט אַ הייזעריגע שטימע און קליינע גראָהע אויגעלעך, האָט אַרויסגענומען פון פאַס קעשענע, וועלכע איז געווען געגורט זיין זומערדיגע שוואַרצע העמדל, אַקליין אָפּגעריבענעם שוואַרצן זייגערל און קורץ מיט אַ געצייגענעם טאָן זיך ווענדנדיק צום באַלעבאָס, אַרויסגעזאָגט:

— ביז אַכט...

מיט „אַ גוט נאַכט“ צו די אַרבעטער, ניט קוקנדיג אַפן באַלעבאָס גלייך ווי זיי וואָלטן מיט אים קיין מאָל ניט גערעט, זיינען זיי אַרויס פון בעקעריי. דער דיקער בחור האָט זיך אין מיטן וועג אומגעקערט, גענומען עפּעס וואָס ריידן מיטן אַרבעטער, וואָס איז געשטאַנען ביי דעם ערשטען קאַסטן. יענער האָט אים ניט געלאָזן ריידן, זשמורענדיג, אַזאָג געטאָן עפּעס, דער דיקער בחור איז געווען שטאַרק צופרידן, און שמייכלענדיג מיט די גראָהליכע אייגעלאַך געדריקט דעם אַרבעטער פעסט די האַנט..

עס איז געוואָרן צוריק שטיל, די טיר האָט זיך פאַרמאַכט די אַרבעטער זיינען געשטאַנען אנמוטיגע, אַריבערגעבויגן מיט די ווייסע כאַלאַטן איבער די קאַסטנס, די מוסקולן האָבן זיך שווער און אנגעשטריינגט באַוועגט מאַכנדיג קורצע פויזעס.

דער טייג האָט זיך ניט געקלעפּט. דער באַלעבאָס איז געזעסן אַף אַ זעקל מעל, די קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן אַ צווייטן זעקל, געביסן די בּרעגן וואָנצן און שפּיץ בערדל, האַלטנדיג די אויגן אַיינגעגראָבן אין זיך. ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צו די אַרבעטער, זיך שטאַרק אָנשטריינגנדיג צו שאַפן אַ פרייליכע מינע געפּרובט מאַכן אַ וויץ מיט די אַרבעטער, אַקלאַפּ טאָן וועמען אין פּלייצע אין זעענדיג, אַז חברה שווייגן איז ער אַריבער צו אַ שמועס טאַקע מכח אָט דעם ענין און גערעט האָט ער לאַנג, גאָר לאַנג,,, די אַרבעטער האָבן געשוויגן, ער איז געבליבן פּלוצים שטיין, פאַרשלונגען דעם וואָרט, זיך אַ חאַפּ געטאָן ווי פון אַ ביס, אַ קלאַפּ געטאָן האַסטיג מיט די טיר און איז אַרויס...

די אַרבעטער האבן זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ בליק, די אויגן צוריק איינגעגראָבן אין קאַסטן טויג; איליאַן דער קריסטליכער בחור, וואס רעט מיט אַכריפּ, מיט די לאַנגע מאָגערע האַלז, האָט אָנגעהויבן אונטערצוברומען אַ לידל. דאס איז געווען אַ אומעטיגס, די אַרבעטער האבן אים אונטערגעכאַפּט. באַלד האָט דער פרישער אַרבעטער מיטן שוואַרצן שיטערן ישיבה־בחורישן בערדל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל ביי דעם לעצטן קאַסטן — אָנגעהויבן איבערשרייען מיט אַ שטאַרקערן, מונטערן מאָטיוו, די אַרבעטער זיינען אַריבער צו אים, און איליאַנס לידל האָט געגומען גוסן...

דער פרישער אַרבעטער האָט ארויסגענומען פון דער אונטערשטער קע־שענע אַ זייגערל. געגעבן איבערן קאַסטן, אַ איינצעלנעם אָפּגעהאקטן שטריינג קלאַפּ. די אַרבעטער האָבן זיך אויסגעגלייכט, דער געזאַנג איז איבערגעריסן גע־וואָרן. די קלאַנגען זיינען ווי היינגען געבליבן אונטערן נידעריגן בעליק און פאַרפאַלן געוואָרן אין גרויסן אויוון מיט די גרויסע מויל... די אַרבעטער האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן אינאיינעם:

— די לעצטע התראה דאַרף מען שיקן!

לייבע, שוין אַ עלטערער ארבעטער, מיט אַ פליכּוואַטע קאפּ איז די גאַנצע צייט אָן אַ זייט שווייגנדיג געשטאַנען, ער האט עטליכע מאָל אָנגע־הויבן אונטערצוכאַפּן דעם ניגון, נאָר עס איז ניט געגאַנגען... זיין שטים איז געבליבן שטעקן אין קעלע. ער האָט זיך איצט אויך צוגעשאַרט נענטער, זיך עטליכע מאָל אָפּהוסטנדיג, אין אַ בעטנדיגן טאָן, פאָרגעלייגט:

— חברים, רעדט ניט שטריינג, בעסער מיט גוטן, אים אויפווייזן אַז מ׳קען ניט דורכקומען, אַלץ איז טייער,,, ער איז דאך אויך אַ מאָל אַ אַרבעטער געווען,,,

עטליכע אַרבעטער פאַר וועמען ס איז געווען ניי, אַז דער באַלעבאָס איז אַמאָל געווען אַ אַרבעטער, האָבן אויסגעשטעלט אַף אים די אויגן מיט נייגעריקייט. דאָס האט אים צוגעגעבן מוט און ער האָט ווייטער גערעט, אָנווענדנדיג דעם טראָפּ, אַז ער לייבע האָט מיט אים בחורווייז געאַרבעט ביי איסערסקען אין בעקעריי, און ווייטער די זעלבע איבערגעחזרט, אַ מ׳דאַרף מיט גוטן און נאָר מיט גוטן, אַלע מאָל פירט מען בעסער אויס מיט גוטן. קיינער האט אים ניט געהערט, די פּאָר אַרבעטער זיינען ווידער אין קופּקע געשטאַנען, און ס׳האט זיך קיינער ניט געפונען, וואָס זאָל אַפילו מאכן די קלענסטע באַמער־קונג אף זיינע רייד. דער פרישער אַרבעטער האָט זיך שטריינג און קאַלט אַרויס־געזאָגט, מען דאַרף שיקן עמיצן מיט דער לעצטער התראָה דעם באַלעבאָס:

— יאָ אדער ניט.

אַלע האבן אונטערגעכאַפּט און עס איבערגעחזרט.

דער ארבעטער, וואָס איז געגאַנגען צום באַלעבאָס האָט זיך צוריק געקערט, פון אַלע זייטן האט מען אים אַרומגערינגלט און אין דער רגע אַפילו קיינוואַרט ניט אויסריידנדיג האבן אַלע געכאַפּט די אויבערשטע רעקלאַך, איבערלאָזנדיג דעם ברענענדיגן אויוון מיט די אָפענע קאַסטנס, און זיך בהלה׳דיג געלאַזן צום טיר.

דער באַלעבאָס איז זיך ווי אַלעמאָל געשטאַנען האַרט ביים טאָמבאַנק, צום אנהויב קאַלט נאָכגעקוקט גלייך ווי אים גייט דאס ניט אן, אָבער באַלד זיך גענומען אויפרעגן, נאָכשרייענדיג היִטציג זיי:

— היִנט, שכּורים, ראַבושניקעס, אין מיטן דער אַרבעט!?.

— בלוט זויגער! — האָט אַ לערע-איִנגל, דער קליינער שמוּליק, זיך אָפּקערנדיג אַ געשריי געטאָן. אַ עלטערער אַרבעטער האָט אים אַ שלעפּ געטאָן פאַרן האַנט און אים אָפּגעצויגן:

— טפוּי, עס פּאַסט ניט פאַר אַ באַוואוסטזיניגן ·אַרבעטער.

ביים ווינקל גאַס זיינען די אַרבעטער שטיין געבליבן, דאָרטן האָבן שוין אַף זיי געוואַרט חברים פון אַ אַנדער סטרייקענדער בעקעריי, מ'האָט זיך באַגריסט, אַ ביסל געשטאַנען און נאָכדעם זיך צושיידט. עטליכע זיינען אַריין אין נאָהנטן שיינק,,, אַנדערע האָבן זיך שנעל אַוועקגעשלייכט; אין די דערבייאיגע געסלאַך,,,

לייבע איז געבליבן אַליין, ער האָט געזאָלט נאָכשרייען די אַרבעטער זיי זאָלן אים אויך מיטנעמען, אַלץ איינס אַ יוּאָו, אין שטוב קען ער ניט גיין אַזוי פרי, די ווייב ליגט אַ קראַנקע, זי וועט פאַרשטיין,,, ער וויל נאָך וואָס זאָגן, מ'זאָל אים איצט הערן,,, נאָר קיינער איז שוין ניט געווען. ער איז אַ צייט אַ פאַרטראַכטער געשטאַנען,,, ער האָט זיך אומגעקערט און מיט האַסטיגע טריט גענומען שפּרייזן צוריק צו דער בעקעריי:

— ער וועט אַליין מיט אים ריידן, ער איז דאָך אַליין אַ אַרבעטער געווען, מיט אים צוזאַמען געאַרבעט, ער וועט זיך דערמאָנען, ער וועט אים זאָגן, ער וועט אים אַוודאי פאָלגן, אַט די „שנעקעס" ווייסן ווי צו ריידן?...

II.

איבערן בעקעריי האָט אַרומגעשפּאַצירט הין און צוריק דער באַלעבאָס, ער האָט וואָס געריִדט מיט דער באַלעבאָסטע, וואָס איז נעבן אים געזעסן,! לייבע איז אַריין, עס איז געוואָרן שטיל. דער באַלעבאָס האָט לייבען שטאַרק אָנגעקוקט און שמייכלענדיג אַ זאָג געטאָן, סאַרקאַסטיש:

— דו לייבע ביזט אויך אַ סטרייקער, גלייך מיט דער חברה... נו!...

די באַלעבאָסטע, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט אָן אַ זייט און געמאַכט ווי זי וואָלט לייבען ניט באַמערקט, איז צו אים צוגעגאַנגען:

— אַ, לייבע, אַ גוטן אָוונט, אויך אַ סטרייקער?,— ווילסט אַגלאַז קאַווע אודאַי? און ניט וואַרטנדיג אַף קיין ענטפער געקלונגען אין קיך אַריין, און דער ווייִלע געקלאַפּט מיט אירע ווייכע ווייבערשע הענטל לייבען איבערן פּלייצע:

— אַוודאַי נו, מילא...

לייבע האָט געשוויגן, אים האָט פאַרדראָסן, וואָס ער איז גאָר אַריין. אונטער די ווייכע ווייבערשע האַנט מיטן שמייכל צוקריכט צושווימט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט דעם באַלעבאָס זאָגן... דער באַלעבאָס הערט ניט אויף אַ אויפגערעגטער צו ברומען:

— יונגאַטשעס,,, היינט,,,

לייבע שאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ,,, יא.,,

די דינסט האט אַריינגעטו־אגן די קאווע, די באַלעבאסטע האָט אנגע־שריען אַפּן מאן, הלמאַי ער רעגט זיך אויף, אייגס לוינט ניט, והשנית קאָן עס שאַטן צו זיין געזונט,, זי האָט איר שטול צוגערוקט נענטער צו לייבעס, און מיט אַ רחמנות־טאָן גענומען זיך אויספרעגן ביי אים מכח זיין ווייבס קראַנק־הייט, און געהאַלטן אין איין באַשאנען, אַז זי דאַרף נאָר האבן גוטע פלעגע.

לייבע האט עס אונטערגעכאפּט, אין גענומען דערציילן מיט אַלע פּרטים וועגן דער ווייבס קראַנקהייט, און אַריבער צו די קינדער, אַז זיי זיינען אויך שוואַך.,. ער האָט געפילט, אַז עס ווערט אים לייכטער, ער געפינט די וועג, ווי אַזוי צו זאָגן דעם באַלעבאס, אַז ס'איז שלעכט, מען קען ניט דורכ־קומען מיט די שכירות. די באַלעבאָסטע האט אים ניט געלאזט ענדיגן:

— זי מיינט אויך די זעלבע, אַודאַי איז שווער פאַר אַ מענשן מיט אַ פאַמיליע ווי ער, און זיך צובייזערט אפּן מאַן, הלמאַי, ער האט אים נאָך יענע וואָך ניט געהעכערט. אַזוי ריידנדיק איז זי צוגעגאַנגען צום טאָמבאַנק, אַ קלונג געטאָן מיטן בונט שליסלען פון אַונטערן פאַרטוך, און אַרויסנעמענדיג אַ מטבע האָט זי עס אַריינגעשטופּט לייבען אין קעשענע:

לייבע האָט אויפגעציטערט:

— טפו, אַ נידעריגער מענש בין איך, אַ פאַררעטער... טפו..

— איר הערט, איר זאלט קויפן פאר דער ווייב אַ פלעשל ווייז — האט אים די באַלעבאָסטע איבערגעהאַקט די געדאַנקען.

— איר הערט, ניט אַנדערש, נאר אַ גוטע. — און נאָך אַ קליינער פויזע איז זי אַריבער אין אַ קאלטן טאן, גלייך ווי קיין זאַך וואלט ניט געווען:

— לייבע שפּעטיגט זיך ניט, קומט מארגן פרי, איר הערט, ניט אַנדערש.

III.

לייבע האָט זיך געשטעלט אַרבעטן, ער האט עטליכע מאל די חבוים אנגע־טראפן, זיי האבן צו איםגארניט גערעדט, נאָר געווארפן אַ קורצן, קרומען בליק פול מיט פאַראַכטונג,,, דאס האט אים שטאַרק וויי געטאן, ער וואלט אַזוי געוואלט זיי זאָלן צו אים ריידן, אפילו האַרט, שטריינג און נאר האַרט:

— לייבע! ביסט אַנידעריגע בריאה, ביסט ניט ווערט, וואָס די ערד טראגט דיר!

ער פון זיין זייט וואלט זיי די גאַנצע האַרץ אויסגעגאסן. געוויינט,., דעם גאַנצן אמת דערציילט: „טאַקי איך בין אַ מיאוסע בריאה. איר זייט גערעכט נאר הלמאַי האט איר יענעם אוונט מיר געלאזן אַליין,., די ווייב איז קראַנק.. מען האט געקויפט ווייז פאַר איר...

ער וואָלט אַף די קני געפאַלן, געקושט זיי די הענט, זאלן זיי אים מיט געוואַלט פון דער אַרבעט אַראפּנעמען,,, ער איז שוואַך,,, די ווייב איז קראַנק,., זאלן מען אים שלאגן, עס זאָל אַפילו בלוט רינען,,,

פאַרטאָג. ווי אַ גנב איז ער אין בעקעריי אַריין, זיך אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן, האָט אַיינגעהייצט דעם אויוון, און פלוצלונג אַראפּגעוואָרפן פון זיך דעם ווייסן שירץ און איז אַרויס אפּן גאַס. אַ רעכטע ווייַלע האָט ער זיך ארומ־געדרייט, און געטראַכט:

„ווען איך טר׳ף איצט אן אַ חבר, וואָלט איך אים אפּגעהאַלטן. אים דערציילט אַלץ,, אַלץ. זאָל יענער אפילו ניט וועלן הערן, קוקן. איך וועל אים האַלטן פּיסט, פעסט, ניט אָפּלאָזן...

פון ווינקל גאַס האָט זיך אַרויסגעשלייכט איליאַן דער קריסטליכער אַרבעטער מיטן לאַנגן טרוקענעם האלז. ער איז געווען האַלב פאַרשלאָפן און שכור, זיך געוואַקלט, געפּלאָנטערט די פיס. פאַכנדיג אין דער לופט מיט די קולאַקעס, ווי אין כעס בורטשענדיג...

לייבע האָט אויפגעציטערט, ער האט געפילט, אַז ער ווערט אינגאַנצן בלאַס, און אין האַלז הויבט אים אן צו שטיקן,,, און אַ געדאַנק איז אים דורך אַז איליאַן פאַכט דאס קעגן אים די קולאַקעס און ער הערט:

— ליי...באַ — ליי...באַ!

לייבען האט שוין געהאַט פאַרדראסן, וואס ער האט איך אפּגעהאַלטן און האָט זיך גענומען פאַרדרייען אין דערבייאיקן געסעל. איליאַש איז אים נאָכגעלאָפן געצויגן אים פאַרן אַרבל, האַלטנדיק זיין רעקל אין האַנט, וועלכן ער האָט פון זיך אַראָפגעוואָרפן און געשריען:

— נאַ שטרייק ברעכער! קויף דעם רעקל! האסט דאך געלט!.. נבלה איינע.

לייבע האט זיך געפּרובט אַרויסרייסן פון אים, איליאש האט אים פעסט געהאַלטן און ניט געלאזן. לייבע האט זיך, אנשטריינגנדיג, אים מיט אימפעט אַ שטופּ געטאן פון זיך, איליאַש איז געפאַלן מיטן פּנים אן ברוק און אַ שטראם בלוט האט אַ שפּריץ געטאן אין דער הויך,,, לייבע איז שטיין געבליבן, אַ צושראקענער זיך אומגעקוקט, עס האט זיי אַרומגערינגלט אַ עולם, עמיץ האט געהאָלפן איליאַנען זיך אויפהויבן, איליאַ איז מיט אימפעט צוגעלאפן נאך אַ מאָל צו לייבען, אויסגעשטרעקט אַ נאַקעטע האַריגע האַנט און געברומט:

— נא, שלאג, שטרייק - ברעכער! מיר וועסטו שלאגן היגטישע נשמה?! וואַרט, מיט דיין טויט וועסטו ניט שטאַרבן!,,, און מיט אַ קליינעם מעסערל זיך געפאָכעט הין און הער,

פון עולם איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן דער פּרישער אַרבעטער מיטן שוואַרצן ישיבה בחורשן בערדל,,, ער איז צוגעגאַנגען צו לייבען זיי האבן זיךביידע אנגעקוקט שטום אנווייזדיק מיטן פינגער אַף איליאַשעס פאַרבלוטיקטער קאפּ, ביים בחור האבן זיך צונויפגעפּרעסט די קולאַקעס,,, ער רוקט זיך נענטער צו צו לייבען עס ווערט אַ שטופּ ריי. עס דערהערן זיך אויסרופן — גוט, שלאגט!

— א איד, אַ אידן?!.

— אַמצווה, שלאגט, ער איז ווערט,,,

— אַרחמנות, געוויס אַ ווייב מיט קינדער,,,

לייבע קוקט זיך צושראָקן אַרום, די האַנט ווי צום שווערן, אַרויפגעלייגט אַפן האַרצן, דער בחור ווערט בלאַס, עס לאָזן זיך אים די קולאַקעס פאַנאַנדער, ער שפּייט אויס אין לייבעס זייט, און איז צו צו איליאַשן. אים אָפּגעווישט מיטן טאַשנטוך די בלוט, גענומען אונטערן אָרעם און פאַמעלאַך זיך ארויסגערוקט.

דער עולם צו גייט זיך ביסלאַכווייז... לייבע קוקט זיך אום, און מיט אַנ׳אַראָפּגעבייגענער קאָפּ, שלייכט ער זיך אויך אוועק...

ק. זינגמאן || זומער־גליק.

I.

ט ע ג.

אין אויסגעלויטערטע, גריניקע, בינזשומיקע
און בלומיקע טעג
ווער גייט מיט מיר אויעק
אינ׳ם שאַרכעדיגן, פול־סודות האָרכעדיגן
גרינצווייגעדיגן, שווייגעדיגן וואַלד?
ווער וויקלט זיך ווי איך מיט גרינבלאט איין
און באָדט זיך אויס מיט שאָטנשיין
און ווערט פאַרשיכורט פון וואלדיש ווײַן, —
גאַנצע טונען
זונען
איז אויסגעגאָסן אויף אַלע וועגעלאך
שטעגאַלאַך
פונ׳ם וואלדישן פאַרנעם...
העי, איר טויבע!
איך וועל אין בלויאיקן זוניקן פאַרטאָג
דעם פאַסטוך־פייפל נעמען
און דאַן וועט איר זיך שעמען
און וועט שוין ווי אַ סטאַדע קומען צולויפן
אַלע — מידע, פאַרסאָפּעטע אַהער...
העי, איר פוילע ניכטערע נשמות!
פאַרלאָזט די שטאָט, פאַרמאַכט די קראָמען
גלייכט אויס די קנייטשן פון אייער פנים,
עס איז דאָך זומער איצט!
איר שוויצט
באַ פולטן, טאָנביינק מיט בלייער׳ס אויגטערן אויער
ווייסט! —
אָפן איז דער טויער
פון הינטערן שטאָט!
קומט
זיך מתיחד זיין מיט גאָט
מיט אַ יונגן שטיפערישן גאָט...
איר הערט ניט? איר זייט טויב?
צו בלענדט אייך ניט די שטראַלן
פון יונגן זומער־פרינץ־זון? —
הערט! ווייסט!
עס וואַרט אויף אייך

אויף אונז אַלעמען
אַבעט געבעט פֿון גרינע בלעטער,
אַוואַלד מיט סאָסנע ביימער!
ע׳, ווערט אַלע טרוימער!
ווערט לוסטיגע קינדער:
ווערט זינדער!
עס רופֿט אייך דער נאַקעטער
אין זון ליכט זיך באדנדיקער וואַלד!
ע׳, קומט מיט מיר
אין שימערדיגן וואַלדישן גלאַנץ
אַ זומער טאַנץ...
עס דרייט זיך מיר דער קאפּ
פֿון זומער גליק..
פֿון זומער גליק!

.II

נ ע כ ט

זיין אויסגעשטערנטע לבניקע נעכט
איז גוט צו בלאָנקען אַליין מיטן שאטן פֿון „איך“
איבער גאַסן און סקווערן —
דו זוכסט אַ פאָרענציקן ביינקעלע אויס
ערגעץ אין אַ גארטן
און פֿאַרנורקעסט זיך דארטן
און לאזט פֿריי זיך צו פאכן די פֿליגלען
דיין פֿליגלדיקע טויב — דיין יוגנט טויב —
זאָל זי פליען, זאָל זי פֿליען...

זי וועט אקלאַפּ טאן
די טייבעלע
אין שייבעלע
פֿון דיין קעמערל —
זכרונות...
און ס׳וועלן אַרויס אויף דער וועלט
ווי פון אויפגעפראַלטע שווארצע אַרונות
געסט,
אַזוינע מאדנע אויסטערלישע געסט...
צט זעסט: זי׳עלאַך, אַלע מיט טרוימישע אויגן
מאָנען בא דיך:
וואו איז דיין יוגנט?..

וועסטו אַנטלויפן אַ ווילדער, אַ בייזער פון דאָרטן;
ס'וועט פאַר דיינע אויגן זיך צושווינדלען
די ביימער, דער גאָרטן,
און אַלעס וועט טאַנצן אַ קאַרעהאָד טאַנץ...
וועסט קוקן, זיך וואונדערן
געבליבן ביזט גאַנץ
פון שדישן טאַנץ,
וואָס האָט זיך צושפּילט און צווישעט
אין אַ שטיליקער, שפּיליקער, לבניקער נאַכט..

— — — — — — — — — — — — —

ביזט אַוועק אינם גריניקן,
רוישיקן נאַכטיקן וואַלד.
שוואַרץ - נאַכט און וואַלד - רויש
האָבן דיך אין קלעמבעס גענומען
און פאַרשטומט איז דיין גומען
און ס'איז פאַרשוואונדן דיין וויי —
עס זאָגט די נאַכט:
שטיי!
ווערסט דאַן שטאָלץ און פריי און הויך
ווי די נאַכט,
די וואַלדישע נאַכט —
ווערסט דאַן מוטיג און גרויס
ווי די ערד — דער וועלטן — שוים..
דו ווערסט הערשער אין איינעם מיט איר
און זי — מיט דיר!
דו ווערסט אַ שטיק פון דער נאַכט
מיט איר זינד און איר לוסט,
מיט איר בלויזע, הוילע ברוסט...
וואָס זי אַנטפּלעקט
אין אַ שטיליקער, שפּיליקער, לבניקער נאַכט...

— — — — — — — — — — — — — —

קאָוונע.

# שלומית.

טראַגעדיע אין 1 אַקט

פון אסקאר אוײַלד.

אידיש:

ביניש שטיימאן.

# פ ע ר ז א נ ע ן.

**הורדות אַנטיפּה,** דער טעטראַרך פון יהודה.

**יוחנן המטבל.**

**אַ יונגער סיריער,** דער עלטסטער פון וואַך.

**טיגעלינוס,** אַ יונגער רוימער.

**אַ קאַפּאַדאָציענער.**

**אַ נוביער.**

1-טער **קריגסמאַן.**

2-טער **קריגסמאַן.**

**הורדיה׳ס פאַזש.**

**יהודים, נוצרים און אַנדערע.**

**אַ שקלאַף.**

**נעמן,** (תליון).

**הורדיה,** די ווייב פון טעטראַרך.

**שלומית,** די טאָכטער פון הורדיה.

**שלומית׳ס שקלאַפינס.**

*אַ גרויסע טעראַסע אין הורדות'ס פּאַלאַץ, וואָס שליסט זיך צו צום מאָלצייט־זאַל. עטלעכע קריגסמענער שטייען אָנגעשפּאַרט אָן די פּאַרענצעס. אַנטקעגן אַ גרויסער לייטער. אויף לינקס אין דער טיף אַן אַלטער מקוה מיט אַ צוים פון גרינע בראָנז. לבנה־ליכט.*

יונגער סיריער: ווי שעהן איז היינט אוונט די בת־מלכּה שלומית.

הורדיה'ס פּאַזש: טוט אַ קוק אַף די לבנה, באַ דער לבנה איז זעער אַ מאָד־נער אויסזען, זי איז ענלאַך אויף אַ טויטע פרוי, מען קאָן מיינען זי זוכט טויטע.

יונגער סיריער: באַ איר איז זעער אַ מאָדנער אויסזען. זי איז ענלאַך אויף אַ קליינע בת־מלכּה אין אַ געלן שלייער, באַ וועלכע די פיס זיי־נען פון זילבער, זי איז ענלאַך אויף אַ בת־מלכּה, באַ וועלכע די פיס זיינען ווי קליינע, ווייסע טייבעלאַך... מען קאָן מיינען זי גייט אַ טאַנץ.

הורדיה'ס פּאַזש: זי איז ווי אַ טויטע פרוי, זי באַוועגט זיך זעער לאַנגזאַם.

*(אַ רעש אין מאָלצייט־זאַל).*

1-טער קריגסמאַן: סער'אַ רעש! וואס פאַר ווילדע חיות ברומען דאס?

2-טער קריגסמאַן: די יהודים. זיי זיינען תּמיד אַזוי. זיי זיינען זיך מתוכח וועגן זייער גלויבן.

1-טער קריגסמאַן: פאַרוואס זיינען זיי זיך מתוכח וועגן זייער גלויבן?

2-טער קריגסמאַן: איך ווייס ניט, זיי זיינען זיך תּמיד מתוכח... די פרושים, צום ביישפּיל, באַשטעטיגן, אַז ס'זיינען דא מלאכים און די צדוקים זאגן, אַז מלאכים עקזיסטירן ניט.

1-טער קריגסמאַן: איך האַלט פאַר לעכערליך צו שפּארן זיך איבער אַזעלכע

ענינים.

יונגער סיריער: ווי שעהן איז היינט אוונט די בת־מלכּה שלומית!...

הורדיה׳ס פּאַזש: איר קוקט שטענדי׳ג אויף איר, איר קוקט צופיל אויף איר. מען טאר אַזוי ניט קוקן אויף מענשן... ס׳קאן זיך טרעפן אַ אומגליק.

יונגער סיריער: זי איז זעער שעהן היינט אוונט.

1-טער קריגסמאַן: ביי׳ם טעטראַ־ך איז אַ טרויעריגער אויסזען.

2-טער קריגסמאַן: יע, ביי אים איז אַ טרויעריגער אויסזען.

1-טער קריגסמאַן: ער קוקט אויף עפּעס.

2-טער קריגסמאַן: ער קוקט אויף עמיצן.

1-טער קריגסמאַן: אויף וועמען קוקט ער?

2-טער קריגסמאַן: איך ווייס ניט.

יונגער סיריער: ווי ס׳איז בלייך די בת־מלכּה! איך האב קיינמאל איר ניט געזען אַזאַ בלייכע. זי איז ענלאַך אויף א אפּשפּיגלונג פון אַ ווייסער רויז אין אַ שפּיגל פון זילבער.

הורדיה׳ס פּאַזש: מען דארף ניט קוקן אויף איר, איר קוקט צופיל אויף איר.

1-טער קריגסמאַן: הורדיה האט אנגעגאסן ווייַן דעם טעטראַרך.

קאַפּאַדאציאנער: די מלכּה הורדיה איז אט די, וואס איז אין שוואַרצן שלייער באַזייט מיט פּערל, בא וועלכע די האר זיינען געפּארבן העלבלוי?

1-טער קריגסמאן: יע, דאס איז הורדיה. דאס איז די ווייב פון טעטראַרך.

2-טער קריגסמאַן: דער טעטראַרך האט זעער ליב ווייַן, ביי אים איז פאַראַן דריי מינים ווייַן: איינס פון אינזל סאַמאטהאַראַץ פּורפּור־רויט ווי דעם צעזארס־מאַנטל.

קאַפּאַדאָציענער: איך האָב קיינמאל ניט געזען דעם צעזאַר.

2-טער קריגסמאַן: דער צווייטער פון שטאָט ציפּרעס, ער איז געל ווי גאָלד.

קאַפּאַדאַציענער: איך האב זעער ליב גאלד.

2-טער קריגסמאַן: און דער דריטער איז סיצילישער ווייַן, דער ווייַן איז רויט ווי בלוט.

נוביער: די געטער פון מיין לאַנד האַבן זעער ליב בלוט. צוויי מאל אין יאר ברייַנגען מיר זיי אין אַ קרבן בחורים און מיידלאַך, — פופציג בחורים און הונדערט מיידלאַך, נאָר מסתּמה, גיבן מיר זיי קיין מאל ניט גענוג, ווייל זיי זיינען זעער בייז צו אונז.

קאַפּאַדאציענער: אין מיין לאנד זיינען ניטא קיין געטער, עס האבן זיי די רוימער פאַרטריבן, אַנדערע זאגן אַז זיי האבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין די בערג, אבער איך גלויב עס ניט. איך האב פאַרבראַכט דריי נעכט אין די בערג זוכנדיג זיי אומעטום, איך האב זיי ניט געפונען, צום סוף האב איך זיי גערופן נאָך די נעמען, אבער זיי האבן זיך ניט באוויזן. איך רעכן, אַז זיי זיינען געשטארבן.

1-טער קריגסמאַן: די יהודים דינען צו אַ גאט, וועלכן מען קאן ניט זען.

קאַפּאַדאציענער: איך קאן עס ניט פאַרשטיין.

1-טער קריגסמאַן: און בכלל גלויבן זיי נאר אין דאס, וואס מען קאן ניט זען:

קאַפּאַדאציענער: מיר קומט עס אויס אינגאַנצן לעכערלאַך.

יוחנן: (פון בעך) נאך מיר וועט קומען אַ אַנדערער, א שטאַרקערער פון מיר, איך בין ניט זוכה אַפילו פאַרנאַנדערצובינדן די רימענס פון זיינע סאַנדאַליען. ווען ער וועט קומען וועט זיך דער מדבר דערפרעהען ער וועט זיך צעבליען ווי א ליליע. די אויגן פון די בלינדע וועלן דערזען ליכט, און עס וועלן זיך עפענען די אויערן פון די טויבע. אַ ניי-געבארענער וועט לייגן זיין האַנט אויפן רוה-ארט פון פייער-שלאַנגן און וועט פירן לייבן פאַר די גריוועס זייערע.

2-טער קריגסמאַן: נייט אים שוויגן, ער רעדט שטענדיק נאַרישקייטן.

1-טער קריגסמאַן: ניין, דאס איז א הייליגער מענש, אויסער דעם איז ער זעער אַ גוטער, יעדן טאג טראג איך אים עסן, ער באַדאַנקט מיר תמיד.

קאַפּאַדאָציענער: ווער איז דאס?

1-טער קריגסמאַן: דאס איז אַ נביא.

קאַפּאַדאציענער: ווי רופט מען אים?

1-טערקריגסמאַן: יוחנן.

קאַפּאַדאציענער: פון וואנען איז ער?

1-טער קריגסמאַן: פון מדבר, וואו ער האט זיך מפרנס געווען מיט היישעריקן און ווילדן האניג. אויף אים איז געווען אַ קליידונג פון קעמל-וואל, און אויף די לענדן האט ער געטראגן אַ גורט פון פעל, זיין אויסזען איז געווען זעער ווילד, אַ גרויסער המון איז אים נאכגעגאַנגען, ער האט געהאַט אַפילו תלמידים.

קאַפּאַדאציענער: וועגן וואס רעדט ער?

1-טער קריגסמאַן: מיר ווייסן קיינמאל ניט. אפטמאל רעדט ער שרעקליכע זאַכן, נאר ס'איז אוממעגליך אים צו פאַרשטיין.

קאַפּאַדאציענער: מען קען אים זען?

1-טער קריגסמאַן: ניין דער טעטראַרך ערלויבט ניט.

סיריער: די בת-מלכה האט פאַרבאַהאַלטן דעם פנים אירן פאַרן פאָכער. אירע קליינע ווייסע הענט באַוועגן זיך ווי טייבעלאַך, וואס פליהען אַוועק אין זייערע טויב-נעסטן, זיי זיינען ענלאַך צו ווייסע שמעטערלינגן, זיי זיינען גאר, ווי ווייסע שמעטערלינגן

הורדיה'ס פאַזש: אבער וואס איז אייך דערצו, צו וואס קוקן אויף איר, מען דאַרף ניט קוקן אויף איר. עס קען זיך טרעפן א אומגליק.

קאַפּאַדאציענער: (באַווייזנדיג אויפן בעך) ס'ער אַ מאדנע תפיסה!

2-טער שריגסמאַן: דאס איז אַ אַלטער מקוה.

קאַפּאַדאציאנער: אַ אַלטער מקוה, דאס מוז זיין זעער שעדלאַך?

2-טער קריגסמאַן: ניין. אט, צום ביישפיל, דער ברודער פון טעטראַרך, זיין עלטערער ברודער, די מלכה הורדיה'ס ערשטער מאַן איז געווען פאַרזעצט דארט גאַנצע צוועלף יאר און ער איז ניט געשטארבן פון דעם. צום סוף איז נאך אויסגעקומען דערשטיקן אים.

קאַפּאַדאַציענער: דערשטיקן אים, ווער זשע האט געוואַגט דאס צו טאָן?

2-טער קריגסמאַן: (באַווייזנדיג אויפֿן תּליון, אַ גרויסן נעגר) אָט דער, נעמון.

קאַפּאַדאַציענער: און ער האט ניט מורא געהאַט?

2-טער קריגסמאַן: ניין, דער טעטראַרך האט אים געשיקט דאס רינג.

קאַפּאַדאַציענער: וואס פֿאַר אַ רינג?

2-טער קריגסמאַן: דאס רינג פֿון טויט, און דערום האט ער זיך ניט געשראָקן.

קאַפּאַדאַציענער: פֿון דעסטוועגן איז שרעקלאַך דערשטיקן אַ מלך.

1-טער קריגסמאַן; פֿאַרוואס? ביי די מלכים איז אויך אַזאַ האַלז ווי ביי אַנדערע מענשן.

קאַפּאַדאַציענער: מיר דאַכט זיך — דאס איז שרעקלאַך.

סיריער: די בת-מלכה שטעהט אויף, זי גייט אַרויס פֿון טיש, ביי איר איז זעהר אַ לאַנגווייליגער אויסזעהן אָ! זי גייט אַהער, יע, זי גייט צו אונז. ווי זי איז בלייך, איך האב קיינמאל ניט געזעהן זי אַזאַ בלייכע.

הורדיה'ס פּאַזש: ניט קוקט אויף איר, איך בעט אייך, ניט קוקט אויף איר.

סיריער: זי איז ווי אַ טויב, וועלכע האט זיך פֿאַרבלאָנדזשעט, זי איז ווי אַ נאַרציס, וואס געבויגן פֿון ווינט איז... זי איז ענלאַך צו אַ זילבערנעם בלום.

(עס גייט אַריין שלומית).

שלומית: איך וועל ניט פֿאַרבלייבן דאָרט. איך קען דאָרט ניט פֿאַרבלייבן. פֿאַרוואס קוקט דער טעטראַרך אַלץ אויף מיר מיט זיינע אויגן פֿון אַ מוילוואָרף, פֿון אונטער די ציטריגע וועגן? ס'איז זעער מאָדנע וואס דער מאַן פֿון מיין מוטער קוקט אויף מיר אַזוי. איך ווייס ניט, וואס זאל דאס באַדייטן... איבעריגענס, יע איך ווייס דאס.

סיריער: איר זייט אַוועק פֿון מאָלצייט, בת-מלכה?

שלומית: ווי די לופֿט איז דא פֿריש! דא צום סוף קאָנען אָטעמען. דאָרט, אינווייניק — די יהודים פֿון ירושלים, וועלכע בייסן זיך איבער זייערע נאַרישע מנהגים; און די באַרבאַרן, וועלכע טרינקן אַלץ און פֿאַרגיסן וויין אויף די פּליטן פֿון דיל; און די גריכן פֿון סמירנע מיט אונטערגעפֿירטע אויגן און אנגעפֿאַרבענע באַקן און אין רינג פֿאַרפֿלעכטע האָר; און די מצרים, די שווייגעדיגע און לוסטיגע, מיט נעגל פֿון נעפֿריט און ברוינע מאַנטלען; און די רוימער מיט זייער גראָבקייט, שווערקייטן און זידלערייען. אָ, ווי איך האב פֿיינט די רוימער! דאס זיינען גראָבע מענשן און האַלטן זיך פֿאַר די פֿאָרנעמסטע לייט.

סיריער: אפֿשר ווילט איר זיך זעצן, בת-מלכה?

הורדיה׳ס פּאַזש: צו וואָס ריידן מיט איר, צו וואס קוקן אויף איר. אָ, ס׳וועט זיך טרעפן אַ אומגליק.

שלומית: ווי ס׳איז אַנגענעם צו זען די לבנה! זי איז ענלאך צו אַ קליינע מטבע, מען קאָן מיינען דאָס איז גאָר אַ קלייניקער זילבערנער בלום. זי איז קאַלט און צניעות׳דיג די לבנה. איך בין איינגע-גלויבט, אַז זי איז מיידלש-ריין. ביי איר איז די שענקייט פון אַ יונגפרוי. זי איז אַ יונגפרוי, זי האט קיינמאל ניט באַשמוצט זיך. זי האָט זיך קיינמאל ניט אפגעגעבן מאַנסבילן ווי אַנדערע געטינס.

יוחנן׳ס שטים: ער איז געקומען ד׳ר האַר, ער איז געקומען דער מענשן-זון, די צענטאַוורען האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אין די טייכן, און די סי-רענען האָבן פאַרלאָזן די טייכן און באַהאַלטן זיך צווישן די בלע-טער אין וואַלד!

שלומית: ווער האט אויסגעשריען דאָס?

2-טער קריגסמאַן: דער נביא, בת-מלכה.

שלומית: אַ, דער נביא, דער פאַר וועלכן עס האָט מורא דער טעטראַרך?

2-טער קריגסמאַן: מיר ווייסן גארנישט פון דעם, בת-מלכה. דאָס איז יוחנן הנביא.

סיריער: איר ווילט איך זאָל הייסן דערלאַנגן אייערע טראַג-בעטלאַך, בת-מלכה? ס׳איז זער גוט אין גאָרטן.

שלומית: ער רעדט שרעקליכע זאַכן וועגן מיין מוטער, ניט וואר?

2-טער קריגסמאַן: מיר פאַרשטייען קיינמאָל ניט וואס ער רעדט, בת-מלכה.

שלומית: יע, ער רעדט שרעקליכע זאַכן וועגן איר.

שקלאַף: בת-מלכה, דער טעטראַרך בעט אייך זיך אומקערן אויפן מאלצייט.

שלומית: איך וועל זיך ניט אומקערן אַהין.

סיריער: אַנטשולדיגט, בת-מלכה, אבער אויב איר וועט זיך ניט אומקערן קאָן זיך טרעפן אַ אומגליק.

שלומית: ער איז אַ זקן, דער נביא?

סיריער: בת-מלכה, בעסער אומצוקערן זיך. ערלויבט מיר באַגלייטן אייך.

שלומית: דער נביא איז אַ זקן?

1-טער קריגסמאַן: ניין, בת-מלכה, דאס איז נאָך גאָר אַ יונגער בחור.

2-טער קריגסמאַן: קיינער ווייס ניט. אַנדערע זאגן, אַז דאָס איז אליהו.

שלומית: ווער איז דאָס אליהו?

2-טער קריגסמאַן: זעער אַ אוראַלטער נביא פון דעם לאַנד, בת-מלכה.

שקלאַף: וואָס פאַר אַ ענטפער זאָל איך איבערגעבן דעם טעטראַרך פון בת-מלכה׳ס נאמען?

יוחנן׳ס שטים: ניט פרעה זיך ארץ-ישראל, וואָס די בייטש פון דעם, ווער ס׳האט געשמיסן דיר איז צובראָכן: ווייל פון שלאַנג וועט אַרויס-קומען אַ עקדעש און דאָס וואָס פון אים וועט געבאָרן וועט איינ-שלינגען די פויגל!

שלומית: ס׳ער אַ מאדנער קול, איך וואָלט וועלן ריידן מיט אים.

1-טער קריגסמאַן: איך האָב מורא, אַז דאס איז אומעגלאַך, בת מלכּה, דער טעט-ראַרך וויל ניט מען זאל מיט איםריידן. ער האָט פֿאַרוועריט אַפֿילו דעם כהן גדול ריידן מיט אים.

שלומית: איך וויל ריידן מיט אים.

1-טער קריגסמאַן: דאס איז אומעגלאַך, בת-מלכּה.

שלומית: איך וויל עס.

יונגער סיריער: באמת, בת-מלכּה, בעסער אומקערן זיך אויפן מאָלצייט.

שלומית: פֿירט אַרויס דעם נביא.

1-טער קריגסמאַן: מיר וואַגן ניט, בת-מלכּה.

שלומית: (צוגייענדיג צום בעך און אַריינקוקנדיג אין אים) ווי דארט איז פֿינסטער! ס׳מוז זיין שרעקלאַך צו זיצן אין אַזאַ לאך! דאס איז ענלאַך צו אַ קבר (די קריגסלייט) איר האָט ניט געהערט? פֿירט אַרויס אים. איך וויל אים זען.

2-טער קריגסמאַן: איך בעט אַייך, בת-מלכּה, ניט פֿאָדערט פֿון אונז דאָס.

שלומית: איר צווינגט מיר וואַרטן?!

1-טער קריגסמאַן: אונזערע לעבנס געהערן אַייך, נאָר מיר קאָנען ניט ערפֿילן דאָס, וואָס איר פֿאדערט פֿון אונז... צום סוף ניט צו אונז דאַרפֿט איר זיך ווענדן.

שלומית: (קוקנדיג אַויפֿן יונגן סיריער) אַ!

הורדיה׳ס פּאַזש: אָ! וואָס ס׳וועט זיך איצט טרעפֿן! איך בין אַיינגעגלויבט, אַז עס וועט זיך טרעפֿן אַ אומגליק.

שלומית: (דערנענטערנדיג זיך צום יונגן סיריער) איר וועט דאָס טאָן פֿאַר מיר ניט אמת, נאָראַבאט, איר וועט דאס טאָן פֿאַר מיר. איך בין שטענ-דיק געווען צוגעלאזט צו אייך, ניט אמת, איר וועט דאָס טאָן פֿאַר מיר. איך וויל נאָר אַ קוק טאן אַויף אים, אויף דעם מאָדנעם נביא. וועגן אים האָט מען אַזוי פֿיל גערעדט, איך האָב אזוי אָפֿט גע-הערט ווי דער טעטראַרך האָט וועגן אים גערעדט. מיר דאַכט זיך ער האט מורא פֿאר אים. דער טעטראַרך, איך בין איינגעגלויבט אַז ער האָט מורא פֿאַר אים, ס׳קען זיין איר אויך נאַראַבאַט, סקען זיין איר האָט אויך מורא פֿאַר אים?

סיריער: איך האָב ניט מורא פֿאַר אים, בת מלכּה, איך האָב פֿאַר קיינעם ניט קיין מורא, נאָר דער טעטראַרך האט שטריינג פֿאַרווערט אויפֿצוהייבן דעם דעקל פֿון דעם ברונען.

שלומית: איר וועט דאָס טאָן פֿאַר מיר, נאָראַבאט, און מאָרגן ווען מען וועט מיר דורכטראָגן אויף די טראָג - בעטלאך דורך די טויערן, וואו די געצן פֿאַרקויפֿער, וועל איך לאזן פֿאַר אייך אַ קליינינקן בלום אַ-קליינינקן גרינינקן בלום.

סיריער: בת מלכּה, איך קאן ניט, איך קאָן ניט.

שלומית: (שמייכלענדיג) איר וועט דאס טאָן פֿאַר מיר, נאַראבאָט, איר ווייסט אַז איר וועט דאָס טאָן פֿאר מיר און מאַכן ווען מען וועט מיר דורכ-

טראָגן אין די טראג־ בעטלאַך איבערן בריק וואו די געצן קויפער
וועל איך אַ קוק טאָן אויף אייך דורכן טיולענעם דעקטוך, איך
וועל אַ קוק טאן אויף אייך, נאַראַבאט, איך וועל, מעגלאַך, א
שמייכל טאָן, צו אייך. גיט אַ קוק אויף מיר, נאראַבאַט, גיט א קוק
אויף מיר. אַ! איר ווייסט גוט אַז איר וועט טאָן דאַס וואָס איך
בעט אייך, איר ווייסט דאס גוט, ניט אמת? איך, איך ווייס דאָס
גוט.

סיריער: (געבנדיג אַ צייכן דעם 3־טן קריגסמאַן) פירט ארויס דעם נביא, די בת־מלכה
שלומית וויל אים זען.

שלומית: אַ!

הורדיהס פּאָזש: אַ! סער'אַ מאָדנער אויסזען בא דער לבנה! מען קאן מיינען
דאָס איז אַ האַנט פון אַ טויטע, וועלכע וויל זיך פאַרדעקן מיט אַ
סייבע.

סיריער: זעער אַ מאדנער אויסזען ביי איר. מען קאָן מיינען דאָס איז אַ
קליינע בת־מלכה מיט אויגן פון בורשטין, דורך די וואלקענס
פון טיול שמייכעלט זי, ווי אַ יונגע בת־מלכה.

(דער נביא גייט אַרויס פון ציסטערנע שלומית קוקט אויף אים און טרעט אָפּ)

אַתנן: וואו איז דער וועמענס בעכער פון זינד איז שוין איבערפולט, וואו איז
דער ווער סוועט אַמאָל אין זילבערנע קליידער שטארבן פאַר די
אויגן פון גאַנצן פאלק. זאָגט אים ער זאל קומען כדי ער זאל קאָ־
נען דערהערן דעם קול פון דעם, וואָס האָט גערופן אין די מדבריות
און אין די פּאַלאַצן פון מלכים!

שלומית: וועגן וועמען רעדט ער?

סיחיער: קיינער ווייס קיין מאָל ניט, בת־מלכה.

יוחנן: וואו איז די, ווער דערזעענדיק מענער אנגעמאלטע אויפן וואַנט, די
פנימער פון כאַלדעער געצייכנט מיט פאַרב, האט געלאזט פאַרפירן
זיך דעם באגער פון אירע אויגן און האָט געשיקט שלוחים קיין
כאַלדעיע?!

שלומית: דאָס רעדט ער וועגן מיין מוטער.

יוחנן: וואו איז די, וועלכע ספלעגט זיך אָפּגעבן די קריגספירער און די סי־
ריער, וועלכע ס'טראגן איבערבאַנד; אויף די לענדן און אויף די קעפּ קרוינען
פון אַלערליי קאָלירן? וואו איז די, וואָס פלעגט זיך אָפּגעבן די
בחורים, וועלכע זיינען אָנגעקליידט אין ליין און פורפור, וועלכע
טראָגן גאָלדערנע שילדן און זילבערנע פּאַנצערס און וועלכע זיי־
נען געוויקסיג מיטן קערפּער? זאָגט איר, אַז זי זאָל אויפשטיין
פון געלעגער פון אירע פּרעכיקייטן, פון איר געלעגער פון איר
בלוט־צומישונג, כדי זי זאָל קאָנען דערהערן די ווערטער פון
דעם, וואָס מאַכט גרייט די וועג פון גאט, כדי זי זאָל חרטה האָבן
אויף די זינד אירע און אויב זי וועט קיינמאָל ניט חרטה האבן
און וועט פאַרבלייבן אין די אומריינקייט אירע טא זאגט איר זי

זאָל קומען. ווייל גאט האלט שוין די בייטש אין דער האַנט זיינער!

שולמית: אָבער ער איז שרעקליך. ער איז שרעקליך.

סיריער: ניט פאַרבלייבט דאָ בת - מלכה, איך בעט אייך.

שלומיר: גאר די שרעקליכסטע דאָס זיינען די אויגן מען קאן מיינען דאס זיינען שווארצע ליכער דורכגעבערענטע מיט אַ שטורקאַ ץ אויף אַ טעפיך צוֹר, מען קאן מייגען, דאס זייגען שווארצע היילן וואו ס'ווייגען פייער שלאַנגען, די שוואַרצע היילן פון מצרים וואו פייער- שלאַנגען געפינען זיך אַ באַהעלטענעש. מען קאָן מיינען דאס זיינען שוואַרצע ימים אויפגערודערטע פון פאַנטאַסטישע לבנות... איר מיינט ער וועט נאך רעדן?

סיריער: ניט פאַרבלייבט דאָ, בת-מלכה, כבעט אייך ניט פאַרבלייבט דא.

שלומית: און ווי ער איז דאַר, ער איז ענלאך צו אַ איידעלע שניץ-ווערק פון העלפאַנד ביין. מען קאן מיינען, דאָס איז אַ שניץ-ווערק פון זילבער איך בין איינגעגלויבט אַז ער איז צניעותדיק. אַקוראַט אַזוי ווי די לבנה. ער איז ענלאַך צו אַ זילבערנעם שטראַל. זיין לייב מוז זיין זעער אַ קאַלטע ווי העלפאַנד ביין. איך וויל אַ קוק טאן אויף אים פון דער נאנט.

סיריער: ניין, ניין, בת-מלכה!

שלומית: איך דאַרף אַ קוק טאָן אויף אים פון דער נאנט.

סיריער: בת-מלכה! בת-מלכה!

יוחנן: ווער איז די אשה, וואס קוקט אויף מיר? איך וויל ניט זי זאל קוקן אויף מיר. פאַרוואס קוקט זי אויף מיר מיט אירע גאָלדענע אויגן פון אונטער די גאלדענע וועען? איך ווייס ניט ווער זי איז. איך וויל דאס ניט וויסן. זאגט איר זי זאל אַוועקגיין, ניט מיט איר וויל איך ריידן!

שלומית: איך בין שלומית, די טאכטער פון הורדיה, די בת-מלכה פון יהודה.

יוחנן: אַוועק, טאכטער פון בבל, ניט דערנענטערט זיך צום אויסגעוויילטן פון גאט. די מוטער דיינע האט אנגעפילט די ערד מיט דעם וויין פון איר זנות, און דער געשריי פון די זינד אירע האט דערגרייכט גאט'ס אויערן!

שלומית: רעד נאך, יוחנן, דיין קול פאַרשכורט מיר.

סיריער: בת-מלכה! בת-מלכה! בת-מלכה!

שלומית: א רעד נאך, רעד נאך, יוחנן, און זאָג מיר וואָס באַדאַרף איך טאָן.

יוחנן: ניט דערנענטערט זיך צו מיר טאכטער פון סדום, נאָר פאַרדעקט מיטן דעקטוך דעם פנים אייערן, באַשיט די קאפ אייערע מיט אש און גייט אין דעם מדבר זוכן דעם מענשן-זון.

שלומית: ווער איז דאס דער מענשן-זון. ער איז אויך אַזוי שיין, ווי דו, יוחנן?

יוחנן: אַוועק, אַוועק. איך הער אין פּאַלאַץ א פלאַטערן פון פליגלען פון מאך המות.

סיריער: בת - מלכה, איך בעט אייך קערט זיך אום.

יוחנן: גאָטס שליח, וואס טוסטו דאָ מיטן שווערד דיינעם, ווען זוכסטו דא אין אַ אומריינעם פּאַלאַץ? דער טאג פון דעם, ווער סוועט שטאַרבן אין א זילבערנע קליידונג, איז נאך ניט געקומען!

שלומית: יוחנן!

יוחנן: ווער רעדט?

שלומית: יוחנן, איך בין פאַרליבט אין דיין לייב, דיין לייב איז ווייס ווי אַ ליליע פון טאָל, וועלכן אַ שניטער האָט נאָך קיינמאָל ניט געשניטן. דיין לייב איז ווייס ווי די שנייען, וואָס ליגן אויף די בערג, ווי די שנייען, וואָס ליגן אויף די בערג פון יהודה און וואָס נידערן ניט אַראָפּ אין די טאלן. די רויזן אין גאָרטן פון דער אַראַווישער מלכּה זיינען ניט אַזוי ווייס ווי דיין לייב. ניט די רויזן אין גאָרטן פון דער אַראַווישער מלכּה, ניט די שפורן פון מאָרגן רויט וואָס לויפן דורך איבער די בלעטער, ניט די ברוסט פון דער לבנה ווען זי רוט אויפן בוזים פון ים... ניטאָ גאָרנישט אויף דער וועלט, וואס ס'זאל זיין אַזוי ווייס ווי דאָס לייב דיינע... לאז זיך מיר צורירן צו דאָס לייב דיינע.

יוהנן: אַוועק טאכטער פון בבל! דורך דער פרוי איז געקומען די שלעכטס אויף דער וועלט. ניט רעדט מיט מיר, איך וויל דיר ניט הערן, איך הער זיך נאָר אַיין צו די ווערטער פון גאט.

שלומית: דיין לייב איז עקלהאַפּט! זי איז ווי אַ לייב פון אַ געקרעציגטן, זי איז ווי א אויסגעווייסטע וואַנט, איבער וועלכע ס'האָבן דורכגעפויזעט עקדעשן, ווי אַ אויסגעווייסטע וואַנט, אויף וועלכע ס'האַבן זיך אויסגעבויט אַ נעסט סקאָרפּיאָנען, זי איז ווי אַ אויסגעווייסטער קבר אנגעפּילט מיט מיאוסע זאַכן. זי איז שרעקלאַך, זי איז שרעקלאַך, דיין לייב. איך בין אין דיינע האר פאַרליבט, יוחנן! דיינע האָר זיינען ענלאַך צו בינט וויינטרויבן, צו בינט שוואַרצע וויינטרויבן, וואס הייגגן אַראָפּ פון אדמ'ס וויינשטאָקן אין לאַנד פון די אַדומים. דיינע האָר זיינען ווי צעדערן פון לבנון, ווי גרויסע צעדערן פון לבנון, וואס שיינקן אַ שאָטן לייבן און גזלנים, וועלכע ווילן בייטאָג זיך באַהאַלטן. לאַנגע שוואַרצע נעכט, נעכט, ווען עס באַווייזט זיך ניט די לבנה, ווען עס שרעקן זיך די שטערן — זיינען ניט אַזוי שוואַרץ. דער שווייגן וואָס הערשט אין די וועלדער איז ניט אַזוי שוואַרץ. ניטא גארנישט אויף דער וועלט וואס זאָל זיין אַזוי שוואַרץ ווי דיינע האר... לאָז מיר זיך צורירן צו די האָר דיינע.

יוחנן: אַוועק, טאָכטער פון סדום! ניט ריר זיך צו צו מיר. מען טאָר ניט באַשמוצן דעם מקדש פון גאָט.

שלומית: דיינע האר זיינען שרעקלאַך! זיי זיינען באַדעקט מיט שמוץ און שטויב, זיי זיינען ווי אַ דערנער רינג, ארויפגעלייגט אויף דיין שטערן, זיי זיינען ווי אַ קנויל שוואַרצע שלאַנגען, וואס דרייען

אַרום דיין האַלז. איך האָב ניט האַלט דיינע האָר. איך בין אין דיין מויל פֿאַרליבט, יוחנן. דיין מויל איז ווי אַ העל־רויטע איבערבאַנד אויף אַ טורם פֿון העלפֿאַנט־ביין, עס איז ווי אַ מילגרוים, וואָס איז צושניטן מיט אַ מעסער פֿון אַ העלפֿאַנט־ביין. די מילגרוים־בלומען, וואָס בליען אין די גערטנער פֿון צור, און וואָס זיינען רויטער פֿאַר רויזן, זיינען ניט אַזוי רויט. די רויטע געשרייען פֿון די טרומייטן, וואָס זאָגן אָן דעם אָנקומען פֿון די מלכים, און וואַרפֿן אַ אימה אויף די פֿיינט — זיינען ניט אַזוי רויט. דיין מויל איז רויטער פֿאַר די פֿיס פֿון די וואָס טרעטן וויינטרויבן אין די טרעטערס. עס איז רויטער ווי די פֿיס פֿון טויבן, וואָס האַלטן זיך אויף אין די טעמפּלען און וועלכע סע שפּייזן די כהנים. עס איז רויטער ווי די פֿיס פֿון דעם, וואָס קערט זיך אום פֿון וואַלד וואו ער האָט דערהרג'עט אַ לייב און דערזען די גאָלדענע טיגרען. דיין מויל איז ווי אַ צווייג קאָרעלן, וואָס פֿישער האָבן געפֿונען אין פֿינסטערניש פֿון ים און האָבן פֿאַרהאַלטן פֿאַר די מלכים. עס איז ווי צינויבער וואָס עס געפֿינען די מואבים אין די מעטאַל גרובן פֿון מואָב און וועלכע עס נעמען צו באַ זיי די מלכים. עס איז ווי אַ בויגן פֿון פּערסישן מלך, אַ פֿונאַנדערגעשריבענער מיט צינויבער און מיט קאָרעלענע שפּיצן. ניטאָ גאָרנישט אין דער וועלט, וואָס ס'זאָל זיין נאָך אַזוי רויט ווי דאָס מויל דיינע. לאָז מיר אַ קוש טאָן דיין מויל.

יוחנן: קיין מאָל ניט, טאָכטער פֿון סדום, קיין מאָל ניט!

שלומית: איך וועל אַ קוש טאָן דיין מויל, יוחנן, איך וועל אַ קוש טאָן דיין מויל!

סיריער: בת־מלכּה, בת־מלכּה, דו וואָס ד'ביסט ווי אַ מירטן־בינטל, דו וואָס ד'ביסט אַ טויב פֿון טויבן. ניט קוק אויף דעם מענטשן, ניט קוק אויף אים' ניט זאָג אים אַזעלכע זאַכן. איך קען זיי ניט פֿאַרטראָגן... בת־מלכּה, בת־מלכּה, ניט רייד אַזעלכע זאַכן!

שלומית: איך וועל אַ קוש טאָן דיין מויל, יוחנן.

סיריער: אַ! (ער דערהרג'עט זיך און פֿאַלט צווישן שלומית און יוחנן)

הורדיה'ס פּאַזש: דער יונגער סיריער האָט זיך דערהרג'עט! דער יונגער הויפּטמאַן האָט זיך דערהרג'עט! עס האָט זיך דערהרג'עט דער, ווער ס'איז געווען מיין חבר! איך האָב אים געשאָנקען אַ קליינע קעסטעלע מיט בשמים און אויערינגלאַך פֿון זילבער און איצט האָט ער זיך דערהרג'עט! אַך, צו האָב איך ניט פֿאָראויסגעזאָגט, אַז ס'וועט זיך טרעפֿן אַ אומגליק? איך האָב דאָס אַליין פֿאָראויסגעזאָגט און אָט האָט דאָס געטראָפֿן! איך האָב געוואוסט, אז די לבנה האָט געזוכט אַ טויטן, נאָר איך האָב ניט געוואוסט, אַז זי האָט אים געזוכט. אַך! פֿאַרוואָס האָב איך אים ניט באַהאַלטן פֿון דער לבנה. אויב איך וואָלט אים באַהאַלטן ערגעץ וואו אין אַ

הייל וואלט זי ניט דערזען אים.

1-טער קריגסמאַן: בת-מלכה, דער יונגער הויפטמאַן האָט נאָר וואָס זיך דער-הרג'עט.

שלומית: לאָז מיר אַ קוש טאָן דיין מויל, יוחנן.

יוחנן: צו דען איז אייך ניט שרעקלאַך, טאָכטער פון הורדיה? האָב איך דען אייך ניט געזאָגט, אַז כ'האָב געהערט אין פּאַלאַץ א פלאַטערן פון פליגל פון מלאך-המות, און צו איז דען ניט געקומען דער מלאך?

שלומית: לאָז מיר אַ קוש טאָן דיין מויל.

יוחנן: טאָכטער פון זנות, ס'איז דאָ נאָר איין מענש וועלכער קאָן ראַטעווען דיר, דאָס איז דער, וועגן וועלכן איך האָב געזאָגט דיר. גייט זוכט אים, ער איז אין אַ שיפל אויפן ים כנרת און רעדט צו זיינע תלמידים. שטעלט זיך אויף די קני אויפן ברעג ים און טוט רופן אים מיטן נאָמען. ווען ער וועט קומען צו אייך, ווייל ער קומט צו אַלעמען וואָס רופן אים, שפּרייט זיך אויס בײַ די פיס זיינע און בעט בײַ אים מחילה אויף די זינד אייערע..

שלומית: לאָז אַ קוש טאָן דיין מויל.

יוחנן: זייט פאַרשאָלטן, טאָכטער פון אַ מוטער — אַ בלוט-צומישערן, זייט פאַר-שאָלטן!

שלומית: איך וועל אַ קוש טאָן דיין מויל, יוחנן.

יוחנן: איך וויל ניט קוקן אויף דיר. איך וועל ניט קוקן אויף דיר. דו ביסט פאַרשאָלטן, שלומית, דו ביסט פאַרשאָלטן! (ער לאָזט זיך אַראָפּ אין ציסטערנע).

שלומית: איך וועל אַ קוש טאָן דיין מויל, יוחנן.. איך וועל אַ קוש טאָן דיין מויל.

1-טער קריגסמאַן: מען דאַרף אריבערטראָגן דעם טויטן קערפּער אין אַ אַנדער אָרט. דער טעטראַרך האָט ניט ליב צו קוקן אויף טויטע קערפּערס אויסער די קערפּערס פון די, וועלכע ער אַליין האָט דער'הרג'עט.

הורדיה'ס פּאַזש: ער איז געווען מיר אַ ברודער און נענטער פון אַ ברודער. איך האָב געשאָנקן אים אַ קליינע קעסטעלע אין וועלכע ס'זיינען געווען בשמים און אַ רינג פון אַ גאָט, וועלכן ער פלעגט שטענ-דיג טראָגן אויפן האַנט. אָזונט צייט פלעגן מיר שפּאַצירן בײַם ברעג פון טייך און אונטער די מאַנדל-ביימער, און ער פלעגט מיר דערציילן פון זיין היימאַט. ער פלעגט שטענדיג רײדן זייער שטיל. דער קלאַנג פון זיין שטים איז געווען ענלאַך צו אַ פלייטן-קלאַנג פון איינעם פון די, וואָס עס שפּילן אויף פלייטן. ער האָט אויך זייער ליב געהאַט צו קוקן זיך אין טייך. איך פלעג מאַכן אים פאָרוואורפן פאַר דעם.

2-טער קריגסמאַן: איר זייט גערעכט. מען דאַרף באַהאַלטן דעם קערפּער. מען דאַרף ניט דער טעטראַרך זאָל אים זען.

1-טער קריגסמאַן: דער טעטראַרך וועט ניט קומען אַהער. ער קומט קיין מאָל

ניט אויפֿן טעראַסע, ער האָט צופֿיל מורא פֿאַרן נביא.

(ס'גייען אַריין הורדות, הורדיה און דער גאַנצער הויף).

הורדות: וואו איז שלומית, וואו איז די בת־מלכּה, וואַרום האָט זי זיך ניט אומ־געקערט אויפֿן מאָלצייט, ווי איך האָב באַפֿעלן איר? אַ! אָט איז זי.

הורדיה: מען דאַרף ניט קוקן אויף איר. איר קוקט די גאַנצע צייט אויף איר.

הורדות: זעער אַ מאָדנער אויסזען איז בא דער לבנה היינט אָוונט. ניט אמת? בא דער לבנה איז זעער אַ מאדנער אויסזען. זי איז ווי אַ היסטע־רישע פרוי, אַ היסטערישע פֿרוי וועלכע גייט און זוכט אומעטום ליבהאבער. אויסער דעם איז זי אַ נאַקעטע, זי איז גאָר אַ נאקע־טע. די וואָלקענס פֿרובן פֿאַרדעקן זי, נאר זי וויל נישט, זי וואַקלט זיך אַרום צווישן די וואלקנס, ווי אַ שיכּור'ע פֿרוי. איך בין אַיינ־געגלויבט, אַז זי זוכט ליבהאָבער, ניט אמת? זי וואַקלט זיך ארום ווי אַ שיכּור'ע פֿרוי, זי איז ענלאַך צו אַ היסטערישע פֿרוי, ניט אמת?

הורדיה: ניין, די לבנה איז ענלאַך צו דער לבנה און גאָר. לאָמיר זיך אומ־קערן... איר האט גארנישט וואס צו טאָן דא.

הורדות: איך וועל פֿארבלייבן! מנשה, בעט אויס דאָרט טעפּיכער, צינדט אן שטורקאַצן, ברײנגט טישן פֿון העלפֿאַנד־ביין און טישן פֿון שהם שטיין. די לופֿט איז דאַ פראַכטפֿול. איך וועל נאָך אויסטרינקען וויין מיט מיינע געסט, די שלוחים פֿון קיסר דאַרפֿן אָפּגעבן ווערן אַלער־ליי כבוד'ן.

הורדיה: ניט צוליב זיי בלייבט איר.

הורדות: יע, די לופֿט איז פראַכטפֿול. גיי, הורדיה, אונזערע געסט וואַרטן אונז. אַך! איך האב זיך אַויסגעגליטשט! כ'האב זיך אויסגעגליצט אין בלוט! דאָס איז אַ שלעכטער סימן, דאס איז זעער אַ שלעכטער סימן! פֿאַרוואָס איז דאָ בלוט?.. און דער טויטער קערפּער? פֿאַר־וואָס איז דאָ דער טויטער קערפּער? צו דען מיינט איר, אַז איך בין ווי דער עגיפּטישער מלך, וועלכער מאַכט ניט קיין איין מאָל־צייט, וואו ער זאל ניט באוויזן קיין טויטן קערפּער זיינע געסט. צום סוף, ווער איז דאָס, איך וויל אויף אים ניט קוקן!

1־טער קריגסמאַן: דאָס איז אונזער הויפּטמאַן, מיין האַר, דאס איז דער יונגער סיריער, וועלכן איר האָט געמאַכט פֿאַר אַ הויפּטמאַן אין גאנצן מיט דריי טעג צוריק.

הורדות: איך האב ניט געגעבן קיין באַפֿעל צו טויטן אים.

2־טער קריגסמאַן: ער האט אליין דער'הרג'עט זיך, מיין האַר.

הורדות: וואַרום? איך האב דאָך אים געמאַכט פֿאַר אַ הויפּטמאַן.

2־טער קריגסמאַן: מיר ווייסן ניט, מיין האַר, נאָר ער האָט אַליין זיך דער־הרג'עט.

(המשך קומט).

## פ. אַייזיק. ⁞ פון ציקל „באַגינען“.

### א. ווען ס׳ווערט געבארן דער באַגינען.

נעכטן איז דעם טאָג געוואָרן שווער פון לאַנגן זיין,
האט ער אָוונט-צייט געפּינטלט מיט די אויגן,
ביז ר׳האט אויסגעצויגן,
גליד נאך גליד.
אוונטיק און מיד,
די אויגן צוגעמאַכט,
און אַיינגעשלאפן
אין דער נאַכט...
האט זיך אים געחלומט טוי
האט זיך אים געפלאנטערט גרוי
אַ חלום בלוי —
פון וויגן זיך אַזוי;
מיט האַלבע אויגן אָפן,
פון ליגן זיך אַזוי,
אַ האלב איז וואַך, א האלב פאַרשלאפן...
האט עס אויסגעזען —
ווי נעכטן וואָלט זיך טאג פאַרליבט אין נאַכט,
און אין האַוה-גלי צו איר פאַרקראכן,
און נאכט איז מעוברת געווארן,
און האט אַ באגינען געבארן...

און אַז נעכטיקער טאג האט אַ געגעץ געטאן,
האט מאַמע-נאַכט צוווארפן די ברוסטן,
און תאַוה׳יש פאַרזשמורעט די אויגן,
אז טאג זאל זיך גלוסטן,
נאך לייגער צו ליגן —
מיט איר, און פאַרוויגן
דעם יונגן באַגינען...
און אַז נעכטיקער טאג האט אַ צווייט מאל געגענעצט
האט מאַמע נאַכט צולאָזן זיי וואַלדישע לאקן,
נאר טאג איז מטושטוש געבליבן.
האט זיך נאַכט דערשראקן,
און איז אַנטלאפן...

— — — — — — — — — — — — — — —

טאג האט זיך דערמאנט,

און די אויגן אויסגעריבן,
אויסגעצויגן בלייכע הענט,
אַרומגעקוקט און ניט דערקענט...
דער חלום — צורונען,
און טאג האט געפונען —
אַ יונגן באַג׳נען...

פון חלומות אויסגעשפּינען,
טריפן טראָפּנס טוי און רינען,
ס׳איז אַ יונגינקער באַגינען.
שטיל און בלייך,
גלעטענדיק און ווייך,
בלויע אדערלאַך אַרום די אויגן.
און די ליפעלאַך צוצויגן
ווי אַ קוש צו געבן.
ס׳אטעמט טיף און שטיל אַ לעבן.
שוין אַ בעקעלע פאַררייטלט,
באַ דעם יונגינקן באַגינען,
פון חלומות אויסגעשפינען...

## ב. ווער וועקט?

ווער וועקט, ווער?
כ׳זעה נישט, נאָר איך הער:
— חאַכט אויף!
ווער איז דאס, ווער?

אַ פויגל האט זיך דורכגעטראָגן,
און די שווייגעניש צושלאגן.
אַ בלעטל האט אַ שאָרך געטון —
באַלד שיינט אויף די זון.

ווער וועקט, ווער וועקט?
כ׳ווייס נישט, נאָר עס שרעקט.
איך!... כ׳בין פאַרשטעקט.
ווער וועקט, ווער וועקט?

קלאַפּט עס ערגעץ וואו,
בו!... צושטערט די רו,
ס׳קרייט אַ לעצטער האָן,
באַלד שיינט אויף די זון.

ווער האט איצטער אויפגעוואַכט?
ס׳שפינט נאך אויס איר סוד די נאַכט.
הימלען זיינען נאך פארמאכט.
ווער האט איצטער אויפגעוואַכט?...

ס׳שרעקט, ס׳שרעקט,
וועלט איז אויפגעוועקט.
נאַכט, אַנטלויף, אַנטלויף!
באַלד שיינט אויף די זון...

## ג. פֿאַרבן־שפּיל.

שטיל שטיל שטיל,
צופֿילט אין פֿאַרבן שפּיל
דער אימלס בלייכער בלוי.
שטיל, עס פֿאַלט אַ טוי.

שטיל, שטיל, שטיל.
כ׳ווייס נישט וואס איך וויל.
כ׳קוק אין ראָזן הייל,
און הער דעם פֿויגל־שפּיל...

פֿויגל־טאַנץ, פֿויגל־טאַנץ,
שטראַלן־בליאַסק, וואַסער־גלאַנץ,
פֿליגל־פֿאָך, פֿערל־צוי,
שאַ אַזוי, שטיל אַזוי.

ווינטל־בלאז, ווינטל־בלאז,
ווייע שטיל אזוי אין גראז.
ווינטל ווײ, ווינטל יאג,
נאג אַרויס דאס האַרץ, און נאָג.

בוימל שארך, בוימל שארך,
בייג אַ צווייגל אן און הארך.
שטיל, שטיל, שטיל,
ס׳שפּילט דער פֿאַרבן־שפּיל...

## ד. ווער האט צושלאגן דעם שטילן באַגינען?

כ׳וועל אַרויס אַ באַגינען אין דרויסן
און טרעפֿן די וועלט נאָך פֿאַרשלאָפֿן,
און נאָכדעם וועט קלינגען א גלאק פֿון אַ קלויסטער
און רופֿן, און רופֿן — — —

וועט טרייסלען זיין קלאנג אין די לופֿטיגע וועלן,
און וועקן די וועלט פֿונם שלאף און איר וועקן,
אַ פֿויגל אין נעסט וועט זיך רייבן די אויגן, —
פֿאַרשלאָפֿן, אין דרויסן דאס קעפּעלע שטעקן.

וועט אנהויבן רוישן דער טאג מיט געטומל,
און מער וועט פֿון צארטן באַגינען ניט בלייבן;
אַ היץ און אַ ברענענדע זון וועט צושמעלצן,
אַ רעגן מיט דונער און בליצן וועט טרייבן.

און פּיצלאַך צוקראָכענע נישטיגע ברואים
מיט שמאַלציגע אויגלאַך און שמאָלע געדאַנקן,
און אַלטע דאַר־ברוסטיק צוקראָכענע־ווייבער
און תּאוה־ישע קליינע טייוואָלים וואס בלאַנקן...

וועל איך טאַר ווייטאָג שיגעוונדיק ברומען,
מיט קאָפּ אָן די שטיינער, אַ ווילדער אָן זינען.
ווער האָט צושלאָגן דעם צאַרטן באַגינען?
ווער האט צושלאגן דעם שטילן באַגינען?...

# ד. כהן. ⋮ דער קלויסטער.

## דערציילונג.

הארט בײם שטעטיל שטייט דער גרויסער פּאַלאַנער קלויסטער. זיינע פענסטער לאַנגע שמאלע שפּאַלטן, ווי זיי וואלטן אויסגעהאַקט געוואָרן פאַר די פרומע קריסטליכע טעכטער, זיי זאלן קאנען כאַפּן אַ קוק אויף גאָטס זון ווען זיי פארווילט זיך נאר... דורות לאַנג שטייט דער קלויסטער אין זיין יחידות ווינקל און קוקט אַראָפּ פון זיין הויז, איבערן שטעטל. איבער אירע קליינע הייזלאַך וואס ליגן אויסגעשפּרייט בײם ברעג טייך אין באַהאַלטן זייער שפּלן אויסזען אין שאָטן פון אַלטן וואַלד וואס רינגלט ארום ווי אַ קרוין די קליינע שטעטעלע.

פאַרנאַכט, עס גוססן די לעצטע זון - שטראַלן, פון קלויסטער רייסט זיך אַרויס אַ טרויעריקער באַסאווער בים - באָם, די שטעטעלע מיטן וואַלד הילן איין אין פינסטערניש... שבת אוונט, ווערט דער קלויסטער באַלויכטן, מיט פייערלאַך, וועלכע שעמערירן אַרויס פון זיינע שמאלע שפּאַלטן. זיין צלם באַקומט גאר אַ נאנדער גלאַנץ, און די גלעקער אַ שטאַרקערן קלאַנג. זיי קלינגען און זאגן אָן די פרומע קריסטן פון שטעטל און פון די נאהענטסטע דערפער. אַז גאָטס זון הייליגט זיך אין זייגע ליידן...

און פון קלייסטער אַרויס, טראָגן זיך אַזוינע שטילע ווײנעדיגע טענער, די קריסטליכע זין און טעכטער זאָגן „הללויה".

זונטאַג ביז האַלבן טאָג, זיינען די אייזערנע טירן פון קלויסטער ברייט צו עפנט. און פויערים אין ווייסע סערמעגעס מיט נייע לאַפּטשעס און ווייסע טיכער אַף די פיס, קניען זיך שעהן לאַנג, און די פלאַקסענע האָר גלייך ווי די סטרונעס איז באגולט פון די פיל ליכט וואָס ברענען אין קלויסטער.

אַ האַלבן זונטאַג, דרייען זיך אַרום די אידן פון שטעטל, און דונקלען זייערע אויגן אין די ברייטע הימלען: ווען וועט שוין דער זייגער שלאָגן 12 די טירן פון קלויסטער וועלן זיך שליסן און די טירן פון זייערע קרעמלעך וועלן זיך עפענען? און די אידן דאַנקען גאָט, וואָס נאר איין זונטאַג איז דאָ אין וואך. און מען שפּייט אויס צום זייט פון קלויסטער, זאגנדיג דערביי: „שקץ תשקצנו".

---

אין הויף וואו „ער" זאל געזונד זיין האט געוואוינט, האָט מען דערציילט פאַרשיידענע מעשיות וועגן דעם קלויסטער. געזאגט האָט מען, אַז ער איז ניט גלייך צו די איבעריגע קלויסטערס. והאָ ראַיא. נאָטע דער אַלטער, איז אַמאל דורכגעגאַנגען די שטעטל, פאַרביי דעם קלויסטער און ער איז נכשל געווארן. געוועזן איז דאָס אין אַ פאַרנאַכט. עפּעס ערב חגא. נאָטע איז פאַרביי געגאַנגען דעם קלויסטער און האט פלוצלונג דערהערט אַזאַ שטילן חאַרציגן ניגון, ער האָט גאר פארגעסן אַז ס'איז שוין מנחה צייט. אים האָט זיך גענדוכט אַז ס'איז גאָר ערב יום כפור פאַר כל - נדרי, אין דאַווען-שטוב איז ליכטיג הימל-

דיג, דער עולם זאָגט אין דער שטיל „תפלה זכה“ און מען ציטערט און מען פלאַטערט... און פלוצלונג... ביָם־באָם.

דעם סוף פלעגט מען דערציילן, בסוד אויפן אויער, הכלל, נאָטע איז נכשל געוואָרן...

די יונגע, אַז זיי פלעגן הערן די מעשה, פלעגן אנהויבן גלייך אַ ניגון, אַ לעבעדיגס, אַ פרייליאַכס און פאַרטרייבן די מרה שחורה...

---

געווען איז דאָס נאָך סכות. אין „הויף“ גרייט מען זיך צום ווינטער. יאָסע דער משמש, שטעלט אַריין די דובלט פענסטער, מען שיט אָן צווישן די פענסטער זאַמד מיט צוויי שוואַרצע קוילן אין דער מיט. די יונגע וועלכע לערנען אין אין שטיבל, שערן לאַנגע פאסן פאַפיר און מען פאַרקלעפּט די שפּאַלטן פון די פענסטער.

די ערשטע וואָך פון „שובבים“ „תת“ איז שוין געווען אמתר ווינטער מאנטאַג, די ערשטע נאַכט פון „שובבים“ איז אַ גרויסער עולם אויף געווען. מען מען האָט געלערנט „תקוני זהר“ און צו חצות האט מען געהאט אַ וואַרימע מקוה. יאָסע האט אין אַ ווינקל פון שטיבל אַרומגעקליבן די יונגע און דערציילט דעם סוד פון „שובבים“: אין די טעג ווען אדם הראשון איז געווען פרוש פון חוה׳ן מוציא געווען זרע לבטלה. און משיח וועט נאָר דאַן קומען ווען אַלע ניצוצות וועלן אַ תיקון באַקומען... יאָסע רעדט אַזוי שטיל, גלייך ווי ער וואָלט מורא באַקומען פאַר די מיליאָנען מחבלים וואָס פילן אָן אין די טעג אַלע ווינקלען. די יונגע זיצן איינגעקאָרטשעט, די שוואַרצע געקרייזלטע פאותן שליינגלען זיך איבער די בלאַסע פנימער און די אוינן בלאָנדזשען אַרום צושראָקענע איבער די ווענט. אינגאַנצן אין שאָטן זיצט בערל דער „וואָלינער“ זיין פּעסט געבויטער קערפּער, איז ווי צוגעשמידט צום וואַנט, און זיינע גרויסע קאַרשן אויגן וועלכע דערציילן וועגן די ברייטע אוקראַינע, קוקן אַרום זיך צושראָקן...

אין דער שטילקייט וואָס אַרום, הערט זיך דער שאָרכען פון די בלאָנדזשענדע ניצוצות אין פאַרשיידענע געשטאַלטן... פון הינטערן בימה אַרויס, פון דאָרט וואו ס׳וואַלגערן זיך די שמות און וואַרטן אף זייער תיקון קומען צו קבורה, קוקן צו אים אַרויס הייליגע נאַקעטע ניצוצות וואָס וואַלגערן אַרום פון דור צו דור און זוכן זייער תיקון. און אויפן פאַרטאָג, ווען די שטיבל איז בלאַס באַלויכטן פון לבנה ליכט, אַף די טישן ליגן מידע יונגע, אַלטע, חסידים און ראַנגלען זיך מיט די שלעכטע חלומות, זיצט נאָך אַלץ דער „וואָלינער“ אין זיין ווינקל. אין מח פלאָנטערן זיך די הייליגע ווערטער פון „אים“ זאָל געזונט זיין, די מעשיות פון יאָסען וועגן די ניצוצות און וועגן די „שובבים“ נעכט פאַר „אים“ זכרונו לברכה.

ער דערמאָנט זיך די מעשה מיט נאָטען. ער אַליין האָט איינמאָל געזען אין זייערן אַגרויסע חגאַ ווי נאָטע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרדיבוקה׳טער ביים קלויסטער. ער האָט זיך דאַן זייער דערשראָקן און איז גלייך אַנטלאָפן. אבער אים האָט זיך געדוכט: אַז נאָטע לאַכט פון אים:

אַנטלייף, אַנטלייף, ס'וועט דיר ניט העלפן, דו וועסט קומען צו מיר!

אין הויף האט מען באַמערקט, אַז מיטן „וואלינער" איז עפּעס ניט פריי־לאַך. עפּעס איז ער צו פיל פאַרטיפט אין זיך. גייט אַרום ווי אויף אַנאַנדער וועלט און זיין פּנים ווערט בלאַסער און בלאַסער...

„ער" זאָל געזונד זיין האָט אים אַריינגערופן, לאַנג געקוקט אף אים און געזאָגט: בא יוספן שטייט, „וימאַן" מיט אַ שלשלת, ד"ה ער האָט ניט געוואָלט און אַרויסגעזאָגט האט ער די ווערטער מיט אַ ניגון פון אַ שלשלת, „מען דאַרף זיך ראַנגלען, וואָס שווערער די מלחמה אַלץ גרעסער איז דער נצחון". דער „וואהלינער" האָט זיך פּלוצלונג שטאַרק צו וויינט, און ציטערנדיג מיטן גאַנצן קערפּער האט ער גערעדט און געכליפּעט: די מחשבות זרות... איך האָב מורא פאַר זיי"... „ער" זאָל געזונד זיין האָט אים געהייסן מער לערנען, און יאסלן האָט ער אָנגעזאָגט ער זאָל ביי נאכט מיט אים לערנען „תקוני זהר"...

אָבער ניט „ער" און ניט יאָסל האבן געוואוסט וואָס אַזוינס מאַטערט דעם „וואהלינער." קיינער האָט ניט געוואוסט אז ביינאַכט, ווען ער ליגט אויף זיין באַנק אין שטיבל און שלאָפט, זעט ער אין חלום נאטען. ער זעט אים ווי ער שטייט און קניט זיך אין קלויסטער פאַר זייער גאָט, און פּלוצלונג הערט ער נאָטעס קול: אנטלויף, אַנטלויף, ס'וועט דיר ניט העלפן, דו וועסט קומען צו מיר!"

ער כאַפּט זיך אויף, גיסט אפּ אויף גיך נעגל וואַסער, אבער דער חלום לאָזט אים ניט אָפּ. ער דערמאנט זיך זיין שטעטעלע אַין האָהלין, אין מיטן מאַרק שטייט דער גרויסער קלויסטער, און זונטאָג נאָך האלבן טאָג קומען צו זיי אין שטוב אַריין יונגע שיקסעס מיט שקצים, טרינקען, און לאכן אַזוי שטאַרק, געזונט..

ער וויל פּטור ווערן פון די מחשבות זרות און הויבט אָן אַין דער שטיל אַ ניגעלע, און דורכן פענסטער קוקט אַריין די „שובבים"-נאַכט, אַ העלע, א ליכטיגע, און די שטיבל איז פול מיט ניצוצות, אַלע שלאָפן, נאר ער אַליין ראַנגלט זיך..

אויף חנוכה איז אָנגעפאָרן אַ גרויסער עולם. מערסטענטייל פלעגן קומען אף חנכה אָרעמע חסידים. קיין סישן פראַוועט מען ניט. נאר ביינאַכט, נאָך מעריב צינדט ער זאָל געזונט זיין די חנכה ליכט און הייסט די אַלטע חסידים דערציילן וועגן „אים" זכרונו לברכה.

דעם חנוכה האָט מען געמאכט אַ סעודה און „ער" זאָל געזונט זיין האָט זיך זייער משמח געווען. די יונגע האבן געזאָגט אַ ניגון און גלייך איז מען אַרויס אַ ריקוד. בערע כאַשעס, אַ געקומענער חסיד, איז געווען גוט בגלופנ'דיג, און האָט דערלאַנגט די יונגע אַזוינע פּעטש, אַז זיי פלעגן זיך בייגן אין דריי'ען. פּלוצלונג, אָבער, האט ער אָנגעטראָפן אויפן „וואהלינער". ער האָט געוואלט אויך אים מכבד זיין מיט אַ פּאַטש, דער וואָהלינער אבער האָט אים גלייך אַ כאַפּ געטאָן, אין איין מינוט אַרויסגעצייגן אויפן טיש און דער עולם האט זיך משמח געווען..

בערע האָט גאָכדעם געהאַלזט און געקושט דעם וואָהלינער און געשריען: ער מוז אים צונעמען צו זיך.

נאָך דעם טאָג, האָט בערע כאַשעס גערעדט מיט „אים“ זאָל געזונט זיין, אַז ער וויל דעם וואָהלינער נעמען פאַר אַ איידעם און אַז ער וואָלט וועלן אויך גלייך נעמען אַהיים. „ער“ האָט מסכּים געווען און האָט פאַרזאָגט בערען, אַז דער בחור זאָל דערווייל דערפון ניט וויסן.

ווען דער וואָהליגער האָט זיך געזעגנט איז ער איינגאַנצן געשטאַנען אַ צוטיטערטער און זיינע גרויסע אָפענע אויגן זיינען געווען פאַרגאָסן. „ער“ זאָל געזונט זיין האָט אים מיטגעגעבן אַ עפּל פון די שבת'דיגע שריים. ער האָט אויך פאַרזאָגט, אַז די ערשטע צייט זאָל ער נאָר שלאָפן אין שטיבל.

---

איינגעוויקלט אין אַ גרויסן פעלץ, אין אַ גוטן שליטל געשפּאַנט צו אַ שוואַרצן פערד, האָט זיך דער וואָהלינער צוזאַמען מיט בערען געטראָגן איבערן גרויסן שליאַך דורכן וואַלד קיין פאַלאַנע. דער טאָג איז געווען אַ כמאַרנע־גער. אין וואַלד האָט געהאַלטן אין איין קנאַלן. דער „וואָהלינער“ איז געזעסן איינגע־קאָרטשעט און האָט שטום געקוקט אַרום זיך.

אַז זיי זיינען אַרויסגעפאָרן פון וואַלד איז שוין געווען דונקל. איבער די הייס באַשנייטע פעלדער האָבן געשפּילט רויטע פאַסן און אין דער דונקל־הייט האָט עפעס אַרויסגעסטאַרטשעט אַ רויט באַגולדעטער שפּיץ. ער האָט אין אָנהויב ניט מבחין געווען וואָס דאָס איז, נאָר אַרויף פאָרנדיג אויפן באַרג האָט ער דערזען דעם גרויסן, ברייטן גאָלדערנעם צלם פון קלויסטער. ער האָט אויס־געשפּיגן זאָגענדיג רערבייי מיט כּוונה: „שקץ תשקצנו“.

---

אין פאַלאַנע האָט ער זיך איינגעאָרדנט אין שטיבל. אין שטעטל איז קאַם געווען אַ מנין חסידים, איז די שטיבל געווען אַ קליינער חדר ביי בע־רען אין הויז. אין שטיבל איז געשטאַנען אַ טיש אַ דריי פיר בענק, און אַ קליינער הילצערנער אָרון־קדש וואָס איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ פּרוכת. דורכן פענסטער האָט זיך געזען די גאַנצע שטעטיל מיט אירע קליינע איינגע־בויגענע הייזלאַך, און פון בערגל אַראָפּ האָט זיך געזען דער גרויסער ווייס גע־קאַלכטער קלויסטער מיט זיין גאָלדענעם צלם.־גאַנצע שעהן פלעגט ער אין די שבת טעג אָפּשטיין ביים פענסטער און קוקן אין דער ווייסער ברייטער וועלט אַריין.

אין די שעהן זעט ער נאָטען, ווי ער שטייט אַ איינגעבויגענער פאַרן קלויסטער, זיין ווייסע באָרד בלאַנקט און גרייכט ביזן גאַרטל, ער שטייט און הערט זייערע נגונים,„ וואָס זינגט מען דאָרט? וואָס פאַר אַ תפילות זינגען זיי מתפּלל? ווי זעט דאָס אויס ביי זיי אין גרויסן קלויסטער? ער כאַפּט זיך אָבער גלייך אַז ער זינדיגט. ער איז כמעט אַ עובד עבודה־זרה און ער וואַרפט זיך צו דער גמרא, בליומע ־ בערעס טאָכטער, עפנט שטיל די טיר פון שטיבל און רופט אים עסן,„ ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען איר פּנים. ער ווייס נאָר אַז איבער איר אַקסל הייגגט אַ שוואַרצער צאָפּ. פרייטאָג פאַר נאַכט, ווען אין

שטיבל בּרענען די שבת ליכט און דורכן פענסטער קוקט אַריין דער הייליגער ערב שבת פאַ־נאַכט, גייט ער אַרום שטיל און זאָגט מיט אַ האַרציגן ניגון שיר־השירים און אין האַרצן קלעמט אַזוי, ס'בּיינקט זיך אַזוי שטאַרק.

נאָכן עסן. ער איז אין שטיבל אַליין. די שבת ליכט צאַנקען שוין און די שבת נאַכט איז אַזאַ העלע. די גאַנצע שטוב שלאָפט שוין, ער זיצט בּיים פענסטער, ער דערמאָנט זיך אָן הויף, דאָרט איז איצט אַזוי ליכטיג!

ער הייבּט אָן שטיל „יה אַכסף", ער זינגט און אין האַרצן איז אַזוי איינג. דורכן פענסטער זעען זיך די קליינע שפּל'ע הייזלעך, אַפילו דער בּית־המדרש זעט אויס אַזוי קליין, אַזוי וואָכעדיג, און דאָרט איבּערן בּאַרג שטייט דער רחבות'דיגער קלויסטער. די שטערנדלאַך בּלישטשן אַריין אין זיינע שויבּן שפּאַלטן און די לבנה היינגט אויף זיין גאָלדערנעם צלם... ער פילט אַז זיין האַרץ ציט אַזוי שטאַרק... אָבּער וואוהין!? ער ציטערט אויף און הויבּט אָן חזרן וואָס „ער" זאָל געזונט זיין האָט אים געזאָגט: בּאַ יוסף הצדיק שטייט: „וימאן" מיט אַ שלשלת, און ער גייט אַרום איבּערן שטיבּל און חזרט מיט אַ ניגון: וי— מ — אן — וי מ— אן,, און ווען ער שלאָפט איין דוכט זיך אים: אַז ער שטייט אין קלויסטער. פון בּיידע זייטן שטייען גאָלד׳רנע מנורות— נאַטע אין אַ ווייסן קיטל צינד גרויסע ליכט און בּליומע שטייט פאַרן מזבח און איז מקטיר קטרת... ער כאַפּט זיך אויף אינגאַנצן אַ צושראָקענער, אין שטיבּל איז פינסטער און אין פענסטער אַריין בּלאַנקט דער ווייס געקאַלכטער קלויסטער מיטן גאָלדערנעם צלם.

ער פילט אַז מיט אים איז ניט גלאַט, אים דוכט זיך אַז „ער" זאָל געזונט זיין האָט אים אַ העכער געשיקט צו פירן מלחמה מיט דעם גרויסן קלויסטער. אָבּער וואו נעמט מען כחות? ער הויבּט זיך אָן שרעקן פאַרן פענסטער, אים דוכט זיך אַז די שויבּן בּאַגילדן זיך פאַר נאַכט אומישנע כדי ער זאָל קוקן אַהין צום בּערגל אַ גאַנצן טאָג ראַנגלט ער זיך. ער פאַלט צו צום קליינעם ארון־קדש, ער וויינט, בּעט זיך ער איז דאָך דאָ אַזוי איינזאַם, ער האָט קיין כחות ניט — — און דורכן פענסטער קוקט אַ ריין דער קלויסטער, ער איז אַזוי גרויס, בּרייט בּאַלויכטן... איינמאָל אין אַ זונטאָג טאָג, די גלעקער האָבּן אַזוי שטאַרק געקלונגען, פאַרבּיי פענסטער, זיינען פאַרבּיי געפאַנגען אַזוי פיל קריסטן אין נייע סעמעגעס, פריילאַכע יום־טוב־דיגע, אַלע גייען זיי אין קלויסטער— אים האָט זיך פּלוצלונג אויסגעדוכט אַז ווער האָט צו אים דורכן פענסטער אַריין געזוואונקען, אַריין געריעדט אים גערופן אַהין וואו ס'איז אַזוי ליכטיג העל...

ער האָט געפילט אַז ער טאָר היינט ניט צוגיין צום פענסטער, אים האָט זיך געדוכט, אַז בּיים פענסטער וועט ער טרעפן נאָטען אין אַ ווייסן קיטל, ער האָט זיך ניט געפונען קיין אָרט. ער האָט געפּרובּט פאַרשטעלן די שויבּן מיט דער גמרא, און בּשעת מעשה האָט ער געהאַלטן די אויגן געשלאָסן... אָבּער ווער ס'איז האָט אים אויפגעריסן די אויגן, ער האָט דערזען די טירן פון קלויסטער זייגען אָפן, אַ ים מיט מענשן שטראָמט אַלץ אַהין, אַהין אין קלויסטער אַריין, און פון דאָרטן טראָגט זיך אַזאַ שטילער האַרציגער ניגון — אַמינוס איז ער שטיל, גלייך ווי דער ניגון פון כל נדרי, און גלייך ווערט ער שטאַר־

קער, ברייטער, גלייך ווי הימל און ערד וואלטן מיטגעזונגען. ער האט ניט געוואוסט וואס צו טאן, ווי צו ראטעווען זיך, ער האט אויסגעפונען א ברעטל פון א צובראכענע באנק, אראפגעכאפט א מעשענעם לייכטער פון טיש, און ארויס ציענדיג א טשוואק, האט ער אנגעהייבן, פארקלאפן מיט די ברעט דעם פענסטער. פון שטוב זיינען אלע אריינגעלאפן אין שטיבל אריין, בערע האט אים אנגעהאפט פאר דער האנט און אים געפרעגט וואס ער טוט? ער איז אבער געשטאנען ווי צומישט, מיטגרויסע צושראקענע אויגן און געברומט: וימא—אן מען טאר ניט! און אויפהייבענדיג דעם לייכטער אין דער הויך איבער בערען, האט ער געשריען: נאטע! וואס ווילט איר האבן פון מיר? אוועק—אוועק!!!

אז ער איז געזונט געווארן האט בערע באשלאסן צו פארן מיט אים אין אין "הויף„ אריין. ס'איז שוין געווען סוף וואך דער טאג איז אשטורומדיגער. אין מיטן טאג האט מען געמוזט צו מאכן די לאדינס. כדיי דער ווינט זאל ניט אוועקטראגן. דעם טאג איז דער פאלאנגער גלח אסכרה געווארן.

א גאנצן טאג האבן די גלעקער פון קלויסטער אזוי שטארק געקלונגען, גלייך ווי זיי וואלטן מיטן ווינט מלחמה געהאלטן.

פאר נאכט, דער ווינט איז שטילער געווארן, פון ביידע זייטן שטעטל איז דער שניי ווי צוויי מויערדיגע ווענט געלעגן און געהאלטן די שטעטל ווי אונטער א פרעס. מיטן פארנאכט, האבן פון די ארומיגע דערפער אנגעהויבן אנפארן קריסטן, קריסטנס אפילו קליינע קינדער האט מען מיטגעבראכט, מיטן אווענט האט מען ביי בערען די פייער אויסגעלאשן, טיר און לאדן געשלאסן און זיך געלייגט שלאפן. דער „וואלינער "איז שטיל ווי א גנב אריין אין שטיבל-חדר ער איז געווען באלויכטן מיט לבנה ליכט, און אין פענסטער האבן אריינגעלויכטן א סך ליכט פון קלויסטער. ער האט זיך ניט געראנגלט, ער האט קיין כח ניט געהאט, אנג שפארט די קאפ אן די פארפרוירענע שויבן איז ער געשטאנען, און געאטהעמט אויף די פארפרוירענע שויבן. די גאנצע שויב האט ער ריין געמאכט פון פראסט און מיט ברייט צו עפנטע אויגן געקוקט.

באגאסן אין ליכט איז געשטאנען דער קלויסטער. פון אלע זייטן האט געשפארט מיט מענשן. די טירן זיינען געווען ברייט צו עפנט און ער האט געזען: הונדערטער כהנים אין ווייסן שטייען אונטער חופות, ארום די חופות, פלאטערן מלאכים און פאכען מיט זייערע פליגלען— איבערן קלויסטער, אויפן גאלדערנעם צלם, שטייט נאטע, די ווייסע בארד צושפרייט, ער האלט א שופר אין מויל און רופט...

שטיל אף די שפיץ פינגער האט ער ארויסגעשלייכט פון שטוב...

אויפן שוועל פון קלויסטער שטייט ער. און ער זעט: אלע שטייען אויף די קניה מיט בלויזע קעפ און האלטן ווערקסענע ליכט אין די הענט. הארט ביים מזרח וואנט, קניהן זיך אויף טרעפ אלטע און יונגע גלחים. אויף זייערע קיטלען בלאנקט די גאלד און די זילבער און זייערע לאנגע האר זיינען געזילבערט. אין דער הויך אויפן בימה שטייט דער ארון, און פון ארון קוקט ארויס א געלב ווערקסענער געזיכט... א אלטער גלח פאלט כורעים און הויבט אויף דעם פרוכת... פון זיין הויך קוקט אראפ גאטס זון, די הענט אריבער געצולמט און פארן רויטן

שיין זעט זיך אַ סליחה שמייכל איבער זיין ליידענדע געזיכט...
פלוצלונג, און אַלע גלחים פאַלן כורעים — אַ ים בלייזע קעפ קושט די שטיינערנע פאל, און די גלחים פאכען מיט גאלדערנע צלמים איבער זייערע קעפ...

---

אַ שטאַרקער קלאַפּ איבערן קאפ, האט דעם „וואָלינער" אויפגעוועקט פון זיינע געדאַנקען. ער האט נאר געפילט ווי איבער זיין קאפ שיטן זיך קלעפּ און געשרייען און אין איין מינוט, איז ער שוין געלעגן אין אַ באַרג שניי ווייט נאכן בוים...

ווי אַ צודולטער איז ער געלאפן ער האט ניט געפילט ווי פון זיין נאז שטראמט רויטע וואַרימע בלוט,, בליומע האט אים געעפנט די טיר, און איז אַ צושראקענע אפגעשפרונגען ווען זי האט אים דערזען,,,

דער „וואָלינער" איז געלעגן אין בעט, בליומע האט אים געלייגט קאַלטע טיכער אויפן נאז, און ער האט זיך אינגאַנצן געקראַמפט און מיט ביידע הענט האט ער געקלאַמערט בליומען און איר געדריקט צו זיך..

## ק. זינגמאן. ‖ אוונט אין קאַפע.

מיין שטאָט די קאָקאָטקע האָט זיך קאקאטיש פארקליידט
אנגעפודערט אירע באַקן, אנגעצונדן אירע פייערלאַך-אויגן
אין צוקושט זיך מיט דער נאַכט. ·

עס בלענדט און בליצט מיט איר עלעקטרישע ליכט
דער פילעטאזיקער, באלקאנעדיקער, רויט-גרינלאכער מויער
עס שפאַרן זיך געדיכט
און ציען זיך פון אַלע זייטן און אַלייען
גאַנצע רייען
מענשן, אַלטע, יונגע, נארן, קלוגע,
מיט גיריקע אויגן
אַלע צום קאַפע!
ווער — נאך טיי אַ גלעזל, אַ קופל ביר,
אַ פרעכן בליק, אַ בליק פון זינד,,,
ווער— געארעמט, ווער ---- אַליין, אן ווייב און קינד,
זי נאַכט איז לינד,,, ·
אין עס צושפרייטן זיך און צוטראגן זיך
די פאַרתאוה'טע ניגונים
פון אָרקעסטער
אַרום,, אַרום,., אויף דער גרין באַפלאכטענער
וועראַנדע;
און עס צולייגט זיך אַ שמייכעלע, אַ זיסינקער

אויף די זאטע מאָרדעס
פון די געכטער
פון דעם נאַכטישן קאפע.

ווייסע מראַמאָר-טישלאַך, פרויען קעפּלאַך, מענער-שרונדן
אויבן — גאַלערייען, ווייכע פּלושן מעבל — אונטן —
רעכט׳סן, לינקס׳ן — נאַכטיש-ספינקסן
קוקן דורך די גרויסע ווענטיש-שפּיגלען,
ווי עס לויפן אום די קעלנער, די באַקנבאַרדיקע
מיט הענט און אַרבל פונאַנדערגעשפּרייטע,
צערשטרייטע,
און זיי פאָכן ווי מיט שוואַרצע פליגלען
אַהער און אַהין;
פון אַלע פולבאַזעצטע טישלאַך
הערט זיך, טוט זיך הערן א קלונג —
לוסטיג, יונג!
— קעלנער! קעלנער! —
דער קעלנער קומט ווי אַ ווינט —
און — פאַרשווינט.

זיצן פרויען אָנגעפּודערטע, האַלב צורודערטע,
חצופיש-פריי, פוס אויף פוס,
אויף די ליפּן — אַ ניט אָפּגעהויכטער מענער קוש,
אין די ציינער — אַ האַלב פאַרלאָשענער פּאַפּיראָס,
אין די בליקן — אַ תאַוה׳דיק פאַרדראָס
אויף ניט געשטילטער און געדורשטער לוסט...
שמוגלען זיי, די נישט געזעטיגטע
צו טישל-געסט פאַרשפּעטיגטע
קאָקעטיש מיט די פיסלאַך,
שורשן די אַזשורנע זאָקן,
פינקלען פון אַלע ווינקלען
אוירינגלאַך — בריליאַנטן,
און גאָלדן שפּילקעס באַ די פראַנטן;
און עס הויבן אָן צו ריידן פיסל-שפּראַך...
און עס הויבן אָן צו שעפּטשען ליפּן-לאַך...
ווי אַ גרינער שלאַנג וועקט און רופט,
פאַרגאַפט, פאַרשמאַכט, צו האַלבער נאַכט
די בלייכע לוסט...

און וואָס מער שטערן אויפן הימל,

און וואָס מער שטילקייט אויפֿן גאַס,
ווערט פֿול און פֿולער, קלאַנג און קלאַנגער
די קאַפֿע.
און עס קלאַפּן, קלינגען, הוזשען
גלעזער, קופּלען, טאַץ און טעצלאַך,
עס הויבט זיך אָן דער אָוונט-ברויט
אין קאַפֿע.

— — — — — — — — — — — — — — —

און אַרום, אין דער שוואַרצער
ווי פֿרויען-אויגן נאַכט,
און אַרום אין די בלייכע
ווי פֿרויען-געזיכטער — גאַסן,
האַווקען, מיאַוקן, און קאַנאָיקען,
הינט און קעצלאַך —
ווען אַרט עס?
ס׳איז אָוונט אין קאַפֿע.

כאַרקאָוו—קאָוונע.

## קאלאטאווע.

קאלאטאווע! קאלאטאווע!
גרינוואַלדישע סאסנע מלוכה,
ריז צווישן קאַרליקעס שטעט!
בײַ דיר צופֿוסן ליגט ניעמאַן אויסגעצויגן
(מיט בלוי-וואַסערדיקע אָפֿענע אויגן)
און היט דיך ווי אַ טרייער הונט. —
א, קאלאטאווע! א, קאלאטאווע!

דיין גרין-געלאקטע וואַלדיש קאָפּ,
פֿון ווערמען האסט געירשנט?
דיין שטילן שאטן-כישוף
ווער האט עס דיך געשיינקט?
פֿון ווייטע הייטענישן,
פֿון שוואַרצערדיקער, שוואַרצבלוטיקער אוקראינע
האָב איך געביינקט
נאך קילשאטנדיקע, שליינגלדיקע
שטעגעלאַך דיינע...

א, קאַלאַטאַווע! א, קאַלאַטאַווע!

אין דיין ווייכן מיידל-שויס,
וויגסטו איינעט און פאַרשלעפערסט
אין געפלאַכטענע האַמאַקעס
קראַנקע, מידע זעלן..
אַף דיין בוזם
האט עמיץ אנגעשפּילט אַ בונטע רויטע רויז—
באַגינענס און פאַרנאַכטן,
און יעדער קומט, און יעדער גיט אַ שמעק
מיט זיין פאַרקאַטערט נאַז...
א, קאַלאַטאַווע! א, קאַלאַטאַווע!

יוני 1921.

## אַהרון קושניראָוו. | מיין האַפן.

פאר יוגנט פאַרשייטער און דרייסטער,
וואָס האָט אירע האַפענס
אויף שיפן פון אומזין פאַרביטן,
וואָס דיינקט ניט און ווייס ניט
פון זיכערע רוהיגע ברעגן—
וואָס טויגן ערפאַרונג און חכמה
פון אַלטע געמאָסטענע וועגן?
פון ווייכע פון וואַרימע מוטערשע בליקן
אויף אויביג, אויף אויביג צו שטורמס זיך ווענדן
פאַראַן ערגעץ שענסטע און טייערסטע גליקן,
נאָר ניט אין די פאַטערשע לענדער;
פאַראַן ערגעץ ברייטן און לענגן און וייטן
אויף וועלטן צו שאַפן
פאַר שיפן פון אומזין פון יוגנד פאַרשייטער
דאָרטן א האַפן.

## פסח מאַרקוס. | אַ זון — אַ גלח.

ז׳ ע ר צ יי ל ו נ ג.

אַ. י. גאָלדשמידטן — אַ מתנה.

I.

אין מיטן דארף, אַף אַ בערגל, באַרינגלט פון גרויסע, הויכע, אלט איינ-
געוואקסענע קאַשטאַן בוימען, איז געשטאַנען אַ קליינע הילצערנע דארף באַזש-

ניצא.*) איר לאנגער, ביים ברעג באגולדטער שפיץ מיטן גלאק-פענצטערל, וואס האט פון דער הויך אויסגעזען קליין ווי א פויגל-נעסט — האט זיך אריבערגע-הויבן איבער די ביימען שפיצן און געלאזט פון ווייטן זיך זען.

זונטאג, אדער אין א וואכעדיגן טאג, בעת א חתונה, אדער א לויה האט ער דורכנעקלינגען אף זיין דינעם קליין גלאקישן קול און געלאזט הערן פון זיך דעם גאנצן ארום.

הינטערן באזשניצא האט זיך צוגריינט א גרויסער גארטן, פול ביימער, טיף אין א ווינקל איז געשטאנען די הילצערנע געל פארביגע גלחישע שטוב. אין איר האט געוואוינט דער אלטער גלח דער פראבאשצאס.

א חוצן אלטן גלח האט אויך דארטן געוואוינט דער יונגער גלח אמבראזשאס גוטקויצקאס, א זון פון א קליינעם גראוווער בעל-הגוף. נאך זיין מוטערס טויט האט אים זיין מוטערס א קרוב, א גלח אין א גרויסער שטאט צוגענומען ביי זיך. אמבראזשע איז פון דער גרויסער שטאט צוריקגעקומען א הויכער מיט א קנייטש אפן בלאסן פנים און אין לאנגע גלחישע קליידער. מיט א פארמאכטן קאנווערט מיט אפולע שטעמפלען, איז אמבראזשע גלייך אוועק צום אלטן פראבאשצאס און פון דעמאלט אן איז ער שוין געבליבן וואוינען אין דער הילצערנער געל געפארבענער שטוב.

זיין טאטע, דער נעראווער קליינער בעל הגוף פעטראס, האט סך הכל געהאט אכט מארגעס שלעכטע פעלד. א מאגערן דוכאוויאנעם פערדל, א קליאטשע וועלכע לאזט קיין יאר קיין לעבעדיגן קיזעקל ניט ארויס און דערצו נאך א האנאראוויסטע, און א קו, וואס מער חדשים אין יאר איז זי געשטאנען אן מילך. פעטראס האט זיך נאר געגרויסט מיטן זון דעם גלח, וואס וואוינט אין דער געפארבטער הילצערנער שטוב און נאכמיטאג שפאצירט ער מיטן אלטן גלח צווישן די קארן-פעלדער און ווינשן די מענשן אף די פעלדער:

— גאט העלף. און זונטאג ווען דער פראבאשצאס איז עפעס ניט געזונט ריכט ער אפ די תפילה.

פעטראס האט פאהלאזט די פעלדער, זיך גענומען שארן ארום באזשניצאס, געזען אפט צו ריידן מיט ארגעליסט און מיטן באזשניצאס-שמש — געוואלט ווייזן, אז ער האט מער ווי פעלד — ער האט א זון — א גלח.

ער איז געווארן פרימער. יעדן פרימארגן-געבעט אפגעריכט נעבן באזשניצאס, אפגעהיט פאסט און געהאלטן לענגער די ימים-טובים. ער האט אויך ניט אויסגעמיטן קיין לויה. אף וועלכע ער זאל ניט אנטאן קיין הייליגע העמדל און איר באגלייטן מיט א הייליגער באזשניצא לאמטערן ביזן מאהילניק.

פעטראס האט פארקויפט די דיקע פלאד-חזירטע, און פאר די געלט זיך איינגעקויפט א בגד פון קראם סחורה און א ווייסע העמד מיט א אפגעלייגטן קראגן אויסגעבונדן מיט א געבלימט טיכל.

זיין זון דער גלח פלעגט אויך קומען צו אים צו גאסט. אבער דאס איז געווען זייער זעלטן און קורץ. זיי פלעגן זיצן שווייגענדיגע, עס איז ניט גע-

*) קלויסטער.

ווען וועגן וואָס צו ריידן, כאטש ד׳רצייל ד״ם זון-גלח: אַז די קלויאַטשע האט געהאַט אַ טויטן צווילינג און די קו האט ווידער פאַררעכן..

ריידן וועגן באַזשניצאַס, האט דער אַלטער יא געהאלט, אַ סך זאכן האט ער געהאַט צו פרעגן — נאר ער האט זיך געשעמט.. דער אַלטער פלעגט ציען פויל די ליולקע און קוקן אפן זון וואס סתם אין דער וועלט אַריין דרייט ער די פלעשל ווײן, וואס איז געשטאנען פון זייטוועגן אפן טיש.

דאס פלעגט אַזוי לאַנג דויערן ביז דער אלטער פעטראַס פלעגט ארויס-נעמען פון הינטערן בעליק דעם געבעט-ביכל מיט די ברילן, געגעצנדיג אַריינ-קוקן אין אים און איינדרימלען. דער זון פלעגט זיך אַרויסשאַרן זאגנדיג אַ „לאַבאַס" (אַ גוטן). פון „לאַבאַס" און טיר קלאַפ פלעגט זיך דער אַלטער אויפ-כאַפן און שמעקן דעם גלחישן ריח, וואס דער זון - גלח האט נאך זיך איבער-געלאזן. צום סוף רוקט זיך דער אלטער צו אַ פאַרדרימלטער צום טיר און שרייט נאך: „לאַבאַס"!.. לאַבאַס!" כאטש דער זון איז שוין געווען אַף דער באַזשניצאַס וועגעלע, ווייט הינטער די קאַשטאַן בוימער,,,

---

.II

אַ קריזש טאג *) אַלע אַרומיגע דערפער נאָנטע און ווייטע אַפילו פון אַנדערע פּאַראַפּיעס האבן דעם טאג זיך צונויפגעפאָרן אין נאַרווער באַזש-ניצאַס ווער אויך צופוס. דער טאג איז א זומערדיקער אַרבעטסצייט.

מיט אַ נאַכט פריער איז שוין די באַזשניצע פאנקע פול געווען מיט פערד און פורן פון די אנגעפאַרענע. אין די גלחישע שטוב האט אַ גאַנצע נאַכט פיי-ער געבערנט און פון קוימען האט געזעצט א געזיכטער רויך. די קיך טיר און די פענסטער זיינען געווען אָפן און פאַרשפּרייט אַ פעטן ריח פון שמערגלעריי..

פאַרשמאַיעט האט זיך אַרומגעדרייט די געשמאַלצענע גאַספּאַדינע **) מיט די פאַלדיגע באַקן, וואו עס איז תמיד געלעגן רינעס פעטע שווייס; די דאָרפישע מיידלאַך, מיט די רויטע צופלאַמטע באַקן פון קיך-פייער זיינען געקומען העלפן די גאַספּאַדינע, צוגרייטן אַף מארגעדיגן טאג פאַר די אַלע גלחים, מיטן וויסקופּ, וואס דאַרף קומען אפריכטן די גרויסע תפילה אין נעראַווער באַזשניצאַ און פאַריינס פועלן ביי די נעראַווער איינוואנער, זיי זאלן בלייבן אין דארף און ניט אַרויסגיין אין באַזונדערע קאלאניעס, און ניט לאָזן די באַזשניצאַס א איינזאַמע..

עס איז געווען נאַכטיק שטיל, פינסטער אין דארף. א שוואכע בלאַסע לבנה איז געשטאַנען אַפן הימל, איר ביסל ליכט האבן אַיינגעשלונגען די נאַכט שוואַרצע קאַשטאַן בוימען מיטן פינסטערן גלאַק פענסטערל... ווען ניט ווען האט די שטילקייט איבעגעריסן אַ הינט בילעריי, וואס איז גלייך פאַרשלונגען

*) דער יאָר־טאָג ווען דער קריסטוס איז געטבעלט.

**) ווירטן.

געוואָרן פון דער נאַכט. אין קיך האבן זיך נאך אַרומגעדרייט די מיידלאך מיט די בראט - פאַנען.

די נאנטקייט פון די מיידלאַך און ניט אַזוי פון די מיידלאך ווי פון קאַט־רע דעם הינקידיקן יערמעלקע דעם דאַרזשעניקעס *) טאכטער, האָט ניט געלאזט שלאָפן דעם יונגן גלח גוטקויטשקאָס.

פון לאַנג אן בריט זי אים שוין אפ מיט אירע ברענעדיגע שפיציגע אויגן, וואס שטעכן זיך אַזוי טיף, טיף אַריין..

דער יונגער גלח האט אומגעדולדיג געשפּאַצירט איבערן ריין געוואַשענעם פאל און זיך צוגעהערט צו יעדער שארך איבער יענער זייט וואַנט,,, געדאַנקען פאַרשיידענע יאגן און פלאנטערן זיך אין זיין מח יעדער האט נאר ביים ברעג מח אַ שטאך געטאן, אבער קיינער האָט זיך ניט אפגעשטעלט, קלאר און דייט־ליך איז נאר געשטאַנען פאַר אים קאַטרעס בילד, פונקט ווי די הייליגע גאטס טאכטער אפן טיש ביי דעם היליגן פייערל.

ער גויטקויצקאַס האט זיך פאַרן געדאַנק ניט געשראקן. פאַרקערט, ער איז עם געווען ליב שפילעווודיג אזן האט אים פריי צו זיך צוג,לאזן: די וואַנה, די מיידלאך, די גאספּאַדנע און זיינע גלחישע קליידער איז געווען פאַר אים גענוג זיכער פון שטרויכלעריי, ער האט אין גאטס טאכטער אַריינגעקוקט און זיך פארגעשטעלט קאַטרען, איר געקושט און געמיינט, אַז ער קושט קאַטו׳ען. אים האט א דרעמל אנגעכאַפּט, האט ער די פענסטער פאַנאַנדערגעעפנט און אַ פרישער דארפישער גאַכט ריח האט פאַרגאסן די גאַנצע שטוב...

עס האט זיך געהערט: די קיך טיר האט זיך געעפנט אימיץ איז פון דארטן אַרויס און שווער אין זיך ג צויגן די נאַכט לופט. גויטקויצקאַס האָט זיך דורכן אפענעם פענסטער קאַלבלוטיג אראגגעלאזן... אָן עפעס שווערעס, רירענ־דיגעס זיך אנגעשטויסן... וואָס האט זיך עפעס מיט אים געראַגלט און באַלד ווי אַ אפּ־געהאַקטער צווייג אַף זיינע אַקסלען אַראפּגעפאלן... און געוואָרן אַזוי לייכט... ער איז מיט דעריין אין פינסטערן גארטן צווישן די בוימען אַנטלאפן — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

.III

— קאַטראַ! קאַטראַ! — האָט דער גראָבער גאספּאַזיינ׳ס שטים די שטיל־קייט דורכגעריסן. א שוואַכע ליכטיקייט האט דורך די בוימען דורכגעשלאָגן... ער האט זיך אַרומגעקוקט אַנשטאט = גאטס טאכטער, פאַר זיך דערזען — קאַטרען, מיט אַ נצחון־שמייכל האט צו זי פון זיך אַ שטייס געטאן, זי איז אַף אַ צווייג גע־פאַלן, פון איר האַנט האט אַ שטראָם בלוט א פלייץ געטאן און פון די אויגן אַפאַר גרויסע טרערן... ער האט די טרערן מיט די בלוט אפגעלעגט און איר שטאַרק צו זיך געדריקט... און אַוועק צווישן די בוימען...

---

*) אַ פויער וואָס האָט נאָר אַ גאָרטן.

עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, ווען גויטקויצקאַס איז פון גארטן אַרויס. ביים שטוב-טיר האָט ער דעם פראַבאַשצאַס געטראָפן, ער האט אַף אים אַ בליק געווארפן, ווי ער וואלט אים געוואלט וואס זאגן. דער יונגער גלח איז שטיין געבליבן, נאר דער פראַבאשצאס האָט זיך אומגעדרייט און אין שטוב אַריין, גויטקויצקאָס האָט נאך אַ ביסל טראַכטן זיך ארומגעקוקט,,

—וואוהין ?..

דורכן קיך, וואו עס האט געפירט אין זיין צימער האט ער ניט געוואלט אַריין, און זעענדיג, דער פענסטער איז אפן, האט ער זיך אַ הויב געטאן און איז אַריין אין זיין צימער. דער הייליגער פייערל האט נאך געברענט, גאָטס-טאכטער איז אָפן טיש געשטאַנען, ער האט זיך אין בעט געלייגט, דאס פייערל האט זיין שיין אף אים פאַרווארפן, און גאטס-טאכטער האט אין אים אירע בליקן אַריינגשטאכן ... ער האָט זיך אויפגעהויבן, דעם פייערל פאַרלאשן, גאטס-טאָכטער מיטן בגד פאַרווארפן און זיך צום וואַנט מיטן פנים אומגעקערט...

IV.

ער האט זיך אויפגעכאַפּט, לעבן אים איז געזעסן אַף אַ שטול די גאספּאָדינע, מיט פארלייגטע הענט. דאס הייליג פייערל האט צוריק געברענט, גאטס-טאָכטער איז געשטאַנען אַפן טיש, אַ אפגעדעקטע, אירע אויגן אַף אים אויסגעשטעלט... די גאספּאדינע האָט אָפּויפּצנדיג האַלב שמייכלענדיג דערציילט: אַלע זיינען שוין אין באַשניצאַס, דער פראבאַזשצאַס איז אַ גאַנצן טאָג אויפגערעגט דער וויסקופּ איז ניט געקומען, און די נעראָווער בעל-הגופים זיינען האַרט ביי דער דעה זיך אַרויסצוקלייבן פון דארף. און נאך האט זי דערציילט: עס איז פון שטאט געקומען א מענש מיט אַ מונדיר, און אַ לאַנגע מאס. ער איז פאַרפאָרן גלייך צום אידישן שיינקער און פון באַגינען אָן איז ער שוין מיט דער מאס אַף די פעלדער.

די גאספּאדינע זעענדיג, אַז אים גייט עס ניט אן, האט זי נאכאַמאל אָפּגעזיפצט און מאַכענדיג אַ קליינע פויזע דערציילט, אַז דער פראָבאַשצאַס איז געווען באַ זיין בעט, און ער גוטקויצקאַס האט זיך געווארפן ווי אין קאָנוואולסיי, געשריען, גערעט וואס פון שלאף. און דער פראבאַשצאַס האט געזאגט: דער יונגער גלח מוז זיין קראַנק; זי ט'אים צוגעטראגן אַ שפּיגעלע, ער זאל זיין קראַנק פנים זען... דער יונגער גלח האט אַ שמייכל געטאן, איז אַרויס האַסטיג פון צימער, לאָזנדיג די גאספּאדינא אַליין.

האַרט נעבן באַזשניצאַ האט ער דערזען ליגנדיג אַף דער ערד יערמעלקען קאטרעס פאַטער מיט דער קוליע היטער זיך. ער האט זיין בליק שנעל פון אים אָפּגעווענט, און געפילט אַז ער ווערט רויט, און די פיס ווערן אַזוי שווער, ווי יערמעלקעס שווערע הילצערנע קוליע. יערמעלקע האט זיך מיט כח אַ הויב געטאן, ביי גויטקויצקאַסן האט די האַרץ אַ צאַפּל געטאן:

וויס ער?.. פון וואַנען!,, ער האָט זיך אף אַ מינוט אָפּגעשטעלט: טפוי, יערמעלקע,,, ווי אים אין האַנט אַ קוש-טאן. דאס האָט אים נאך מער שרעק פאַרשאַפט, ווי ער וואלט אים מיט דער הילצערנער קוליע איבערן קאָפּ געגעבן-

ער האט זיך פאַרנומען מיט דער זייטיגער וועגעלע און געלאזט יערמעלקען ליגן.

אין באַזשניצאַ איז שוין געווען די תּפילה באַלד צו ענדע, פון וואָס ער איז געווען שטאַרק צופרידן, פאַרשפּארנדיג אנצוטאן די יום־טוב׳דיגע קליידער. ווען די תּפילות האָבן זיך געענדיגט איז ער דורך דער הינטער טיר פון באַזשניצאַס אַרויס אין גאָרטן, און געמאַכט זיך ניט באַמערקנדיג דעם טאַטן, וועלכער איז אן אַ זייט געשטאַנען, ביים ריי מיט דער גאַנצער פאַמיליע, און געוואַרט משמעות דער זון דער גלח זאל פאַרביי גיין צוזאַמען מיט די איבעריגע גלחים.

ביים מיטאג האט ער ניט געגעסן. און ניט געהייסן די גאַספּאַדינע פאַר אים אַ ארט מאַכן, דעם שטול אן אַ זייט געשטעלט און אַ סך געטרונקען פון די אַלטע שטאַרקע משקאות, די גלחים האבן אַף אים געוואָרפן חשדיגע בליקן, וועלכע זיינען אים גארניט אנגעגאַנגען, דער אַלטער גלח האט אין דער שטיל געביסן די ליפּן, און יעדן מינוט מיט אַ געמאַכטן ליבע - שמייכעלע דערמאָנט:

דער גלח גוטקויצקאַס איז היינט קראַנק..

די גאספאדינאַ האָט איינמאל אַף אים אנגעצילט איר קליין גראָע־קעצישע אויגעלאַך און אין האַלב אפגעהאַקטע פראַזן. מיט אַ ציטרען שמייכעלע דערציילט:

— קאטרע איז שוואנגער.

ניט וואַרטנדיג אַף אַ ענטפער, גלייך ווי ניט מער ווי דאָס איז זי אויסן איז זי אַריבער אַף וואס אַנדערש, גאר וועגן מארגעדיגן מיטאג, און אַז זיין בגד בעט זיך שוין אַף אַ נייעם, און זי וואלט אים געראַטן צו נייען ביי א נייעם שניידער ... און מיט אירע גראָהע אויגן נאכגעקוקט, וואס פאַר איינדרוק עס האט אַף אים געמאַכט איר לעצטע נייס.

ער האט געשוויגן און זיך פאַרקוקט אף גאטס טאכטער. זעענדיג, אַז די גאַספאַדינאַ נעמט זיך אַרויסרוקן, האט ער שמייכלענדיג איר אַ פרעג געטאן:

— וואו איז דער פראַבאשצאַס?..

זי האט אים געזאָגט: ער איז אין גארטן. גויטקויצקאַס האט גלייך זיך געלאזן צום טיר די גאַספאַדינע האט אים שטאַר אָנגעקוקט..

פאַרן פראַבאַשצאַס האָט ער עפּעס אַ סך, אַ סך דערציילט... ביים פראַבאַשצאַס האט זיך דער פּנים מיט בלוט אָנגעגאסן און די ווייסע קישעלאַך פון זיין געקניישטע האַלז איז מיט רויטקייט אנגעגאסן געוואָרן.. ער האָט אויפגערעגט געקלאַפּט מיטן שטעקל, מיט דער ווייסער הענטל אן זאמדיגן ערד און מיט שוים געשעפּטשעט:

—גו—ט—ק—וי—צ—ק—אַ—ס! —ג—קוי—צ—קאַס!

.V

ביסלאַכווייז האָט מען גענומען מורמלען אין דאָרף... דער יונגער גלח איז געזעסן די גאַנצע טעג אין שטוב, אויסער פאַרנאַכטליך פלעגט מען אים זען זיצן פאַרטראַכט אונטער אַ בוים... דער קאַליקער יערמעלקע האט זיך פאַר אַלעמען בארימט, און גענומען אפט אַריינקומען צו פּעטרעסן, אַ אנצוהערניש אַף מחותנהשאַפט.

פֿעטראָס האָט אויפֿגעהערט צו קומען אַפֿט אין באַשניצאַ, אויסגעטאָן די קראָם בגדים און גענומען זוכן גראַזן ביי די ציגיינער פֿאַר די קליאַטשע, וואס האט ווידער אַ גרויסן בויך, און זיך מיט זיי אַרומגעבלאָנקעט אויסעון דאָרף, און געמאַכט אַ אויסבייט אַפֿן דוכאָוויצנעם פֿערד, וואס האט געקראגן נאך מער אַף די לונגען אַזש ער איז איין מאל אין סאכע געבליבן ליגן... פֿון אויסבייט האָט ער אַנשטאָט אַדוכאָוויצנעם געקראגן אַ שקאַפּע מיט געמאַכטע ציגיינערישע ציין, ביי וועלכע די ביסל היי פֿלעגט בלייבן אין דראַבינע, און האט ניט גע-האט קיין כח אַרייצוגיין אין סאָכע. פֿעטראָס איז אַוועק צום זון—גלח, ער האט שוין געהאַט מיט אים וועגן וואָס צו ריידן, און טאַקע וועגן די שלעכטע גערע-טעניש אַפֿן פֿעלד, און אַז דער נייער פֿערד האָט ניט קיין ציין... און קיין חזירים האָט ער אויך נים, כאָטש האַלט פֿאָסט א גאַנץ ווינטער.

די גאַספּאַדינע האָט אים געהייסן ווארטן אין קיך. דער גלח- זון האט זיך נאך אַ ווײַלע אַרום זיך באַוויזן אין טיר. ער איז געווען שטאַרק בלאַס, מיט אַ צוגעקומענעם קנייטש אַפֿן פּנים. פּעטראַס האט גענומען שטאַמלען, גיפֿאַלן אַף די קניה, ווי פֿאַר אַ פֿרעמדן גלח, אויסשטרעקנדיג דעם פּנים ווי אַ קוש צו געבן אין האַנט... דער זון - גלח האַט זיך אפגעצויגן אַף הינטן, אים געוויזן אף אַ שטול אין צימער און איז אַליין אַרויסגעגאַנגען... די גאַספּאַדינע האט קרעכצנדיג אַריינגעטראגן אַ לאמפּ, און געשאקלט רחמנות׳דיג מיטן קאפּ אַף פּעטראסן, וואס איז געגעצנדיג און ניט באַקוועם געזעסן אין ברייטן פליושענעם פאטעל.

דער זון - גלח איז געקומען גאַנץ שפּעט, מיט אַ פֿאַרמאַכטן קאנווערט אַזאַ ווי דעם, ווען ער איז אין דארף אנגעקומען.

נאָך אַ ווײַלע שווייגן, האָט דער גלח-זון. קוקנדיג אַף גאָטס-טאָכטער אַ זאָג געטאָן:

— שפּאַן אַיין די זשראָבנע קליאַטשע, און קום באַגינען צופֿאָרן, איך פֿאָר אַרויס אין אַנאַנדער באָזשניצאַ...

פון יענער זייט וויספע.

# א מ׳ע׳ר׳ו׳ק׳ע.

## בערנאַרד לואיס. — שלינג און שלאנג.

שלינג און שלאַנג, שלינג און שלאַנג,
אָן געזאַנג, אָן פֿאַרלאַנג —
כ׳גיי אַרויס אין געדראַנג,
שלינג און שלאַנג, שלינג און שלאַנג.

אָן אַ פיינד, אָן אַ פֿריינד —
ניט עס טאָגט, ניט עס שיינט,
ווי דער נעכטן אויך דער היינט,
אָן אַ פיינד, אָן אַ פֿריינד.

טראָט נאָך טראָט, טראָט נאָך טראָט,
אָן אַ גאָט, אַן געבּאָט —
שרייט מיר נאָך בּייזער שפּאָט
טראָט נאָך טראָט, טראָט נאָך טראָט.

בּרילט און בּרילט, בּרילט און בּרילט,
ווער עס פּלוכט, ווער עס שילט —
ווי מיט שפּיזן שאַרף געצילט,
בּרילט און בּרילט, בּרילט און בּרילט.

ווי געפּענט, ווי געפּענט —
האַלט דעם קאָפּ, האַלט די הענט:
פּלאַמט דער בּרוק, שטשירען ווענט —
ווי געפּענט, ווי געפּענט.

ווערט מיר בּאַנג, ווערט מיר בּאַנג,
פון דעם צוואַנג און געפּאַנג: —
לאָז זיך גיין שלינג און שלאַנג
אין ג דראַנג, אין געדראַנג.

## א. לוצקי.

## פאַרוואס בּין איך אזוי?

פאַרוואָס בין איך אָזוי —
אַזוי נישט אַזוי?
פאַרוואָס בין איך נישט אַזוי:
אַזוי — און, נישט אַזוי נישט אַזוי?

יעדער איז אַזוי:
אַזוי — און נישט — אַזוי נישט אזוי..
און איך בּין אַזוי, אַזוי נישט אזוי! —
פאַרוואָס בין איך אַזוי?

# אוקראינע.

## ד. האָפשטיין.

## * * *

איך בּין געוועהנט
צו דיינע גרוסן, ווייסער צפון!
איך האָב געבּלאָנזעט לאַנג
אויף הויל פון ערד,
געהערט,
ווי ווייטן וויגן זיך,
ווי ווייטן ווערן אַיינגעשלאָפן...
אין גרויער מיט
פון האַרבּסטן פעלד
האָב איך געקוקט
ווי קאַלטער טוי
פאַרפערלט שטיל
דעם טונקעלן שניט
פון רערעלאַך דינינקע
בּיי אַלטער שטרוי —
איך האָב פון עק
פון נידעריקן פּלייט
פאַרטרויט
מיין בּליק
דער גרויסער וועלט...
און ווען דער האַרבּסט
מאכט קאַלט און בּרייט דעם הימל
אַ פרעמדער בּלאָנזע איך
אַויף רוישנדיגע גאַסן —
פון הויכע מויערן דער ראַנד
פון בּיידע זייטן,
די פלאכן די געבּראכענע
פון בּרייטע דעכער אין דער ווייטן
ניט זיינען בּרייטער מער,
ניט זיינען העכער
פון פיצלאַך אַלטן פּלייט
אין מיט פון גרויען פעלד...
איך האָב אַמאָל נאָך קינדוויַיז
(ווי לאַנג איז דאָס געווען?)
פון עק פון נידעריגן פּלויט
פאַרטרויט מיין בּליק
דער גרויסער וועלט!..

## זעמדעלאַך פון מ. לאַזד־נער.

### א י מ פּ אָ ט ע נ ץ.

ביי אונז האַלט מען אין איין קלאָגן:

— מיר זיינען אימפּאָטענץ!

עס קלאָגן אַלע, און דוקאָ מער פון אַלעמען די אימפּאָטענטן אַליין. אָבער ניט איבער זיך — נאָר דוקאָ איבער יענעם...

### ל י כ ט א ו ן ש אָ ט ן.

אַז פּראָסטיטוציע אין דער ליטעראַטור פאַרשפּרייט זיך, דאָס קלאָגט קיינער ניט.

— שטיל... שטיל...

אין אַלע ליטעראַטורן איז זי דאָ וואו עס איז דא ליכט מוז זיין אויך שאָטן (אַף אונז רב"שע' געזאָגט געוואָרן אַזאַ שאָטן!) אַנדערש איז, וואו עס איז דאָ שאָטן איז אויך דאָ ליכט (אַז אָך און וויי צו אַזאַ ליכט!)

אַזוי פיל שמיראַכטס און שמירער ווי בּאַ אונז וועט איר ניט זען אין ערגעץ... און זיי פאַרנעמען נאָך דעם אויבנאָן.

מען זאָגט:

— וואו ס'איז דאָ ליכט מוז אויך זיין שאָטן...

### ה פ ק ר ו ת.

עס איז קיין צופאַל, וואָס אַ שונד־ראָמאַניסט האָט אָנגעהויבן צו שרייבן קריטיק (אמת, ער לויבט אַלעמען) און אַפילו אין דער זעלבער צייטונג.

ניט קיין ערליכע מוטער קען קיין ערליכע קינדער געבוירן...

### ד י פּ ו י ק.

דערפאַר האָבן מיר אַ פּויק, פון הוילע יחוס, פון אמת'ע קאַלבן־פעל. אַף איר צופּויקן מיר אַלץ. קלאַפּט איינער אויס, טראַכטן שוין די איבעריגע פּויקער נישט:

מ'דאַרף ניט שטערן די האַרמאָניע און מ'פּויקט מיט..

ווערט אָבער אַ פּייקלער אַנדרימלט, אָדער עט געפעלט אים ניט,—שווייגט ער, און אַלע שווייגן מיט. .

דערפאַר ווערט ביי אונז אַ סך פאַרשוויגן.

— דער פּייקלער האָט פאַרשלאָפן...

רעדט ווער, וואַרפט אַויף דעם אמת אין פנים אַריין, — ענטפערט מען ניט... מ'האָט מורא, מ'קען זיך אַמאָל אַרויסריידן. מ'מאַכט אָפּ מיט דער האַנט:

— אַ חצוף, טאַלאַנטלאָזיקייט שרייט... מאַכט אָ טומל!..

און שווייגן?...'

## פון דער עטאזשערקע.

**רינגען א'ב' זאַמלהעפטן, אַרויסגעגעבן פון מ. ווייכערט און אַ. קאַציזנע. וואַרשע 1921.**

אַ מאָרנעם גורל האָט די אידישע ליטעראַטור, ווי דאָס צושפּליטערטקייט און מפוזר ומפורד'קייט פון איר פאָלק, אזוי איז א"יך איר ליטעראַטור,

און האָט די געענדיקטע און דאָך ניט פאַרענדיגטע וועלט-מלחמה געשאַפן מחיצות, צוימען, צווישן איין לאַנד און צווייטן, אַזוי האָט זיך עס גלייך אָפּגעשפּיגלט אַף אונזער ליטעראַטור, אַנשטאָט איין גרויסן קבוץ - דאָס אַמאַליגע גרויסע רוסלאַנד. האָבן מיר היינט פיל קבוצים'לאַך, אַנשטאָט - אַ גרויסע הויז - פיל קעמערלאַך, און ווענט האָט די מלחמה אָנגעשטעלט, אַזוינע מאַסיווע, שווערע ווי זי איז אַליין געווען, און עס גייען אַוועק חדשים און אַמאָל אויך יאָרן ביז איין קעמערל באַקומט אַגרוס פון צווייטן, דאַכט זיך, איין משפחה, און דאָך ווי צעשיידט...

אָט ליגט פאַר אונז „רינגען“ צוויי זאַמלהעפטן אַרויסגעגעבן אין וואַרשע. אין דער זעלבער שטאָט וואָס האָט אונז פאַר דעם קריג געהאָלפן פלעכטן די גאָלדערנע קייט פון פרץ'ען. אַש'ן, וויסענבערגן, איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט זיך עס אַריבערגעוואָרפן ווי אַ זיכערער אַנקער אַריבער דעם אָקינוס-ים און האָבן עס אויפגעכאַפּט און עס האָט זיך ווייטער געפלאָכטן: אַפּאַטאָשו, איגנאַטאָוו, ראַבאָי, מאַני לייב, ה' לייוויק. האָט זיך דאָס צוברויזטע וואַסער אַפּלושקע געטאָן און האָט אַ שפּריין געטאָן ביים דוניי, ערגעץ אין עסטרייך, גאַליציע, און עס האָט זיך ווייטער געפלאָכטן... האָט זיך אַכאַפּ געטאָן די שוואַרצע חנו'דיקע אוקראַינע, אויסגעריבן איר לאַנגע פאַרשלאָפענע אויגן, און די גאָלדענע קייט פלעכט זיך שוין, נאָך פיל פאַרביקער, בונטער: בערגעלסאָן, הירשקאַן, האָפשטיין, קוויטקאָ, און דער אנקעו וואָרפט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער...

איז פאַרפלאָסן און פאַרפּליצט מיט בלוט געוואָרן אוקראַינע, איז געוואָרן בית-הקברות און נאַכט חושך'דיג אַרום און אַרום, און נאָר דאָ און דאָרטן בליצן דורך קליינע פייערלאַך, פון די קייט איז געוואָרן רינגעלאַך און אויך די ריגגעלאַך זיינען אַזוינע לייכטע שוואַכע אַפילו קיין שאָטן ניט פון די אַמאָליגע גאָלדערנע קייט...

לייענסטו דורך פון טאָחל ביז טאָחל די ביידע ביכלאַך „רינגען“ און אַ מאָדנער פאַרדרוס נעמט דיך אַרום, עפּיס דוכט זיך, אַז דו ביזט אַף זיבן יאָר קלוגער געוואָרן, ניט א י נ ג ע ר, יונגקייט, פרישקייט, אייגענטלאַך צו דעם שטרעבן מיר דאָך, נאָר דו פילסט, אַז דו ביזט ממש קלוגער געוואָרן, ווייל, לאַ-

מיר זיך ניט נאַרן. אונז רעגט שוין היינט ניט דאָס בעסטע ליד פון די אַלע אונזערע ביז מלחמה פּאָעטן. און מצג דער אַלט-יונגער, שטענדיק ליבער סעגאַלאָוויטש אונז נאָך אַמאָל אַ שפּריץ טאָן מיט זיין לייכטן פּענזל, און אונז ווייזן זיינע פֿאַרהלומטע און שטיפערישע רעגינעס, יאַדוויגעס און אַניעליעס. אין אַנדערע פרויען קעפּלאַך, אונז נעמט עס שוין היינט ניט, עפּעס וואַרטן מיר היינט פון דיכטער ברייטערע לייוונטן, טיפערע פּראָבלעמען, מער קאָמפּליצירטעס, מיר זיינען שוין ווייט אַוועק פון ליבן פאַלקלאָר און פאָלקסטימליכער ליבערעטאַ, מער בלוט און פלייש, מער פאַרב און ריטם, מער פּערזענליכקייט, אָט דאָס פאָדערן מיר און האָבן דאָס רעכט צו פאָדערן פון אונזערע דיכטער, און דאָס ליידער געפינען מיר ניט אין דער גאַנצער פּאָעזיע פון די ביידע ביכלאַך; אַפילו בראָדערזאָן, דער יונגסטער פון דער פּוילישער משפּחה, וואָס ערגעץ אנדערש וואו געפינט ער שוין יאָ דעם פּאַסיגן נייעם פרישן וואָרט כאָטש נאָך וואַקלדיג איז זיין טראָט, צושוואומען און צוגאָסן זיין בילד, איז אויך דאָ אין די „רינגען" זייער שוואַך פאַרטראָטן. וועגן דער בעלעטריסטיק אויך דאָס זעלבע, איר לעזט דורך אַלע ערציילונגען און זיי מאַכן אייך ניט קאַלט און ניט וואַרעם, גאַנץ ליטעראַריש אָנגעשריבן, אָבער ניט ׳מער, ניטאָ קיין איין נייע׳טעמע, קיין איין קינסטלעריש ניי׳ בילד. עפּעס איז דאָך אונזער לעבן אַזוי שטורמיש געווען, אין דאָך געווען אַ מלחמה, אַ רעוואָלוציע, אַ אָקופּאַציע אינוואַזיע, — וואו זעט איר כאָטש אַרמז דערפון? עפּעס מאַכט אויף אייך דעם איינדרוק, אַז די „רינגען" שרייבער האָבן זיך אַלע ערגעץ אין אַ פינסטערער הייל באַהאַלטן, דאָרט אָפּגעוועזן, גאַנצע זיבן יאָר... און זאָל מען ניט זאָגן אַז עס איז נאָך צו פרי, דער קינסטלער דאַרף פּערספּעקטיוו, אָט האָט דאָך אין זעלבן פּוילן עוזר וואַרשאַווסקי דערזען אַשטיק ניי-נאַקעט און פריש-צאַפּלדיק לעבן (שמוגליאַרעס, ראָמאַן. ווייסנבערג פאַרלאַג) הייסט עס דאָך אַז דער קינסטלער איז שוין יאָ מסוגל אויפצונעמען...

די אַרטיקלען פון ד"ר ווייכערט ווי אויך די אויסגעצייכנטע צייכנונגען פון בערלעוו, לייענט איר און קוקט דורך מיט צופרידענהייט: אָבער דער פאַרדרוס בלייבט דער זעלבער, עס איז אַמאָל געווען אַ גאָלדענע קייט, האָט זי זיך געפלאָכטן און אַריינגעפלאָכטן נייע קייטעלאַך און רינגעלאַך, און איצט, אַזוי בלייך אַזוי לייכט זיינען די „רינגען"...

ז. פייגין.

## „די יונגע אידישע פּאָעזיע אין רוסלאַנד".

זאַמלונג, פאַרלאַג „אידיש" קאָוונע, 1921.

זאָלן אויפפלאַצן די הימל-קוואַלן!<br>
און אַ רעגן, און אַ מבול – שטראָם זאָל פאַלן<br>
אַף דער ערד אַראָפּ—<br>
מיט אַ נייעם מיט אַ שאַפונגס-גאָב!

ב. בראָדערזאָן.

און דער דאַזיקער מול-ברכה'דיקער רעגן איז ענדליך אויסגעפאַלן אַף די מיט אימעט שימל פאַרוואַקסענע און מיט אַלטע שול-הויפבות פאַרקומערטע פעלדער פון דער אידישער פּאָעזיע אין רוסלאַנד, מיט איר קריינקליך-פאַרביינקטן, ספּעציפיש-אידישן פנים.

פון דער שוואַרצעדיקער אוקראַינע איז אַ פרישער יונגער יוגנט-ווינט געקומען — און צוטרייסלט דעם ד׳ אמות גדר, אין וועלכן ס'האָט זיך שוין יאָרן לאַנג געטופּעט אַף איין אָרט

די רוסלענדיש=אידישע פּאָעזיע, געקוקט מיט
ראָמאַנטיש פאַרבייגקטע אויגן און מיט מאַכט=
לויזע און תפלה פאַרבראָכענע הענט צו די
לאַנג שוין וויסטע הימלען, און האָט בשום
אופן ניט געקענט געפינען דעם וועג קיין
אייראָפּע, דעם וועג פון איד צו מענש, צום
הימל פון אוניווערסאַלער פּאָעזיע...

ווי פאַרשיידענאַרטיג, עס קענען ניט זיין
די מיינונגען וועגן דעם אידיש = אוקראַינישן
דיכטער דריילינג, קוויטקאָ,—האָפּשטיין,מאַרקיש
דער כוס של ברכה געהערט פאָרט זיי.
זיי האָבן די ערשט, אַוועקגעלייגט דעם גרונד=
שטיין פאַר אונזער אַייראָפּייאישן פּאָעזיע בנין
אונזער שאַפן פונם טויטפּונקט אַראָפּגערוקט
און באשאפן אַ גאַנצע שול נאָכפאָלגער און
נאָכהאמער, וועלכע זיינען שוין פאַרטרעטן מיט
מער אַדער ווייניקער טאַלאַנטפולע זאַכן אין
דער קליינער זאַמלונג פון פאַרלאג „אידיש“.

מיט אַ טיפער האַרציגער פרייד קאָנסטאַנ=
טירט איר דעם גרויסן מהלך, וואָס האָט דורכ=
געמאַכט אונזער פּאָעזיע פאַר די לעצטע פאָר
יאָר, די נייע מאָדערנע בליקן אירע אַף וועלט
און מענש, וואָס זי האַט באַקומען.

אַנשטאָט דעם קליינשטעטלדיגן, אַיינג=
האָריזאָנטיקן דיכטער, וואָס פלעגט זיך תמיד
אין שטאָט ווי פאַרלירן, מבולבל ווערן פון איר
טויזנט=קלאַנגיקער גאַסן סימפאָניע, און פלעגט
א פאַרבייגקטער נאָכן שטילן שטעטלע, חוץ
קללה און כעס פאַר דער שטאָט גאָרנישט
ניט האָבן,—געפינט איר דאָ שוין אָריין ווער=
כונישע באַציהונג צו דער שטאָט, אַ גיכטע=
רע, און אַ ערנסטע א באָאַבאַכטנדיק, שאַרף
אויג, וואָס קוקט מיט פרייד און שטאַלץ
(אַמאָל מיט ווייי) אַף אונזער קולטור=נעסט — די
שטאָט. דער נייער דיכטער פילט זיך שוין
אַין איר אַלס |בן-בית און זעט אַלץ, וואָס
טוט זיך (האָפּשטיין: „שטאָט“; זינגמאַן: אַל=
טע, מידע שטאָט“...)

דורות לאַנג האָט געבלאָנדושעט איבער
די פעלדער פון אונזער פּאָעזיע דער פאַר=
פלוכטער קין-שטן, דער בייראַניזם און שטענ=
דיק אונז געשטעמפּלט זיין אויער אַ האַרבסט=
לחט, געקלאָגט אַף אונזער נישטיקייט אין
צוללאָזיקייט אַף דער וועלט, צוקראָכענע,
וויינענדיקע נשמות האָבן אָומזיסט גיזוכט תיקון
נעזוכט און נישט געקאָנט געפינען,— ניטאָ
פון זיי קיין שפור אין דער נייער פּאָעזיע:
שטאַרקע, געזונטע אין קאַמף פאַרהאַרטעווע=
טע צוקונפט בויער מיט געזונטע מוסקעלן
און נאָך נעזונטערע נשמות זיינען אַרויס
פון אונזער נייען שאַפן,— און כהאַרין זיי=
ערם צאַפּלט גיט ווילנדיק פאַר פרייד און
נעמט גלויבן אין זיך... (האָפּשטיין: מיר
שטאַמען פון פעלזן“; „פראָצעסיע“; מאַרקיש:
„מענטש“; ראַסין: „פון אייביקייט גיקומען“;
גילדין: „מיר גייען“).

אין די סאַמע טיפּ'ז פאַרנעפלטע ווינ=
קעלאַך פון דער צאַרטער, דיינקנדיקער נשמה
וועלכע פלעגן אַמאָל אַרויסקומען אָדער זיס=
כאַנטימענטאַל אָדער שאַטנדיק-קריינקליך, —
זיינעז דאָ פיין און מוזיקאַליש אין די שאפונ=
גען פון טיפן אַלב מיסטישן קוויטקאָ

און פאַרגלייכט דו רייזינישע אָדער
אַפילו איינהאָרנישע ליבע מיט דער, וועלכע
איז באַזונגען אין דער נייער פּאָעזיע! נישטאָ
קיין שפור פון בלוטאָרעמען, צערטליכן אינ=
טעליגענט. דאַ האַט איר שוין צו טאָן מיט
שאַרפע בלוטפולע געפילן, ליבע ביז משוגעת
וואו ס'ווערט שוין אָפּגעגעבן אַ גרויס אָרט
דעם פיזיאָלאָגיש-עראָטישן עלעמענט: דאָ
שטורעמט שוין דאָס פאַרליבטע האַרץ פון
נייעם געזונטן מענש,,,

מיט אַ האַרציקן נחת-רוח לייגט אַיר
אַוועק דאָס ביכעלע: איר פילט זיך ווי קינד=
הייט' אונטער א שמעקעדיקן פרישן פרילינג=
רעגן מיט אַ בלויזן קאָפּ און לאַכעדיק האַרץ.

**ה. דודס.**

ה. בלאשטיין

## פון בוך „אויפן זונענטראַפּ.“ *)

א.

מיר קלעטערן.

מיר קלעטערן.—
מיין פּיעדעסטאַל—
דעם טאַטנס
און אַף ... פּלייצעס.
א... מיין נאַקן דראַפּעט זיך מיין זון
... שטעלט זיין קאָפּ מיין איינקל שטיל
אונטער...

מיר פאַרגעסן
די זון
און לעכצן נאָך אַשטראַל
און ציען זיך צו אירע הויכן מונטער.—

און פוס אַף קאַרק,
און טריט אַף קאָפּ,
און טראָט נאָך טראָט—
און ס'שלענגלט זיך אַף וועלטנבאַרג
אַ זיגערשער טרעפּ
פון זוניקע פאַרבענקטע קעפּ...—
און איבער אים ראש קייקלט זיך אַראָפּ
דער שאָטן פון אַבאַנקראָטירטן גאָט...

און ביי דער טיר פון זונענלאַנד
שטייטאייביקייט מיט גאָלדענער-קרוין אין
האַנט
און וואַרט אַף קאָפּ
פון קלעטערדיקן מענטש...

די אר...
...לען צעשפּרייטן
ביז ווי טאָן
און קוקן
ווי ס'שלענגלען זיך איבער
די פּעכיקע זייטן
פון ווייטן,
ביז נאַקנס אין חשך פאַרבאָרגן,
די פלאַמיקע צונגן
פון זוניקע מאָרגנס...

און לאָזן זיך מוטיק
אין ווייטן,
אין הויכן,
אין טיפן,
אין ברייטן
פון וועלטן, וואָס וואַרטן, פאַרהאָפּט און
פאַרבלוטיקט,
אַף רויכן
פון נייע יצירה—ווולקאַנען,
אַף זעגלען פון זוניקע, גאולה'שע שיפן
ווי פליגלען פון ריזיקע אָדלערס
צעשפּרייטע...

און זינגענדיג שפּאַנען
און רייסן זיך מונטער
אַף שטייניקע, וויסטע, פּיאָנערישע וועגן
דיין אָנקום אַנטקעגן,
אָ, העלער דערלייזער!—
אָ, שטורמישער רייטער,
באַגאָסן מיט צונטער
פון וועלטישן שייטער!..

ב.

אין אפשיין פון שייטער.

אין שיין אין פאַרשייטן
פון וועלטישן שייטער

*) וואָס ס'ערשיינט איצגיכן אין פאַרלאַג „ליכט“.

* * *

ד. גרינשפּאַן

עך, וואָס ליכט עס גיסט דער הימל
היינט!
איך כליאַבּע תאוה'דיק מיט אַלע גלידער

כ'האָב אַראָפּגעשליידערט היינט
מיין שמאַטעדיקן מאַנטל.
לויף איך לייכט אַרום אין גאַסן,

פאַטש איך איבער זומפּן.
שפּריצט אַ פרייד אַרויס פון מיינע ליפּן.
לאַכט זיך!
ווייסע היטאַלאַך פּאַ דעקן
לאַכנדיקע מיידל אויגלאך.
אַלע לאַכן!

לאַכן רעדער ביי דעם אויטאָ,
לאַכן דעכער: טריפּ-טראַפּ! כאַ-כאַ!
פיקל גלעקלאַך טאַנצן אין דער לופטן.
עי!
צום טייוול אַלע ווערטער!
ס'איז גוט!

ז׳ סנדלר׳

# פאַרוואָס? *)

(רעיונות, וואָס בעטן זיך אַרויסזאָגן).

### א׳

און טאַקע אין דעם שטימען-פאַרגליווערטן יאוש-וואָלקן, וואָס דריקט אונזערע נשמות, דוקא אין דער פאַרזונקענער קבר-פּסיכאָלאָגיע פון „ס'עט גאָרניט אַרויסקומען" — רייסט זיך אַרויס ווי פון אַ טורמע אין שטאָק-נאַכט:

— פ אַ ר וו אָ ס?

— פאַרוואָס וואַנדלען מיר אַרום גייסטיק-הונגעריקע שאָטנס, אָן אַ שום קרעפטיקן לעבנס-אָטעם, גייען מיר דאָך אויס, ווי פאַר׳ירת׳טע פלעמלאַך אין אַ געדיכט-חושך׳דיקן וואַלד פון פאַרשטיינערטער טעמפּקייט, חוצפּה, עם-הארצות און בלענדענדיקן גאָלדבליאַסק.

— פ אַ ר וו אָ ס ווערן אַזוי אַכזריות-דיק צעפּייניקט אונזערע געמיטער, אַרויסקוקנדיק אַף עפּעס, ווערן צעפּוילט אונזערע אויגן-לעכער אין מאַנאַטאָן-גרויען טאָג-און-נאַכט און זיינען ניט בכח אָנצוצינדן אַ גראָשענעם לעמפּל אפילו אין אין-סוף׳יקן איינזיבן.

— פ אַ ר וו אָ ס פאַרוועלקן מיר אַזוי אונזער יוגנט, דהאַלטנדיק כסדר דעם פריש-אויסגעשניצטן וואַנדער-שטעקן און זיינען אַזוי גרינג-פויגלדיק זיך צו לאָזן מיט׳ן ערשטן בעסטן ווינטל לארבע רוחות העולם, קענען ניט אָננעמען אין זיך דעם מוט און דרייסטקייט איינמאָל פאַר אַלע מאָל די פיס אַוועקצושטעלן:

— דאָ איז אונזער אָרט! אָט-אָ-דאָ וועלן מיר די קנעכל אַלט לאָזן ווערן?!

— פ אַ ר וו אָ ס האָט נאָך אַלע „דערגרייכונגען", „אויפוועקונגען" און „איבערקערענישן" קיין קולטורעלע, געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע באַוועגונג קיין התפשטות ניט און רופט אַרויס אַ זאַטן שמייכל אָדער אין בעסטן פאַל אַ מינוטנדיקע התפעלות, מיר האָבן באין אופן ניט קיין פ אָ ל ק ס-באַוועגונג, וואָס זאָל אויפציטערן זאָס לייב פון פאַרוואָרפנסטן שטעטל-קינד, ביזן מאַלכישן זין - פאַרפרעמדנדיקן גרויס-שטאָט-ייד.

אַ מורא׳דיקע פּוסטקייט האָט אַרומגעכאַפּט דער אידישער יוגנט אין דער נאָך-מלחמה-צייט, אַ ווילדן עגל-הזהב-טאַנץ אין אַ פאַרשאָלטענעם חוני-המעגל-ראָד פון „גאָרניט שעבגאָרניט".

די י ח י ד י ם קענען זיך קיין אָרט ניט געפינען, ווערן מידי נאָכיאָגנדיק און בייגקענדיק נאָך אַ שטיקל שבת אין עקלדיק-שוואַרצן שדים-וואָילטאָגלעבן, די י ח י ד י ם, וועלכע ווערן

*) ניט זייענדיק מסכים מיט פיל פון די אַרויסגעזאָגטע רעיונות און מסקנות פון אונזער חשובן מיטאַרבעטער, איבערהויפּט מיט די עקסטרעמקייט פון זיין אָפּשאַצונג איבער דער יונגער אידישער ליטעראַטור, דאָך גיבן מיר פּלאַץ פאַר דעם אַרטיקל, וועלכער באַרירט איינע פון די ווייטאָגדיקע פּראָבלעמען אונזערע. מיר וועלן מיט פאַרגעניגן געבן אָרט אויך פאַר די, וועלכע ווילן זיך נאָך וועגן דער פראַגע אַרויסזאָגן.
ר ע ד אַ ק צ י ע.

ניט באַפרידיגט ניט מיט די כלומרשט־פּאַרטייאישע אויפטואַכצן, ניט מיט די פלאַכע דבורים וועגן אַ פרישן עקאָנאָמישן לעבן און אויך ניט מיט דער נייער ליטעראַטור, העָרצער פול מיט האַרבסטווינטן בלאָנדזשען זיי אַף די חורבות פון וועלטן און אַרום דרייט זיך אַ ווירבל־רקוד פון פאַר־תליה־שמחה און „ניטאָ וואָס אָנצוּוּוערן"...

הער איך, ווי מען ציט אויס מיט אַ טיף־געמאַכטער ערנסטקייט די תשובה:

— „איר פאַרנעמט ניט דעם דופק פון דער צייט! דער קריזיס האָט אַרייַנגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך פון דער מאָדערנער קולטור־מענשהייט, אַ גרויסער וועלט־איבערבראָך איז געשען. עס וואַלגערן זיך אין שטויב אַלע אַלטע פאָרמען, קיין זאַך קען שוין מער ניט זעטיקן דעם איבער־קולטיווירטן מענש, און ער זוכט עס דעם אויבער־וועג אין די פלאַמען פון אַ וועלט־שׂרפה. טויזנטער סאַהאַראַ־מדבריות וועט ער נאָך אָפוואַנדערן איידער דער דאָרשטיק־חלש׳דיקער מענש וועט אַ ניי־וועלט־גרעזל דערזען, בינדט ער פונאַנדער די אינסטינקט־שטריק און רעוועט אַנטקעגן תהום".

—אָבער טאַפט מען דאָך פאָרט ערגיץ־וואו בלינדערהייט אין דער פאַרבאָרגעניש, שטרייַנגט מען די פינגער אָן אָנצורירן אַ שטיקל יש, און ביי אונז געמט מען זיך אַפילו צו דעם אויך די מי ניטריכטיק, ווי ס׳וואָלט דער מאָרגן שוין מיט ווייסע תכריכים באַדעקט געווען און מען פאַרשלעפּערט אים מיט׳ן לוסטיקן הייַנט.

לאָמיר זיך ניט שעמען און זאָגן אָפן:

— די טויזנטער און מיליאָנען פשוט׳ע פאָלקס־מענשן האָבן ניט קיין שום גייַסטיקן באָדן, זיינען דערווייטערט פון יעדער רוחניות און אמת׳ע קולטור.

דער אַלטער ספר איז אַרויס פון דער יידישער הויז, אויב ניט לגמרי איז אַז אָך און ווי צו זיין מקום, שוין אַוועק די צייַטן, ווען ביי יעדער בעל־עגלה און שמיד, שוסטער און שניידער איז געווען אַ באַזונדער ווענטעלע מיט ספרים, וואו ער פלעגט אין די פרייע מינוטן געפינען דאָרט זיין נשמה־שפייז.

און די נייע ליטעראַטור?

לאָמיר אויך דאָ אַרויסזאָגן אַ ביטערן אמרת:

— צו איז זי בכח לויט איר מהות און תוך צו פאַרבייטן פאַרן פאָלקס־מענשן דעם י י ד י ש ן ס פ ר?

צו קען זי ממלא זיין יענעם הימלישן דרך־ארץ פאַר אַ ספר (ניט קיין ביכל) צו קען אַ נייער בוך פאַרנעמען דעם פלאַץ, וואָס ס׳האָט פאַרנומען ביי אונזער המון אמאָל דער „עין־יעקב" בין מנחה למעריב?

— אַ ספר איז ביי אונז גאָר אַן אַנדער מין, ווי ביי די אומות העולם דער טייערסטער בוך אַפילו. דאָס זיינען ניט קיין פאַרדרוקטע בלעטער, נאָר פייערדיקע הייליקע מליצי־יושר און מוכיחים צו דער נשמה און דעם געוויסן, גאָטס שלוחים. אַ ספר איז דער אָרון־הקדש פון אונזער הארץ, צו קען דאָס פאַרבייטן דער נייער יידישער מעשה־בוך אָדער כ׳ווייס־וואָס פאַר א נאָכגעמאַכטע ווערק פון פ ר ע מ ד ע.

— און ווייל מיר ווילן זיך דאָ ניט שפּילן אין פאַרשפרייטע גלאַט־צינגלדיקע „אמת׳ן", טאַקע ווייל מיר ווילן אויפרייסן ביז די טיפענישן דעם צעווייטאָגטן הוה, מוזן מיר דאָך מודה זיין:

— די גאַנצע נייע ליטעראַטור, אין ביידע לשונות, האָט דאָך ניט געבראַכט קיין איין נייס, וואָס זאָל זיך אַריינרייסן אין דער פאָלקס־האַרץ, וואָס זאָל דאַרט

לאָזן אַ טיפן רושם, וואָס זאָל אונז געבן איין חלק, וואָס דער ספר?!

צו האָבן זיך אונזערע דיכטער, קינסטלער, פּראָזאַאיקער אַראָפּגעלאָזן אין דער לייננג און ברייט פון דער היסטאָרישער פאָלקס־נשמה, זיך דערגרונטעוועט צו די טיפע טיפעניש פון פאָלקס־פּרימיטיוו, וואָס ציט זיך דורך לענדער, דורות און תקופות?

און איצט, ווען ס'האָבן זיך באַוויזן אין אויפגעברויזטן יאָרהינדערט אונזערע יונגע אימפּעטפולע דיכטער, האָט זיי שוין אין זייערע ערשטע טריט (דאָס מערסטע פון זיי) פאַרכאַפּט די פוטוריסטישע קאָפּ־אַראָפּ־דיכטונג, און דער העכסטער שפּיץ חכמה איז — דער געטאָקטער דיכטערישער „אין טאַטנס טאַטן אַריין" — וועלט, גאָט און מענשהייט, וואָס קלינגט אַפּ מיט אַ צענטויזנטדיקן בראַהאָ־פּאַטשערײַ... (אגב אויך איבערגענומען ערגיץ אַנדערשוואו).

און וואָס מער געשפּיגן זיך אַליין אין פּנים אַריין — זאָל זיין דעם אויסגעלאַכטן מענש אין זיך — הילכט שטאַרקער אָפּ די ציין־שטשירעריי פון ארום און תמימות'דיקערע שאָקלען נאָך צו מיט די קעפּ:

— אָט, וואָס דיכטונג הייסט!

מיטנעמענדיק מיט זיך אָט דעם „איך פייף" — פאַלן אַוועק אַלע גרעניצן צום תהו ובהו, צו חיוב'דיקן דיינקען און מעשים, — „אַ וועלט שטאַרבט און מיר יונגע קברנים מאַכן אַ לחיים אַף איר הינטישן בית־הקברות" — שרייט מען פון אַרום.

און מען פילט ניט, אַז מיר קענען ניט טאַנצן אַף דער וועלטס חורבות, ווייל מיר האָבן זיי ניט געבויט און ניט מיר האָבן זיי אונטערגעצונדן, אַז מיר גייען צווישן זיי אָדער שוועבן איבער זיי, אַז ווען מיר זאָלן זיין אַ ווירקנדיקער כח אין דעם וועלט־פּראָצעס, וואָלטן מיר אפשר אַנדערש געבויט און אַנדערש חרוב געמאַכט, אַז אונזער קוקי, אונזער באַנעם, אונזער פאַרשטיין אפילו די וועלט־דערשיינונגען און זייערע סבות, דאָס פּרטיות און כלליות, איז לחלוטין פון אַן אַנדער מין און מיר קענען ניט איבערזינגען פרעמדס, מיטדערציילן פרעמדס, און אַפילו איבערפייפן פרעמדע באַנדורעס.

פילט מען ניט, ווי מען שאַפט ניט קיין יידישע קולטור, נאָר געכאַפּט האַלעוועשקעס פון דער רוסישער שרפה, און קלאַפּן מיט זיי איבער פרעמדע טאַצן, אַז אינזער אייגענער אינעווייניגסטער קול ווערט פאַרטויבט אין ליאַרעם פון ניט־אייגענעם פרייד און טרויער, אַז אונזער היסטאָרישע ליניע דיקטירט אונז כלל ניט אַזוינע מיטגעשרייען, אַז אַ אייגענע שטה מוז אינז אַרומנעמען און אַן אייגענע פידל אין וועלט־קאָנצערט, וואָס דאַרף און מוז אַרויסקלינגען; אַז אַנדערע זאָלן זיך צו איר צוהערן; אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט אַף אַנדערע וועגן און דאָס האָט געבראַכט סוף־כל־סוף צו דעם אימה'דיקן גייסטיקן מצב, אין וועלכן מיר געפינען זיך היינט צו טאָג.

און זאָל אַרויסשטורמען אונזער מורא'דיקער נשמה־וואונד:

— פאַרוואָס?



א. קושניראוו

# פון בוך „וועגט".

*

גרויער האַרבסט בייזערט זיך און רעגנט,
קנעט די שטויבן אַף שטאָטישן שטיין...
נעם מין ערד אַף די הענט פון וועגן
און טראָג מיך אָפּ אַהיים.

כ'האָב פאַרשעפּט היינט פון ווינטישע
הויפנס
אַ ווייטן און העלן געווס.
און איך בייגק, און איך בייגק ווי
אַנ'עופה'לע
נאָך אַ צאַרטער און וואַרעמער ברוסט.

דאָרט וואו טרעפּל פון הילצערנעם גאַניק
האָט שוין לאַנג ניט באַזונגען מיין טראָט,

וועט באַגעגענען מיך מיין מאַמע
מיט אַ שטילן און בליענדן וואָרט.

כ'וועל מיין מאַמען איר פרייד ניט
פאַרשטערן
ניט פאַרטונקלען דאָס גליק, דאָס
געגאַרטס. —
זיך ניט קלאָגן — פאַרשווייגן, ווי
שווער איז
אַף לידער צעבייטן דאָס האַרץ.

וועט זי גיין אַף גאַסן און מאַרקן
און דערציילן פאַר שכנים און פריינט,
אַז איר צאַרטן און בייגקענדן אַרקען
האָט גאָט באַהילט מיט זיין שיין.

כ. זינגמאַן

# עס זומערט אין מיין וועלטל...

עס זומערט אין מיין וועלטל,
יאָ, איך פיל עס.

עס האָט אַ גרינער שד'ל זיך פאַרקליבן
אָנגעצונדן אַ לאַמטערן,
פול באַגערן,
און באַלוסטעט און צעכרוסטעט
מיינע שלאָפעדיקע היינטן.
גייט דער שד'ל אום און אויגלט,
גייט דער שד'ל אום און נישטערט
אַלע ווינקאַלאַך פון נעכטן,
אַלע קעמערלאַך פון היינט.
שיינט —
אַ ליכטיק, לוסטיק לעבן,
וויינצושפּרודלדיק,

וואַלדבאַנדולדיק,
טאַנץ צעטענצלט נאַכט מיט מאָרגן
אויסגעפלייצעט האַלזאַנאַקנדיק
די זאָרגן.
זיך צעברודערט מיט מיין שד'ל,
— „האָידאַ! האָידאַ!"
איך בין דיינער! דו ביזט מיינער!
לעש לאַמטערן!
ס'העלט מיין זונשיין —
אַ באַגינען...

ס'האָט צעזומערט זיך מיין וועלטל,
ס'האָט צושפּרודלט זיך מיין היינט.

1921.

שמואל פערסאוו

# שערבלאך.

I

אפשר א גאנצע מינוט האט דער הייזעריקער און פאראסטעטער שלאס מיטן שליסל געראנגלט זיך ביז וואנען א שווערע און מיט אייזן בעקלאפטע טיר האט סוף כל סוף איינגעשלונגען אט דעם שווארץ־קעפיקן און שטאטיש־ריידיקן כאקי־פרענטש.

האט ער, מיטלמאן, טאקע גלייך באם אריינגאנג דערפילט א שארפע פייכט־קייט פון די הויכלעכע און גראווע ווענט און עפיס א ווילדע און פרעמדע פוסט־קייט איז געלעגן אינם שטילען און טונ־קעלן קאמער, ווייל איצטער, באטאג, האט דער קאמער, קאמער נומער דריי אויסגע־זען ווי א ליידיקער און פארלאזענער שפיטאל, ווען די קראנקע קריכן פון די בעטן ארויס און לאזן זיך אין לענגלאכן און צוגענעצטן קאָרידאר אריין א ביין אויסגלייכן.

נאר אז שיטערע און געלבלאכע האר האבן זיך אנטקעגן א שאקל געטאן און א הארטע באאדערטע האנד געשפארט, האט מיטלמאן פארנאנדערגיקנעפלט זיין כאקי־פרענטש און א יויסגעזאגט צו דער אייזן אייוואלע:

— גאר ניט אזוי קאלט דא באַ אייך

דערוף האבן די שיטערע און געלבלא־כע האר דאפקע גארנישט ניט געענטפערט נאר מיט התמדה שייטלעך האלץ אין אייזן אייוואלע גענומען שפארן.

קנאקן די אויסגעטריקנטע שייטלעך שטערן די שטילקייט און ווארטן אויס, וואס יועט דא פאָרקומען: טוען די שיטע־רע און געלבלאכע האר זיך א קער אהין צום אונטער־שטעליע ווינקל צו אט דארט וואו שפינוועפס הענגט צושפרייט ווי א

שווארצע פאררייכערטע שמאטע הויבן זיך עטלאכע צונויפגעלייגטע פינגער ארויף און אראפ — צום שטערן און צום הארץ — און גיבן צו פארשטיין:

אז ביזן סוף פונם בירגער־קריג...

דערשרעקט זיך מיטלמאן און דער כאקי־פרענטש זיינער הויבט זיך אן קנייטשן:

— ווע־מען, פארוואס?...

שמייכלט די שיטערע און געלבלאכע האר און פערלאזענע און גרינלעכע נעגל פלעכטן זיך איין אין קורצן און אויסגע־קראכענעם בערדל.

בארואיקט זיך מיטלמאנס כאקי־פרענטש און הויבט זיך שוין מער ניט ארויף און אראפ: זעצט ער זיך צו אף א קורץ אפגעזעגטער שייט האלץ הארט נעבן אייזן־אייוואלע און ווארימט גאר א האנט און רייבט. זי אט די האנט, וואס איז פון פראסט און קעלט רויט און פיע־קיג געווארן.

רייבט ער די האנט און קוקט גאר אפן הוילן פינגער, וואס קוקט אויס אנם גאלדן־רינגאלע אזוי פשוט און פלאך, ממש ווי א געוויינלעכע האנט פון א טאג-טעגלאכן משרת... פארדריסט דאס אים טאקע, לאוט ער זיך הערן און גיט צו פארשטיין:

אז דארטן, וואו מ'האט בולט און דייטליך אין פראטאקאל פארצייכנט, אז ער, מיטלמאן, האט א שטארקע און נאנ־טע שייכות צו דער אויפגעשטאנענער און שווארץ־ערדיסער דארף, האט מען דאך באַ אים אפילו דאס גאלדן רינגאלע צוגענומען, דאס איינציק רינגעלע, וואס איז אים נאך פארבליבן אף זיינע אויס־געאיידעלטע און מאניקורטע פינגער.

— ווי געפעלט אייך אַן איינפאַל, האַ?

לאָזט זיך הערן דער פּאָלקאָווניק, אָט דער געוועזענער פּאָלקאָווניק פונם שונא'ס לאַגער, וואָס ליגט איצטער דורך טאָג און דורך נאַכט אונטערן גראָוון שינעל מאַנטל, קאָן זיך אלץ ניט דערוואַרעמען אָטעמט שווער און אָפּט פּון די קאַליע לונגען אַ־ויס און זוכט אַלץ פּויזדיקע ברואים די גרויס ווי אַ קאָנאָפּליע; לאָזט ער זיך הערן מיט זיין הייזעריקן און טעמפּן קול:

— פּכע...

פאַרשטייט ניט מיטלמאַן דעם פּאָלקאָווניקס הוסט: וואָס זאָל דאָס באַטייטן, אַ קראַנקלעכער הוסט, אָדער אפשר אַ חשוד־יקער געלעכטער? קערט ער אָפּ זיין פאַרוואונדערט פנים צום גלח צו, אָט צו די שיטערע און געלבלאכע און שטעלט אָן אַ פּאָר אויגן:

טוען זיך אַ שאָקל מיט אַ ביטול די שיטערע און געלבלאַכע האָר אַהין, צום פּאָלקאָווניק צו, גיבן אַ מאַך מיטן האַנט אַזוי ווי אָט דער חילה וואָלט שוין לאנג אַ בר מינן געווען און געבן צו פאַרשטיין מיטלמאַנען:

אַז דאָ אין ווינקל איז דאָך אַ ליידיק נאָרע פאַראַן, גאָר אַ פרייע און פייכטע נאַרע, ס'איז מער ניט אַ ביסל גרינלאַך דאָרט אין ווינקל, נאָר דערפאַר האָסטו אַ וואַנט נעבן זיך, וואו מיקאָן, ערשטנס, אויפהענגען אַ פוס־טיכל טריקענען און צווייטנס, טאָמער ווילסטו אף קיינעם ניט קוקן, קערסטו זיך איבער מיטן פנים צו וואַנט, טראַכסט וועגן יענעם זייט טויער גאָר און קוקסט און קוקסט ווי אַ וואנץ, אַ טונקעלע און אַ געלאַסענע, קריכט פּאַמעלעך און נאָכאַנאַנד גלייך צו דיר אין דיין שטרויענעם קישעלע אַריין...

רופט זיך אָפּ דער פּאָלקאָוונק:

אַ וואַנץ, זאָגסטו? און אפשר גאָר אַ לויז, אַ פעטע און אָפּגעגעסענע תפיסה־לויז.

דערפילט מיטלמאַן אַ קרענקלעכע ענגשאַפט אין האַלז, טוט ער זיך אַ טרייסל פון עקל און שפּיקייט מיט זיין גאַנצן דאַרלאַכן גוף און דאָס מויל ווערט אָנגעפילט מיט שפּאַיעכץ, אַזש ביז חלשות.

דערווייל האָט זיך דורך די פּאַרגראַטעטע און אונטער־סטעליקע פענסטער טונקלקייט אין קאַמער אריין גענומען רייסן, ביז ס'יז גענוג גראָוו געוואָרן און צוביסלאַך און איינציקווייס האָט מען זיך פון אַרבעט צוזאַמענקלייבן גענומען.

עסט דער עולם דעם קאָרענעם און שוואַרצן אומזיסטן ברויט, וואָס ווערט אַלע אינדערפרי צוטיילט גלייך: סאַי דעם געוועזענעם שניט־קרעמער און סאַי דעם געלאָפענעם פּאָלקאָווניק פונם שונא'ס אַרמיי, און סאַי די פאַרוועלקטע און פאַרדאַרטע גלחים, וואָס האָבן אַ צייט נאָכאַנאַנד מתפלל געווען פאַר אַ נצחון איבער די פשוטע און געזונטע דאָרפס־יונגען וואָס זיינען פון אָנפאנג אָן מיט אַ ביקסל הינטערן פלייצע אין מלחמה מיטן פריצישן זון זיך געלאָזן און איצט פירן זיי גאָר אַף שווערע און טאָג־טעגלאַכע אַרבעט — קאַמער נומער דריי — אַף אַרבעט אַ־ויס, אַהין אויסן שטאָט.

פלאַפּלט עפּיס דער זודיקער און בלאָער טשייניק, דאָרט, אַפן אייזן־אייוועלע און וויל אַלץ ניט אַנטשוויגן ווערן און דאָ, באַם עסן באַם לאַנגן און רויטן באַפאַרבטן טיש דערציילט גינזבורג דער שניט־קרעמער, וואָס אַרבעט איצטער אַפן ציגל־פאַבריק, אַז סוף כל סוף וועט דאָך די וועלט אַ נעם טאָן זיך פאַר זיי, ווארום ס'קאָן דאָך ניט זיין אַז אַ וועלט זאָל זיך פירן אָן אַ סדר:

— ווי רעכנט איר, האַ?

שטעלט אַוועק דער גלח זײַן בלעכענעם טיי־קענדל, טוט אַ פיר מיטן דלאָניע איבער דעם געוועזענעם גלחישן קאָפּ, וואו ס'איז נאָך פאַרבליבן, אַלס אַ שטיקל זכרון, שיטערע און געבלאַכע האָר און גיט צו פאַרשטיין:

אַז סוף כל סוף וועט דאָך די ברויט־געבערשע און שוואַרץ־ערדיקע דאָרף דערדערווייזן זיי, וואו יושר איז; וואָרום דער צוהאַוועטער און מטושטשער כרך איז שוין דאָך טאַקע פונם דאָרף פעסט באַרינגלט און נאָך אַ פאָר טעג וועט דער קאַמער נומער דריי פראַנק און פריי ווערן...

בלאָזט דער גלח מיט די גראָבע ליפּן דעם זודיקן טיי אין קענדל, זופּט אָפּן קול די פאַרבלייכטע וואַסער און שוויצט מיט אַ ווילדער הנאה.

זיצט מיטלמאַן אין ווינקל, אַף זײַן נאַרע דאָרט, קײַט מיט אַרײַנגעשטעלטע גאָלדענע ציין דעם פּאָלקאָווניקס פאָרציע ברויט און טענה'ט:

אַז בנוגע צו אים, צו מיטלמאַנען, איז מען דאָך באַגאַנגען אַ געוואַלדיקע עולה: וואָרום וואָס איז ער שולדיק, וואָס ער, אַ לייטישער מענטש, האָט אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט צווישן העל קעפּיקע און געוועזענע לײַט, וואָס ציען זייער יניקה פון אויפגעקומענע און בעלי־בתישע דערפער און וואָס ווילן דעם פאַרגאַנגענעם עבר ניט פאַרגעסן.

— זאָגט אַליין, וואָס איז ער שולדיק?

ענטפערט אים אָבער קיינער ניט, דער קאַמער שווייגט, ווייל ווען מען אַרט עס, וואָס עפּיס אַ ניי־אַנגעקומענער און אין אַ לייטיש כאַקי־פרענטש אָנגעטאָנענער האַלט אין איין טענהן, אַז ער איז ניט שולדיק און איז אַרײַנגעפאַלן אַהער ממש דורך אַ ביטערן טעות: עפּיס אַ משונה־דיקע גלייכגילטיקייט הערשט אַרום אַזוי ווי דער קאַמער וואָלט געווען גאָר אַ טראַנזיטנער וואָקזאַל, בײַ אַ גרויסער שטאָט, וואו אַלערליי פּאַסאַזשירן קומען אָן און ווערן נעלם, באַווייזן זיך און ווערן מיט אַמאָל אומערוואַרטעט פאַרשוואונדן — ווילד פרעמדע, ווייטע און לחלוטין אומבאַקאַנטע...

פאַרקערט, גאַנץ אָפט פילט דער קאַמער עפּיס אַ ווילדע הנאה און אַ באַזונדער באַפרידיקונג, ווען אַהער קומט צו פלוצלינג און אומערוואַרטעט אַ נייער און מבולבלדיקער נפש.

אַ מצוה אַף אים — טראַכט מען — זאָל ער אויך וויסן געדיינקען...

שרעקט מיטלמאַנען דאָס שווערע און גלײַכגילטיקע אַרומיקע שווייגן און ער קאָן אַלץ ניט מסיג זײַן, ווי אַזוי קאָנען דאָס מענשן סמאָקן אַזוי רואיק און געשמאַק מיט די ליפּן דאָ, אין קאַמער נומער דריי, ווען אַרום זײַנען אַזוינע שווערע און שטיינערנע ווענט, וואָס האַלטן באַצוימט און אָבגעריסן פון דער גאַנצער און גאָרער וועלט. פּרובט ער פאַרפירן אַ געשפרעך, וואָס האָט אַ שייכות צו אָט די אַלע קאַמערניקעס:

אַז טאַקע ווי מ'האָט אים, מיטלמאַנען געבראַכט פונם פאַר'קהל'שטן און שטיינערנעם שפּייכלער, וואָס האָט אַמאָל גינזבורגן באַלאַנגט, אַהער אין קאַנטאָר אַרײַן, און דער קאַנטאָר־שרייבער האָט מיטן קאָסאָקע און שעלמישע אויג גיך גנבֿ'יש אַ שלייך געטאָן איבער מיטלמאַנס כאַקי־פרענטש, האָט ער דער שרייבער, תיכף פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ לייטישן מענשן און האָט מיט גרויסע און שפּיציקע עם־הארץ־ישע ווערטער אין גוף באַשיינפערלעך באַוויזן, אַז מיטלמאַן, דער נאָך ניט געמשפּט'ער, וועט זיך דערווייל געפינען

אין אַ בעל־הבתישער און מענטשליכער סביבה׳ טאַקע אינם קאַמער נומע דריי.

טוט זיך פלוצלינג דער פּאָלקאָווניק אַ הייב פון זיין אָרט׳ באַווייזט אַרויס זיין שוואַרץ פאַרוואַקסן און דאַר־פּאַר־שפיצטן פנים׳ טוט אַ קוק אַף מיטלמאַנס לייטישן כאַקי־פרענטש און טוט לסוף דורך די ציין אַ שפיי:

— סוחרים׳ זאָגט איר? פכע... שערב־לאַך, צובראָכענע שערבלאַך...

ווערן אַלע נשטומם פון אָט די פשוטע און שפיציקע ווערטער. וויל מען אים עפּיס ענטפערן׳ נאָר דער פּאָלקאָווניק ליגט שוין ווידער׳ און ווי אַלע מאָל מיטן גראָיון שינעל־מאַנטל איבערן קאָפּ געדעקט און אָטעמט שווער און גיך פון זיינע קאַליע לונגען אַרויס. סוף כל סוף טוט דער גלח מיט די שיטערע און געלבלאַכע האָר זיך פון ביינקל א הייב אוף, גייט צו צום פּאָלקאָווניקס נאָרע׳ וואַרפט מיט צונייפגעלייגטע פינגער עטלעכע גיכע און קרומע צלמים און צלמט איבער דעם לאַנגלעכן גענעך, וואָס רייסט זיך באַ אים באַם גלח פונם אָפענעם מויל אַרויס...

פילט זיך דער געוועזענער שניט־קרעמער עפּיס שרעקלאך דערשלאָגן און אַראָפגעפאַלן פון דעם פּאָלקאָווניקס מטושטישע און הארבע ווערטער׳ — עפּים פילט ער׳ אַז אָט דער קראַנקער און דעריקער פּאָלקאָווניק רייסט אַרויס באַ אים׳ באַ גינזבורג — אָט מיט דער שוואַרצע און צוקאַמטער באָרד׳ דאָס לעצ־טע טרייסט און לאָזט נאָר איבער אַ שרעקלעך פוסטן חלל׳. אַ גראָוון און א הילפלאָזן׳ וואָס וועט זיך ציען און ציען׳ אַזש ביזן סוף פונם בירגער־קריג. ווילט זיך אים הגם מיט אַ וואָרט זיך טרייסטן׳ מיט אַ גוטער האָפנונג׳ פרעגט ער באַם שטאָטיש־ריידיקן כאַקי־פרענטש:

— זאָגט איר אַזי דאָרט׳ אין מיין געוועזענעם און פאַרקהלשטער נחלה אָט אין מיין געוועזענעם סחורה־שפייכ־לער איז איצט געפּאַקט ממש ניטאָ וואו אַן עפּל פאַלן? מ׳כאַפּט דאָך אומשולדיקע נפשות אַף רעכטס און אַף לינקס אַף רעכטס און אַף לינקס...

מיינט מיטלמאַן׳ אַז אַט דער געוועזענער שניטקרעמער וויל עפּיס אויס־פאָרשן באַ אים׳ אַרויסגנבענען אַ פּאַר באַהאַלטענע מחשבהלע און צום סוף אַפן גלגל אַרויפברייגען׳ ווער ווייס זיי היינטיקע מענשן? פרובט ער מיט אַ רואיק און געלאַסן קול געבן צו פאַרשטיין:

אַז ער, מיטלמאַן׳ איז לחלוטין ניט שולדיק וואָס ער האָט אַ ברייטע און רייכע באַקאַנטשאַפט צווישן געוועזענע און הײַל־קעפּיקע לייט; און אויב די דאָרף איז געוואָרן אויפגעבראַכט און האָט זיך אַ צעדהיצטע אַפן קרך געלאָזן, איז מסתמא עפּיס יאָ דאָ׳ נאָר זאָל ער שלעכטס דהאָבן, אויב ער ווייס פון עפּיס.

וואָרום אַ ראיה איז אויך, אַז מ׳האָט אים אין די אחדים־קאמערן אַפילו ניט אָפגעפירט און פאַרזעצט גאָר אַהער, וואו סוחרישע מענשן געפינען זיך.

טרייסלט גינזבורג זיין שטרייענעם זעקל־מאַטראַץ אויף, זעצט זיך אַוועק אַפן ברעג נאַרע, הויבט אָן אראָפציען דעם איינגען און עקשנותדיקן שטיוול. און שפעטער אהינצו׳ אז די שטעכלדיקע שטרויעלעך האָבן דורכן זעקל־מאטראץ דאָס לייב געקראַצט׳ האָט ער פון אונ־טערן קאָלדרע א פּאָר ווערטער ארויסגע־וואָרפן:

— זאָגט איר׳ אז די דאָרף וועט זיי וויַיזן, וואו יושר איז? שוין צייט, לאנג צייט!

ליגט מיטלמאַן בשכנות מיטן גלח׳ דריקט די הילצערנע נאַרע מיטן דאַרלעכן זייט, כאַפּט אונטער גינזבורגס ווערטער און גיט וויסן אַפן גאַנצן קאַמער:

אַז די אַלע העל־קעפּיקע, וואָס מ׳האָט צוזאַמען מיט אים פונם פאַר־קהלשטן שפייכלער געבראַכט, האָט מען דאָך אין די אחדים־קאַמערן צו־זעצט, אָט אינם אַלטן און פאַרלאָזענעם קאָרפּוס, וואו די קאַמערן ציען זיך איינע נאָך איינע, איינע נאָך איינע...

האָט אָט דער אָנזאָג אַלעמען ממש דעם מוח אויפגעריסן; אזוי אַרום ביז גינזבורג האָט זיך פון נאַרע אַ הייב געטאָן, א שטיק צייט נאָכאַנאַנד און אָן אויפהער געאָטעמט און איינגעהערט זיך צום פּאָלקאָווניקס שווערן און קראַנק־לעכן שנאָרכען, דאָ אינם קאַמער נומער דריי. סוף כל׳ כוף ניט. איינגעהאַלטן זיך און אַ פרעג געטאָן סרטם אין דער וועלט אריין:

— נו, וואָס וועט איר איצטער זאָגן?

האָט טאַקע מיטלמאַן געשוויגן, ווייל ס׳האָבן בא אים פּשוט געדאַנקען אויסגעפּעלט. נאָר דער גלח האָט זיך פון זיין נאַרע אויפגעהויבן, דורכגעבייכט זיך דורכן קאַמער אין זיינע דאָרפיש־לייוונטענע וועש, אַרויפגעלייגט דריי לאַנגזאַמע און פרומע צלמים — איבערן פנים און איבערן האַרץ — און האָט בלחש א בעט געטאָן באַם שפּינוועבס וואָס היינגט אין ווינקל אונטערן סטעליע:

— דער דאָרף העלף — דער דאָרף!

(המשך קומט)

---

יוסף גאָטפאַרשטיין

*

* *

אַף צוגליטע שטיינער פון דעם פייער הייסן
גיס איך אויס מיין ווילדע האַרץ
אַ האַרץ...

בראָט זיך טייוול אַף די שטיינער,
ווער פאַרברענט!

קינדער, מיינע קינדער אויסגעוואַקסענע,
קוקט, ווי ס׳ברענט...
ווי ס׳ברענט א ווילדע האַרץ...

האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט טיק־טאַק
ווי אַ זייגער זיך באַוועגט,
— וויל איך נישט מער, זייגער מאַכער,
זיין אַ שפּילצייג פאַרן פענדל
פון מיין האַרץ.

בראָט זיך טייוול אַף די שטיינער,
ווער פאַרברענט!

ער, מיין האַרץ,
מיין ווילדע האַרץ

קלינגט אין אויערן אַנ׳עכאָ אָפּ
פון וועלדער:
בוימער האָבן זיך פון וואָרצלען אָפּגעריסן
גיסט איין בוים מיט פעך מיט שוואַרצע
אָפּ דעם צווייטן
און זיי פליען
רייסן פלאַקערדיקע פייערשפּענער זיך
צו הימלען מיט געוואַלט

ס׳האָט געראַוישט אַמאָל אין וועלדער
ס׳זיינען געטער נאַקעטע אַרומגעלאָפן
נאַקעטע מיט ווילד פאַרצוקטע בריסטער
זייערע געשרייען קלינגען היינט נאָך
אָפּ׳עט איבער וועגן... איבער ים׳ען..

וועט מיין האַרץ זיך בראָטן אַף
מזבח־שטיינער

פאַר די געטער אין די' וועלדער
אַ מר־תנה
פון אַ ווילדן צו די ווילדע...

איך אָן האַרץ
אין וועלט פון שאַנד
אין וועלט פון שלינגענדיקן סם.

און איר —
מיינט ניט חברה.
ס'האָט געטראָפן אייך אַ גליק;
וועל איך גרינג, אַ פעדער ווערן;
אַרויס דאָס ווערימל,
אַרויס פון זיך...
אין טײַוועלש ווילד־
בעכער אין דער האַנט,
מיט גאַל אין צורות אייערע געשפיגן.

בילן הינט אין דרויסן
וואויען...
זוכן טעג מיט יאָרן
אַף פאַרפוילטע באַקציינער פון וועלט
צו גריזשען.

האָב איך מיינע —
נאַכט פאַרפלאָנטערטע חלומות־יאָרן
מיט אַ זודיק הייסן גלי־מעטאַל
איבער פליכעוואַטע קעפּ צעשאָטן
אייערן...

און איר —
מײַנט ניט, חברה,
ס'האָט געטראָפן אײַך אַ גליק;
וועל איך גרינג, אַ פעדער ווערן
פוסט —
אין וואַלד —
אַ נאַכט —
ביינקט זיך וועלן אומצוקערן.

— — —

קומט אַ מענשל פיצל־קליינער
גריבלט זיך דער ארכיאָלאָג
נישטערט, קלייבט און זוכט אין אַש
ווייס ניט
ווייס ניט אָרעם מענשעלע
וועלכע אַש
פון וואַנען
און צו וואָס.

קאָווגע, יוני 1922.

ה. ראסקעס.

# דער לבוש

## אַ דראַמאַטישע לעגענדע אין איין אַקט.

פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

אַלטער — צווייטער איד
יונגער — דריטער איד
מיידל — משוגענער
ערשטער איד — סאָלדאַטן

צייט, שטורם און גערוּאנגל־יאָר — 1920; אָרט — אַ פאַבריק־שטאָט.

(אַ חסידישע קלויז. נאַכט. אַ געדיכטער חשך פאַרדעקט די שטיבל, לאַנגע שאָטנס ווי טריבע אָנזאָגערס שפּרינגען אַרום איבער די ווענט, אין די ווינקעלאַך טוליען זיך טיפע ניט אויסגעזאָגטע סודות. בײַם טיש ברענט אַ קלײנער לעמפל און פאַרשפּרייט אַ שוואַך בלאַסן פײַער, וואָס טונקט זיך, זינקט אַראָפּ און הויבט זיך צײַטנווײַס אין דער הייך... איבערן שטיבל לויפט אַרום דער משוגענער און זינגט זיך אַ נגון, און עפּעס ווילדעס ביינקענדעס הערט זיך אין זײַן קול. בײַם אויוון זיצן צוויי פיגורן: דער אַלטער

אבּנגעֶתויקעֶרטעֶר, אָפּגעֶלאָזעֶנער ר׳ יאָשעֶ און דעֶר לעֶבּעֶדיק לוסטיקער שטיבּל קונדס.

פון גאַס טראָגן זיך גרויזאַמעֶ שטימעֶן, פאַרנאַכטיקעֶר הימל ברעֶנט מיט אַ העֶל רויטן פייַעֶר, עֶס הערט זיך אַ גאַלאָפּ פון פעֶרד, אַ ברומעֶן פון אַוטאָמאָבּילן, אַ פאַריתום-דיקעֶר פייַפן פון באַנעֶן. אונטעֶר פענסטעֶר פליהעֶן דורך אַלעֶ ווײַלעֶ קאַרעֶטן, פורן, וועֶגעֶנעֶר, אַוטאָמאָבּילן, רייטעֶר; עֶס גייעֶן כּוסג יעֶר פון דעֶר ווייַטקייַט דעֶרטראָגן זיך טעֶמפּעֶ קלעֶפּ פון שווערעֶ געֶוועֶר.

משוגענער: לויפט אַרום איבּעֶרן שטיבּל, שפּאַרט איין די קאָפּ אין פעֶנסטעֶר, קוקט, לאַכט זיך פונאַנדעֶר) כאַ-כאַ-כאַ, אָט אַזוי, אייַלט זיך, לויפט, פליט פאַרוואָס טאַקי ניט, איר טויגט שוין ניט, איך זרח טויג אויך ניט. יאָגט מען מיר, לויף איך, פאַרבּאַהאַלט איך זיך, זוך איך אַ מקלט אין קלויז... אָט לויפט זי די קאַרעֶטעֶ מיט די פעֶרד, ווי פאַרשאָלטעֶנעֶ. נאָר שאַ, טראַך, ס׳האָט זיך צוברָאָכן דעֶר אַקס, צובראָכן גוט, ניט קראַנק זייט איר לויפן צו פוס (שרייַט) צו פוס, צו פוס... אַ העֶלעֶר לאַמטעֶרן לייַכט אַרייַן אין פענסטעֶר דעֶר משוגעֶנעֶר שפּרינגט אָפּ) כ׳האָבּ מורא, כ׳האָבּ מורא, פייַעֶר, גיהינם פייַעֶר!...

יונגער (וויינעֶנד-מאַטעֶרנד) זיידעֶניו, וואָס רוישט דאָס אַף דעֶר גאַס, עֶפּעֶס ברעֶכט זיך אונטעֶר אונזעֶרעֶ פעֶנסטעֶר, ס׳פייַפט משוגע דעֶרווינט, האָט דעֶן אין תמוז ס׳אייַז צובראָכן? זיידעֶניו, זרח פרייט זיך, עֶר לאַכט און שרייַט וואָס איז דאָ זיידעֶניו?

אלטער (וועֶלכעֶר זיצט פאַררוקט ביים אויוון און שעֶפּטשעֶט שטילעֶרהייט די מזמורים פון תהלים, קוקט פאַרהלומט). יעֶ, ס׳ברעֶכט זיך, דעֶר לבוש פון דעֶר עֶרד רייַסט זיך, אַף שטיקעֶר...

יונגער: וועלכעֶר לבוש...

משוגענער: אַ לבוש איז אַ מלבוש, א מלבוש פון סחורה, צו סחורה דאַרף מעֶן געֶלט, געֶלט האָט דעֶר גבאי און ניט זרח; גייט זרח קרוע בלוע, פּאַקט אָבּעֶר איטשעֶ גבאי די סחורה, עֶר וויל לויפן, אַנטלויף, די שטראָף יאָגט נאָך...

יונגער: (צום אַלטן) וואָס פאַר אַ לבוש?

אלטער: (ווערט פאַרציטעֶרט, קרעֶכצעֶט און הויבּט אָן צו ריידן רוהיק, ריטמיש) וואָרום יעֶדעֶ זאַך האָט זיך זיין צורה און יעֶדעֶ באַשעֶפעֶניש האָט זיך איר לבוש און אז עֶר כביכול, האָט נאָך דעֶם עֶרשטן חטא פון מעֶנשן מיט זייַן רוהם און כבוד איבּעֶר די וועֶלטן געֶשוועֶבּט, האָט זיך צו זיין כבוד די מוטעֶר עֶרד געֶווענדעֶט און אַ בקשה האָט זי צו אים געֶהאַט, און געֶזאָגט האָט די נאַקעֶטעֶ עֶרד... רבונו דעלמא כולה, פאַר אַלעֶ דייַנעֶ יצורים האָסטו באַשאַפן אַ לבוש, אַ בגד, וועֶלכעֶר היט זיי אָפּ פון די פגעים און משחיתים, וואָס זייַנעֶן דאָ אין די וועֶלטן. דעֶר בוים האָט זיך זייַן קאָרעֶ, דעֶר קעֶרנדל זיין קליפה, דעֶר וואַסעֶר דורכן אייַז וועֶרט באַשיצט, די חיה האָט זיך איר פעֶל, ציינעֶר און העֶרנעֶר, און איך שטיי אַליין נאַקעֶט, אָן אַ לבוש און קיין זאַך היט מיר ניט פון דיין יצור דעֶם מעֶנשן, וואָס שעֶנדעֶט מיין גוף, איז מיר מחלל... שיק מיר אַלמעֶכטיקעֶר אַ צודעֶק און גיבּ מיר אַלמעֶכטיקעֶר אַ לבוש...

משוגענער: אודאי האָט עֶר געֶגעֶבּן, נאַקעֶט איז דאָך קאַלט, קאַלט (עֶר ציטעֶרט) מעֶן מוז האָבּן אַ לבוש, מייַנער איז צוריסן, צופליקט, די בעלי-בתים ווילן אָבּעֶר קיין נייַעֶם ניט געֶבּן...

אלטער: און עֶר כביכול האָט די בקשה פון זייַן ליבּלינג עֶרד עֶרפילט



בעל מחשבות (ד״ר איסידאָר עליאַשעוו)

(צו זיין 25 יאָריקן יובילעאום)

---

און אין די וועלטן האָט מען א צודעק און אַ שירם פאַר דער ערד צוגעגרייט.

יונגער: ווער האָט אים געוועבט ?

אלטער: דאָרט אין די ווייטע עולמות פון וואנען דער מענש איז פאַר־טריבן, דאָרט וואו גוטע יסודות הערשן, וואו ליכטיקע שטערנס מאַכן שמייכלענ־דיק זייער וועג, וואו לייַכטע, שטילע חינטן טרייסטען און שאָקלען זיך, דאָרט וואו די גינגאָלד־הייליקע שטראַלן פון דער שכינה לייַכטן, דאָרט האָט מען דעם לבוש געוועבט. מלאכים זיינען די ממונים איבער דעם געוועב געווען און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, אין דער דריטער אשמרת, ווען די שירה פון די כרובים און דאָט געבעט פון די מלאכים האָט איבער דער וועלט געקלונגען, איז דער לבוש אראָפּגעלאָזן געוואָרן אַף דער ערד, דין און איידל איז ער געווען, ווי די וועלכע האָבן אים געאַרבעט, מעכטיק איז ער געווען, ווייל דער רצון פון בורא איז ער געווען און הייליק־געטליך איז ער געווען, ווייל הייליקע און די הייליגקייט האָבן אים צושטאַנדן געבראַכט. און דרייַ יריעות האָט דער בגד, דרייַ פליגלען, און איינע שיצט די אַנדערע, איינע דעקט די אַנדערע און איינע באַהעפט זיך צו דער אַנדערער און זאַלבעדריט זיינען זיי שטאַרק און דופּטיק זייַנען זיי און העלע זונען שטראלן צושיקן זיי.

יונגער: צו וואָס דאַרף מען האָבן דרייַ דער אָרון קדש די ספר תורה האָט דאָך נאָר איין יריעה...

משוגענער: אַ ספר תורה האָט איין יריעה, ווייל זי איז הייליק, פון דער

הויך... אַ מענש דאַרף האָבן אַ סך׳ איין בגד איז ווייניק... איך זרח, וויל גאַט־קעס׳ זאָקן׳ שטיוול׳ אַ קאַפּאָטע...

אלטער: און דער נאָמען פון דער יריעה איז געזעץ. און ווען אין די וועלטן אַ ווידערשפּענדונג ווערט׳ ווען די יסודות פון דער בריאה ווילן זיך צו־זאַמענשטויסן׳ ווען די שטערנס פאַרלאָקט און באַצויבערט׳ פאַרלאָזן זייער פּעסטגעשטעלטן וועג׳ ווען די ווינטן פאַרעקשנט און צורייצט צוגייען זיך און ווילן אַלץ באַהערשן, ווען די וואַסערן פון זייערע וועגן רודערן זיך אויף און גלוסטן זיך פאַרשפּרייטן און פאַרגרעסערן זייער ממשלה, דאַן קומט די דאָזיקע יריעה און הילט איין די אַלע ווידערשפּעניקע׳ אונטערטעניג ווערן די יסודות׳ געהאָרכזאַם ווערן די גייסטער, זייערע וועגן גייען די שטערנס, דעם בורא׳ס רצונות טוט דער ווינט און אין די וויגן קערן זיך אום די וואַסערן...

[פון גאַס דערטראָגן זיך אַלץ שטאַרקערע און טעמפּערע שטימען, געשרייען, אויסרופן, נאָר זיי אַרט עס ניט. זיי זיצן צונויפגעטולעטע און הערן זיך צו צו דעם אַלטנס לעגענדע וועגן לבוש].

משוגענער: (שרייט) בלויע, רויטע, געלע היטעלעך, מלבושים אָט לויפן זיי, זייער שיין... כאַ־כאַ־כאַ זרח וועט אויך אַ זעלנער ווערן, זרח וועט אויך לענדער און גרענעצן פאַרנעמען... כאַ־כאַ־כאַ זרח וויל אויך ווערן אַ גענעראַל, אַ גענעראַל...

יונגער: זיידע, ער שרייט, ער לאַכט, כ׳האָב מורא דערצייל זשע ווייטער, דערצייל זשע זיידעניו.

אלטער: און דער נאָמען פון דער צווייטער יריעה איז ברידערשאַפט, אַחוה׳ און ווען די גינגאָלדערנע כרובים׳ די ליבלינג־קינדער פון כביכול, ווערט דערעסן צו טאָן זייער זאַך׳ וואָס פון דער שכינה איז זיי באַשטימט, ווען די קנאה ערוועקט זיך אין עולם העליון׳ ווען די שירה צום בורא ווערט שוואַכער און די טענער ווערן חמר׳ישער, ערדישער, ווען אַ קריגעריי באַהערשט די שומרי מעלה, דאַן קומט די דאָזיקע יריעה און וויקלט אַרום די וועלטן און שטילט איין דעם שטורם און פאַרגלעט דעם ווילדן באַגער און פאַרוויגט די הימל־זינדיקע געלוסטן און מורמלען מורמלט זי און שעפּטשען שעפּטשעט זי: אחים אתם ברידער זייט איר — און דער סדר אין די וועלטן קערט זיך אום׳ און די שירה פון די דרי עליון ווערט לויטערער און אַ שטילקייט באַנעמט די לייכטע, איידעלע כרובים׳ און מיט זייער אומשולדיקן שיין הויבן זיי אָן צו לייכטן און מיט העלקייט פינקלען און מיט טוי־שטראַלן שיינען.

(אַ גרויזאַם־העלער פייער רייסט זיך אין דער פינסטער דורך די פענסטער, דאָס ברענען אַפן גאַס פאַרשידענע בנינים).

משוגענער: ס׳איז ליכטיק׳ ליכטיק׳ אָט איצט זע איך זיי, אַ סך זיינען זיי, איילן ערגעץ־וואו, זיך צונויפגעמישט צוזאַמען׳ א טייך און מען לויפט... און אַז איך בין ארומגעלאָפן איבער די גאסן האָט מען פון מיר געלאַכט... שאַ׳ ס׳ברענט, טאָ זאָל ברענען׳ זאָל ברענען... מענשעלעך צינדן פייער, זיינען אַ מצוה מקים, מאַכן אַ ברכה „בורא מאורי האש"... [צו דער פינסטערניש, דער־זעהענדיק עמיצן] ס׳ברענט, ס׳לייכטערט זיך, איך זע אַלץ אין דער פינסטערניש... און איך זרח מאַך אויך א ברכה „בורא מאורי האש"...

**דער אלטער** (קוקט זיך אַפילו ניט אום און װעבט זיך װײטער זײן מעשׂהלע פֿאַרן יונגן) און דער נאָמען פֿון דער דריטער יריעה איז אהבה, ליבע. און װען די װעלטן װערן רײף און שטאַרק, װען זײערע כּחות פֿאַרמערן זיך, װען דער באַשטימטער װעג װערט זײ אײנג, װען זײ רײסן זיך מיט אַ שטורם־געשרײ פֿון זײערע קרײזן, װען אײן װעלט לױפֿט צו דער אַנדערער, אײן שטערן צום צװײטן און אין אַ גליק־רוף שמײסן זײ זיך צונױף, דאַן קומט די דריטע יריעה און באַהעפֿט די צוזאַמענגעשטױסענע און פֿאַראײניגט די צוזאַמענגעטראָפֿענע און פֿון גאָרניט רופֿט די יריעה נײַע כּחות אַרױס און פֿון דעם שטױס פֿון די װעלטן צעװאַרפֿט זי אין די אונענדליכקײטן נײַע זרעים פֿון יונגע עולמות, פֿון צאַרטע יצורים...

**דער משוגענער** (קוקט אין פֿענסטער) שאַ, װער שרײַט דאָס? אָט לױפֿט ער דער אידל און הינטער אים צװײ יונגען, געזונטע פֿעסטע... מען שלאָגט, מען שטױסט... אָט פֿליהען שטײנער, אַ מאָל האָבן זײ זיך אין מײן קאָפּ אָנגעשטױסן... כאַ־כאַ־כאַ — גלױב ניט אינגעלע, דעם אַלטן מיט זײנע מעשׂהלעך; (כאַפּט אים און טראָגט אים צום פֿענסטער, דער אינגל רײסט זיך פֿון זײנע הענט) זעסט, מען פּאָרט, מען אײַלט זיך... מען שרײט, דו הערסט... טאָ לאָז מען שרײען, זרח האָט קײן מורא... זרח װיל לאַכן, לאַכן... לאַך זשע אײך...

**דער יונגער** (אין טרערן) כ'האָב מורא פֿאַר דיר (רײסט זיך פֿון זײנע הענט, לױפֿט צום זײדן) דערצײל זשע װײַטער זײַדעניו, דאָרט שרײט מען. כ'װיל ניט קוקן. זײדע, װאָס האָט מען מיטן לבוש געטאָן? (דער טײַל פֿין גאַס װערט אַלץ שטאַרקער).

**אלטער:** און אין דער שטילקײט פֿון באַגינען, צוגלײך מיט די ערשטע גאָלד־פֿײַערדיקע שטראַלן פֿון דער זון האָט מען געהערט די שטים פֿון אַלמעכטיקן: — נאַ דיר דעם הײליקן לבוש און לאָז ער דיר פֿון דײן האַר און קנעכט, דעם מענש, דיר שיצן, דיר דעקן און דיר זיכערן...

**משוגענער:** ניטאָ קײן אָרט... װאו קען מען זיך זיכערן, שיצן, פֿאַרבאַהאַלטן... דאָ אין קלױז קען אויך אַ אומגליק קומען.. (צום פֿענסטער) קוקט, אַ שטאָט, בנינים, גרױסע, האַרטע, שטאַרקע, פֿעסטונגען, קאַסטנס, שטײנער און אײַזן — און ס'ברענט... קומט פֿײער, אַ רױטס, אַ בײזס און לעקט אַלץ דורשטיק... דער פֿײער װיל טרינקען, דער רױטער פֿײער איז דורשטיק. (שרײט) װײל אַלע זײַט איר דורשטיק, גײציק, בלוט, מאַרך, טרערן, ס'גלוסט זיך אײַך טרינקען, זױפֿן... זױפֿן...

(המשך קומט)

ה. בלאשטײן

## געדאַנקען װעגן דער מאָדערנער דיכטונג.

א

אײנער פֿון די טאַלענטפֿולסטע

פֿאָרשטײער פֿון דער נײער ײדישער פּאָעזיע, רײדינדיק װעגן אירע

נײַע וועגן, מערקט אָן „פאַרבײַגייענדיק“

די פּאָעזיע דאַרף דערהויכט ווערן צו אַוועלטפילאָזאָפיע אין פערזן. עס דאַרפן אָפּגעוואָרפן ווערן די אַלע רעאַליסטיש־נאַטוראַליסטישע „מאָלענישן“ אין „שילדערונגען“; די איבערפלעכלעכע נאַטור־און הומער־שײַנקײַטן דאַרפן אָפּטרעטן זייער אָרט דעם גרויסן כאַאָטישן סוד פון די נשמה־טיפן, פון וועלכע עס שיילט זיך אויס דער אור־הגנוז, דער טיפער מיסטישער שײַן פון גרויסן וועלט־באַגינען — די פּאָעזיע דאַרף זיין אַ פילאָזאָפיע פון גרויסע זוניקע רמזים . . .

און היות ווי אין צענטער פון וועלט אין קולטור האָט זיך, נאָך געוואַלטיקע יסורים און אומגעהויערן געראַנגל מיט'ן אַרום, אַוועקגעשטעלט דער מענטש — איז זיין „איך“ דער טיפסטער קוואַל פון די וועלטן, אין וועלכן אַלע וועלטן שפּיגלען זיך אָפּ...

און אויב דער דיכטער וויל זיך נישט פאַרשלאָגן אַף אַ שטילע זייטיקע סטעזשקע און גיין מיטן ברייטן וועלט־וועג — מוז ער זיך מיט אַלע זײַנע האַרץ און־מאַרך־וואָרצלען פאַרפלאַנצן אינם טיפן וועלטנשפּיגלענדיקן „איך“ פונם נייען מענטש — דעם גאָט פון קולטור דעם שעפער פון געשיכטע!

ווער ווייס?— אפשר דאָס ערשט־ערשט וואָרט, וואָס דער ערשטער, נאָך האַלב־מאַלפּעדיקער מענטש האָט אַף זײַנע נאָך אומבאַהאָלפענע ליפּן אַרויסגעבראַכט האָט געקלונגען: „איך!“—

און אפשר האָבן דאַן אַלע וועלטן שטום אַ ציטער געטאָן, דערהערנדיק אינם דאָזיקן האַלב נאָך אומפאַרשטענדלעכן ברומען דעם ערשטן טריט — אָפּקלאַנג פון זייער אַלמעכטיקן קומענדיקן גאָט...—

פריער פאַר אַלץ — מענטש און דערנאָך, דורך דער פּריזמע פון זיין נשמה — קוס — אַלוועלט. —

— — —

דאָס געביט פון דיכטונג איז געווען און, מערסטנטייל, איז דאָס האַרץ — דאָס זון־און וואָלקנלאַנד פון צאַפּלענדיקע פּײַדיקע און פיינליכע געפילן און האַלבגעפילן, דונערדיקע און ציטערדיקע האַרצקלאַנגען. —

אָבער די נעפּילן אונזערע זיינען דאָך נישט קיין פליענדיקע בלומען; ערגעץ האָבן זיי דאָך וואָרצלען, וואָס ציען פאַר זיי איניקה פון אַ באָדן, און צווייגן, וואָס זוכן פאַר זיי אַשיין אין די הויכן, —

אונזערע פּשוט אַלטעגלעך לעבן פון איין זייט — קאַמף, שטרעבן, צער־און פריידן־טויט, און די זיי אַרויסגערופענע חלומות, ליכטיקערע פאַרלאַנגען און האָפענונגען פון דער צווייטער זייט — זיי געבוירן און פאָרמירן אונזערע געפילן און לייגן אַף זיי אַרוף זייער שטעמפּל־ווירקונג פון באָדן און הויכן ווייזט זיך אַרויס אַף די פלאַנצן...

דער באָדן פון באָדנזאָזיגקייט, „יאוש און עלנט דער אונטערגאַנג פונם אַלטן וועלט־אַדל אין זיין לעבענספילאָזאָפיע ווייזט זיך אַרויס אין דער אינסטיקטיווער ווידוי פון בייראָן באָדלער, לערמאָנטאָוו און אַנדערע; אַלעבן פון מוט קאַמף, צער און האָפענונג שטורעמט אַרויס אין די דונערדיקע רעוואָלוציאָנערע הימנען פון אַגאַסטעוו, בלאָק און אַנדערע זין פונם פרײַערשפײַענדיקן היינט...

אן אַבסורד וואָלט, בכן געווען, ווען מיר זאָלן באַהויפּטן, אַז אונזערע געפילן זיינען ווילד־פרעמד צו אונזער שכל, וואָס רעגולירט אונזער אַלטעגלעכקייט, אין וועל

כער כיר זיינען, ווילנדיק, ניט ווילנדיק איינגעשפונגען פון קאפ ביז פוס. ריכטיקער פון אלץ וועט זיין, ווען מירן פעסטשטעלן אז אונזער געפיל איז אטיפערע אינטואיטיווע אפשאצונג פון אונזער זיין פון אונזער פשוטן לעבן. און די פאעזיע, וואס פארנעמט זיך מיט אונזער הארץ איז די אפשאצונג פון לעבן אין אונזערע געפילן...—

און זי איז דעריבער אייביק באוועלעך, די געפיל-פילאזאפיע. דאס איז נישט די רעליגיע, וואס פאלט גלייך ביים געבוירן ווערן אריין אין אפארגליווערונג-צושטאנד און מאכט נישט מיט אלע עטאפן פון אירע גלויבער,—די פאעזיע מאכט שטענדיק מיט אלע וואנדלונגען פונם מענטש און פארלויפט נאך אפט אסך פריער-ווייטער: דאס געפיל אין פארגעפיל האבן ווייטערע אויגן פונם שכל!—און און יעדע ענדערונג אין קולטור און געשיכטע רופן זיך גלייך אפ אדער לייכטן זיך נאך פון ווייטן דורך, ווי זוניקע אנזאגן, אין דער פאעזיע פון דער געגעבענער עפאכע.

דער אידייענגאנג, אין במילא אויך די קונסט אין אלע אירע טיילן, איז ענג פארבונדן מיט דער קולטור און געזעלשאפטליכער ארדנונג די פאעזיע די אפשאצונג פון לעבן און געפיל איז, בכן, דער פלוגער, דער ריכטונג-ווייזער פונם וועלטוועג . . .

— — —

אונזער דור, אונזער לעבן. כאאטישער צושטאנד פון דינאמיק, איבערגאנג-עפאכע, ווען די קאנטורן פון דעם וואס האלט זיך אין שאפן זיינען קוים בולט,—וואו קען זיך דא, אינם מאטעריאל, וואס ווערט ווולקאניש אנגעווארפן בארג אף בארג, פאנאנדערקלייבן דער היסטאריקער אדער דער ראמאניסט, וואס זיין עובדה איז צו קומען אין דער צייט פון סטאטיק און אויסבויען דעם בנין פון שוין לאנג אפגעקילטע ציגל ? . .

דא קען זיך פאנאנדערקלייבן נאר דער דיכטער, דער באהערשער פון שטימונגען, געפילן, זוכענישן, פארלאנגען און חלומירט, וועלכע פילן אן אין אזא מין צייט אלע טיפענישן פונם מענטשלעכן איך, וואו ס'ווערס אויסגעארבעט פונקנווייז די נייע וועלטאנשויאונג, וואס שטראלט ארויס פון פארצאפלטן קארטשן זיך אין נייער וועלט-יצירה . . .

דא איז דער היסטאריקער—דער געבענטשטער דיכטער, וואס קען כאפן האלב קלאנגען און קען פון רמזים אפשטעלן דעם גאנצן בנין פון נייען היכל.

דערהויבט זיך דאן די פאעזיע צו אפילאזאפיע אין רמזים . . .

און אזא מוז זי זיין אין אונדזער צייט — אין דור טיפסטע וועלט-ערשיטערונגען. ווען זי, די פאעזיע, פארנעמט דעם ערשטן פלאץ אין דער ליטעראטור (ווי מיר זעען עס אף רוסלאנד און אנדערע ביז גרונט צעטרייסלטע לענדער וואו סווערן אזוי ווייניק געשאפן ראמאנען און אזוי פיל פאעזי) און אזא דארף זי אויך זיין אין אלע צייטן. ווייל שטענדיק שפאנט די מענטשהייט פארויס, אויב אפילו מיט קוים באמערקבארע טריט, און דאס הארץ קלינגט שטענדיק אפ אפריער מיט די טריט פונם קומענדיקן, נייעם.

און פון זיי אפריער אנצוזאגן אין ווארענען דארף זיין די עובדא פונם דיכטער—דעם אידייענהיסטאריקער פון דור, א „בורעוועסטניק“ . . .

— — —

איינער פון די הויפטמיטלען ביים דיכטער אויסצודריקן דאס אלץ, וואס נעסטעט זיך אין זיין געפיל, איז געפינען

די פאַסיקסטע שפראַך פאָרם פאַר דעם און שוין די געפונענע פאָרם אַליין זאָל אינגאַנצן האַרמאָנירן מיטן געפיל, פאַרלאַנג און געדאַנק. און דער דיכטער, וועלכער מוז בכן, איינצייטיק זיין אויך דער שפראַכקינסטלער און שפראַכשעפער פאַרנעמט, צוזאַמען מיטן פילאָלאָג, דעם בכבודיגסטן אָרט אין דער געשיכטע פון אַ שפראַך. זיין קאַבינעט איז די שפראַך־לאַבאָראַטאָריע, פון וועלכער אַלערליי נייע שפראַכבאַגריפן און אויסדריקן גייען נאָכדעם איבער דורכן בוך צו דער מאַסע און פאַרפיינערן און באַרייכערן די שפראַך פון אונזער אַלטעגרעכקייט.

ווער ווייס?—אפשר ווען עס וואָלט נישט געקומען דער דיכטער מיט זיין פיינעם חוש, וואָלטן מיר נאָך ביז היינט פאַרמאָגט נאָר די עלעמענטאַרסטע באַגריפן פאַר אונזער פיזישע באַדערפענישן און אַלץ, וואָס איז אין אונז „העכער פון דער ערד” וואָלט קיינמאָל קיין תיקון נישט געפונען און מיר וואָלטן אַרומגעגאַנגען מיט אונזערע חלומות און פאַרלאַנגען „שטומע נשמות”...

די שפראַך פון דער פאָעזיע מוז שוין בכן, אַפילו איינער אַליין מיט איר סטיל, אויסערן אינהאַלט, אינגאַנצן האַרמאָנירן מיט דעם געגעבענעם צושטאַנד פון דער קולטור, מיטן אידייענגאַנג פון דור—און טאַקע מיטן אינהאַלט. דער סטיל און קלאַנג אַליין מוז אַף אַזוי פיל ווירקן אַף אונזער אויער, אַז עס זאָלן זיך רעפלעקטיוו אָפרופן אויך די איבעריקע חושים; מיר זאָלן, אין אַ געהעריקער מאָס, דורכן קלאַנג, אויך ז ע ן און אָ נ ט אַ פ ן דעם אינהאַלט...

דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער גאָסטעוו אָדער בלאָק קען נישט ריידן מיט דער שפראַך פון אַ פושקין אָדער לערמאָנטאָוו. און דער יידישער האָפשטיין האָט געמוזט זיך אויסזוכן אַן אַנדער סטיל ווי רייזין אָדער איינהאָרן (דער ערשטער האָט באַזונגען דעם קאַנאָניזירטן, סטאַטישן רוסישן דור, דער צווייטער—דעם אָפגאַנג פונם אידישן קאַנאַניזירטן שטעטלשן פילן און דענקן) האָבן געקענט זינגען מיט אַ געמאָסטענעם, רויקן פערז, אַ שטילן און האַלבמעלאַנכאָלישן; גאָסטעוו, האָפשטיין, יעסענין, מארקיש און די איבעריקע קינדער פון א וועלט, וואָס ציטערט און צאַפלט מיט אלע נערוון, פאסן צו דעם פערז צום שמעטערדיק טאקט פון האמער, צו די אָפגעריסענע, צאפלענדיקע געפילן און פארלאנגען פון אדור, וואָס ווארפט האסטיק אָן, שטריך אף שטריך די קאָנטורן פון אלעבן, וואָס הערט נישט אויף זיך צו באוועגן און קאָכן, —שפאנען זיי „מיט נייען, מיט דרייסטן, מיט אייגענעם, נאָך נישט געמאָסטענעם טריט”... (האָפשטיין)...

און אַזוי ווי אונזערע אידייען און שטרעבונגען זיינען לעת־עתה נאָר אָ נ ־ ד אָ ג ן אף אוועלט, וואָס ווערט איצט געבוירן, ווערט די מאָדערנע דיכטונג—זייער אויסדריקערין—א געפילפילאָזאָפיע און ווונקען, און איר שפראַך—א קורצע נישט א ד ע ר ז אָ ג נ ד י ק ע נאָר אָ נ ז אָ ג ע נ ד י ק ע—א שפראַך פון רמזים.

(המשך קומט)

אָנמערקונג פון רעדאַקציע: דער דאָזיקער אַרטיקל איז אַן איינלייטונג צו אַ גרעסערער סעריע אָפשאַצונגען פון אונזערע מאָדערנע יידישע דיכטער, וואָס וועט זיך דרוקן אין דער „וויספע”.






(געשטאָרבן דעם 9 יאנואר אין נוי־יאָרק)

## וו. מעדעם.

אין איינעם פון די קבוץ־גליות־בית־עולם׳ס, אין דעם פעלקער־קעסל — נ י ו ־ י אָ ר ק, איז געקומען צו קבורה איינע פון די טראַגיש־קינסטלע־רישסטע נשמות אין אונזער וועלטל — וו. מעדעם.

זיין לעבן, זיין סוף־לעבן און זיין טויט איז באַלויכטן מיט איין גרויסער געוואַלדיקער טראַגעדיע.

פון פרומער פראַוואָסלאַוויע — צו אידישע תחום־המושב־אַרבעטער, פון אַן אַסימיליאַטאָריש ־ משומדים־צעריסענער פאַמיליע — צו אַ טיפער, זעלטענער און באמת׳דיקער ליבע צו דער אידישער קולטור, פון אַ עכטער גייסטיקער און קריסטאל־קלאָרער אריסטאָקראַטיע — צו די פאַרפלאָנטערסטע קנוילן פון אונזערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע באַוועגונגען.

זיין מאַרקסיזם איז ניט געקומען פון אַ גורל־געפיל, מיטמאכנדיק אין לעבן עטוואָס. וואָס קען דערפירן צום קעמפענדן סאָציאַליזם. נאָר מחמת דער קלאָרער אייזערנער לאָגיק:

— „איר זעט דאָך די היסטאָרישע אַנטוויקלונג, די אומגעלומפערטקייט פון היינטיקן סדר־העולם. אָט האָט איר אָנגעצייכנטע וועגן, אַרויסגערופן פון דער היסטאָרישער טענדענץ און אָט האָט איר די רפואָה” — דאָס איז געווען זיין געדאַנקען־גאַנג.

איז ער געווען דער גענעראַל פון דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג. ניט איר אַגיטאַטאָר און פראָפּאָגאנדיסט, נאָר איר גענעראַל, וואָס זיצט אַפן הויכן בערגל, זעט פאַר זיך דעם וויטן האָריזאָנט און די מחנה אונטן כאַפּט אונטער די באַפעלן פון אויבן...

מעדעם איז ניט געווען קיין גאַסן־העלד, און ווען די אידישע אַרבעטער האָבן מיט פאָנען מאַרשירט איבער די גאַסן, איז מעדעם געזעסן אין אַ יידישער גראָסער שול און הנאה געהאַט. ווי אידישע קינדערלאַך שעפּן אין זיך אַריין פרישן גייסטיקן אָטעם, ווייל קודם כל און פריער פאַר אַלץ האָט אים געוויטאָגט אונזער קולטור־פּראָבלעם, און כל זמן דאָס וועט ניט געלייזט ווערן, האָט ער זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין געזונטע ק ו ל ט ו ר ע ל ע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג. איז דאָך אַף אים אויסגעפאַלן, אַף אים, דעם ר ו ס י ש ן אינטעליגענט צו פאָרמולירן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַוטאָנאָמיע און צו קעמפן פאַר איר אַ גאַנצן לעבן געגן פרעמדע און נאָך מער אפשר געגן א ײ ג ע נ ע.

און גאָר לסוף האָט דער גענעראַל זיך דערזען פאַר׳יתום׳ט און איינזאַם,

פאַרלאָזן פון די צענדליקער טויזנטער תלמידים און חברים. די שיפן זײַנען אַוועקגעשוואומען אין ברייטן ים און דער קאַפּיטאַן איז א יי נ ע ר א ל יי ן געבליבן אַפן אינזל... די טראַגעדיע פון אַלע פירער און גענעראַלן.

די מאַסע האָט געצויגן די לייצעס שטאַרקער, ברייטער, ווײַטער, געשטאַנען איז ער אַף דער וואַך און אײַנגעהאַלטן, געצויגן אַף צוריק, בלוט האָט זיך אים פון האַרצן געגאָסן, זעענדיק, ווי עס צופאַלט דער פינף־און־צוואַנציק־יאָריקער בנין, ווי די מויערער צולויפן זיך אין אַלע עקן וועלט, האָט ער זיך פון די הויכן אַראָפּגעלאָזט און ווי אַ פשוט'ער סאָלדאַט זיך געשלעפּט צו־פוס מיט זיי — „וואו איר וועט גיין — דאָרט איז אויך מײַן וועג" און גלייך נאָך דעם: — „אָבער געדײַנקט!"

אָפּגעלעבט אַ לעבן פון סיביר, קאַטאָרגע, וואַנדערונג און וואָגלעניש, און צום סוף דערלעבט, אַז די אַ ר ב ע ט ע ר ־ ר ע פּ ו ב ל י ק האָ ט ז יי ן ק אָ פּ ג ע ז ו כ ט, פון אלע זייטן האָט מען אים „פאַררעטער" צוגעשריען...

— ווער עס האָט אים געזען די לעצטע פּאָר יאָר, איז ממש פאַרציטערט געוואָרן, אַ מאַרמאָר־קאַלטער געזיכט, אָן אײַן טראָפּן בלוט, אַ תכריכים־הויט באַצויגן איבער דער שלאַנקער איידעלער פיגור.

דאָ דערנענטערט זיך זײַן טראַגעדיע צו אַ פּלעכאַנאָוו'שע, קראָפּאָטקין'שע און ענגליכע. און ווערנדיק ענטוישט אין זײַנע אינטימסטע חלומות, האָט ער זיך די לעצטע יאָרן אינגאַנצן מיט דער אידישער קולטור אָפּגעגעבן, געשאַפן אַ ווײַט־פאַרצווײַגטע שול־נעץ איבער גאַנץ פּוילן, און אונטערן דרוק פון דער פאַר־יתום'טקײַט, האָט אים אַוועקגעטריבן איבערן ים — קיין אַ מ ע ר י ק ע.

דאָרט האָט ער גערעכנט איבער אַ נײַס אָנצופאַנגען פלעכטן די קייט, וואָס איז דאָ צופאַלן געוואָרן, געוועבט און גערופן די „שוויך־מאַסע" צו אַקטיוויטעט, העלפן די חברים דאָ.

— ער האָט אָבער צו יענער סביבה זיך ניט צוגעפּאַסט, און זײַנע לעצטע ווערטער זײַנען געווען:

„א י ך ו ו י ל אַ ה יי ם" — דאָרט אין די געדיכטע אידישע קוואַרטאַלן פון ווילנע, וואַרשע, ביאַליסטאָק — דאָרט האָט ער געוואָלט זײַן היים געפינען, כאָטש זי איז שוין לאַנג פּוסט געוואָרן, כאָטש זײַנע מיטברידער האָבן זיך שוין אַ סך דערווײַטערט פון אים...

אונטערן שיקואַל־וואָרט „אַ היים!" איז ער אין א ניו־יאָרקער קבר פאַרבאַהאַלטן געוואָרן, זײַן „היים" האָט אים אַפילו ניט מלווה געווען...

געבוירן טראַגיש, געלעבט טראַגיש און געשטאָרבן טראַגיש.

א. סש — ער.

## פון יענער זײַט וויספּע.

## משה נאדיר: פון בוך „פון מענש צו מענש".

### די ארבעטער

אלצדינג פארכאַפּן זיי | וואו איר גיט
זיך אַ קער זײַנען זיי דאָ | די וועלט
איז פול מיט די אָפּגעריסענע שלע־
פערס | זיי צושפּרייטן זיך אלץ

ווייטער און ווייטער איבער דעם ערד־קוגעל | פאר דעם פיינעם פאַר דעם לייטישען פאר דעם נישטאַרבייט, נדען מענש מיט דעם אריסטאָקראַטישן בלוט איז שוין באַלד ניטאָ קיין אָרט | וואו איר גייט און וואו איר שטייט טרעפט איר ארבייטער | זיי פאַרכאַפען אַלע ערטער אויף דר'ערד און אונטער דר'ערד און דער אריסטאָקראַט דער עקסלוזיווער מענש מיט דעם הויכען קאַפּעליוש מוז שטיין און צוקוקען | באַטראַכט נאָר | אַלע בעסטע ערטער אַין די קוילענמינען זיינען פארכאַפּט פון אַרבעטער ; אלע הויכע דעכער פון ניט־געענדיקטע געביידען זיינען פארכאַפּט פון אַרבעטער | אַלע אייזענפאַבריקן זיינען פול מיט זיי | און אַפילו אויף די שלאַכט־פעלדער וואו מען באַשעפטיגט זיך מיט פאַרבריצירען הייסע פאָטערלאַנדסליבע פאַרן שונא געפינט זיך אויך אַ ריזיקע צאָל ארבעטער | און אַפּילו די מעדאַלפאַבריקען זיינען פול טיט פשוט'ע אַרבייטער | מיט שלעפערס | אומעטוט זיינען זיי דאָ | וואו איר וואַרפט אַ בליק נאָר אַרבייטער און אַרבייטער | אין די אונטערערדישע באַנען | אין די שוועבל פאַבריקען | אויף די פעלדער | אויף די שפּיצען פון די העכסטע געביידן | אויף די שיפען און אנטער די שיפען | אפילו אויף די נאָך נישט געענדיקטע בריקען קריכען זיי ארום | אַפילו אין די קאנאלען און רינשטאָקען געפינען זיי זיך | אומעטום אומעטום נאָר ארבעטער און אַרבייטער | און אם בעסטען ווען דו לייגסט אַוועק דיין קאָפּ אויף די זיידענע קישענס און דו ווילסט שלאָפען קלינגט ער ערגעץ מיט'ן האַמער אָדער ער טומלט מיט דער האק אָדער ער עגבערט מיט'ן עגבויער אָדער ער פאַלט אראָפּ פון אַ הויכע געביידע און לאָזט אַרויס אַ נישט ראַפינירטער געשריי | אַן עקלהאַפטע באַנדע די אַרבייטער |

נוי־יאָרק.

## איציק פעפער — פון בוך „שפענער"

טאנצן פריילעך בלויע ווערטער
אף די שוועלן פון מיין מויל,
טאנצן פריילעך בלויע ווערטער
העל און הויל.

אין א וויכער
פליט א ראָד מיט ווייסע רייד,
יאָגן כוואליעס גיך און גיכער
פון מיין פרייד.

גרינגער!
ווי די וואָלקנס, ווי דער ווינט,
איך בין היינט געוואָרן אינגער
פון אַ קינד.

העכער, העכער!
איציק פעפער אינדערמיט.
כ'ווארף דער וועלט א בלויען בעכער
פון מיין ליד.

קיעוו.

# פֿרייע טריבונע *)

## די „וויספע״

מיר איז נישט וויכטיק די מאַרקע פון פאַרלאַג, און פאָדער נישט קיין ליטעראַרישן פאַס ביים אַרויסגעבער, — דאָס איז בלי ספק אַ וויכטיקער אויפטו:

אַ חדש־שר׳פט פאַר ליטעראַטור און קונסט אין קאָוונער ליטע, וואו ליטעראַרישע אונטערנעמונגען זיינען אַזוי זעלטן — און גיבן נאָך זעלטענער זיך איין! וואו ס׳זיינען פֿאַראַן אַזוי ווייניק קולטורעלע קרעפטן און נאָר יחידים פֿאַרשטייען די וויכטיקייט פון אַ שיין, לעבעדיק וואָרט. אַזאַ נישט־דאַנקבאַרער באָדן קען נאָר אַרויסרופן אַ פולע אַפּאַטיע ביים שוין נישט איינמאָל אַנטוישטן פֿאַרלעגער און במילא אויך ביים ליטעראַט, וועלפער קען נישט קומען צום וואָרט.

דאָס טאָר אָבער אזוי נישט פֿאַרבלייבן. ליטע האָט א גענוג גרויסן קאָנטיגענט יידיש־ריידער, און וואָלטן זיי נאָר געהאט די נויטיקע קולטורעלע אנטוויקלונג, וואָס וואָלט שוין במילא ארויסגערוקט אפן ערשטן פלאן די עסטעטישע באדערפֿעלנישן, וואָלטן זיי גאנץ געוויס מאטעריעל געקאָנט אויסהאלטן און זיכערן דעם קיום פון א גוטער צייטונג, פון א מאָדערנעם זשורנאל און אפילו פון אן אייגענעם פארלאג. ווי זשע אָבער דערגרייכט מען דאָס, אז באלד ביי די ערשטע טריט אין דער ריכטונג פאלט מען אריין אין א פארכישופטן קרייז: ס׳פארשפרייט זיך קיין בוך נישט, ווייל ס׳איז נישטאָ דער נויטיקער לעזער, און ווי שאפט מען אים, אז ס׳פארשפרייט זיך קיין בוך נישט?.. —

זאָס איז אָבער קיין תירוץ נישט. יעדער ערגסטער באָדן מוז אין א גויט צעאַקערט ווערן, און ביי א געהעריקער ליבע און מסירת־נפש צו דער זאך מוז אַ נס געשען: א שטעקן קען זיך צובליען מיט טייטלען, זאָל עס געשען, אפילו נישט דורך איין נאכט... ווייס דאָך יעדער דאָס ווערטל: „רוים איז נישט דורך איין נאכט אויסגעבויט געוואָרן״. ס׳מוזן געמאכט ווערן פרובן, און פריער־שפעטער וועט איינער פון זיי באקריינט ווער מיט ערפאָלג.

יעדער פרוב אָבער אזאַ, ביי דער גרויסער אָרעמקייט פון קולטורעלע כחות אין ליטע, מוז זיין אַ קאָלעקטיווער, א געשטיצטער דורך אַלע יידיש־ליבהאָבער: א צעשפליטערטקייט פון די קאָלאָסאל־קליינע כחות; וועלכער נישט איז חשד און אין בעסטן פאל — אפילו אן אפאטישע באציאונג צו אזא אונטערנעמונג, ליימט זי גלייך ביים שוועל — און ס׳ווערט באגאנגען א פארברעכן, א פאַרראַט אפן ליטווישן סעקטאָר פון אונזער ליטעראטור־פראָנט!...

א רוף צום שאפן, אַ סיגנאל צו לעבעדיקער ארבעט מוז צונויפקלייבן ארום זיך אלע טוער אף דעם געביט, נישט קוקנדיק, צייטנווייז, אפילו פון וואנען דער רוף קומט... און ווער עס זאָל נישט קומען און ווילן שאפן אַזא טריבונע, וואָס זאָל גרופירן אַרום זיך אַלעמען. ווער עס האָט נאָר וואָס צו זאָגן — דאַרף אויפגענומען ווערן מיט שמחה און די ארבעט זיינע מוז איבערגענומען ווערן דורך א פעסט־פאראייניגטער גרופע פון אלעמען — אלע צוואמען זיינען מיר פאָרט עפעס און האָבן רעכט צו האָפן אַף עפעס...

אזא פרוב איז איצט די „וויספע״. ווילן מיר יידיש־ליבהאָבער, זיך ערנסט פאראינטערעסירן מיט דער דאָזיקער

*) אין דער רובריק ווערט געגעבן די לעזער און פריינט פון דער „וויספע״ די מעגליכקייט זיך אַרויסצוזאָגן וועגן אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צום זשורנאַל: וועגן פאָרם, אינהאַלט, פאַרשפרייטונג א. אַז. וו.
רעדאַקציע.

אונטערנעמונג. וועלן מיר האָבן רעכט צו פאָדערן פונ׳ם אַרויסגעבער, ער זאָל אויספירן „מכח אל הפועל“ אונזערע בעסטע פאַרלאנגען און פאָדערונגען, וואַס מ׳קען ארויסשטעלן צו אַ מאָדערנעם זשורנאַל.

און אלס איינער פון אונז און א געשטיצטער פון אונז — וועט ער עס קענען!

ה׳ ב׳

---

# פון דער עטאַזשערקע.

## יודיקא — נייע יוגנט. לידער זאמלונג ארויסגעגעבן פון פארלאַג „ליכט“ קאָוונע 1923. 40 זייטן אין 16°

פאַר מיר ליגט אַ ניי ביכל לידער, אַרויסגעגעבן אין ליטע, אין קאָוונע. עס ווילט זיך „שהחינו“ מאַכן עס האָט זיך שוין פאַרביינקט נאָך אַ ניי וואָרט, או דאָ, ווען איך לייען איבער די הילע „נייע יוגנט“ שטעלט זיך גלייך די פראַגע: וואָס הייסט נייע יוגנט גיט דען אַלטע און נייע יוגנט? ווען די יוגנט איז אַלט איז זי קיין יוגנט נים, נאָר לאָמיר איר מוחל זיין דעם נים־געלונגענעם נאָמען [און אפשר איז זי די דיכטערין גאָרניט שולדיק, ווער ווייס?...] און לאָמיר איבערגיין צו אירע לידער. און דאָ מוז מען זאָגן דעם אמת, אַז ניט קוקנדיק, וואָס אין דער לעצטער צייט האָט אונזער יונגע דיכטונג ריזיק אַ שפּאַן געטאָן, סיי אין אינהאַלט סיי אין פאָרם, און אונז באַפרידיגט שוין לאַנג ניט דאָס, וואָס מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָבן מיר זיך געקוויקט, מיר שטייען שוין באַ דער תקופה פון האָפּשיין־קוויטקאָ־קושניאַראָוו און דאָך לייענען מיר מיט פאַרגעניגן דורך דעם דינענקן ביכעלע, וואו עס אַטעמט מיט דער געזונטער הייפרישקייט, און צוזאַמען מיט דער דיכטערין, ווען מיר ווערן מיד פון שטאָטישן גערודער און טומל, ווילט זיך מיטזאָגן:

איך אַנטלויף פון דיר שטאָט
און זוך זיך אויס דערפער
אין זיי וועל איך לויפעדיק לאַכן
און שמעקן די פעלדער
וואָס ווייען מיט אַטהעמס
ווי מיידלעך, וואָס הויבן אָן בליען.

אַזוי רעדט דאָס אמת׳ע נאַטור־קינד, וועלכע פאַרשטייט דאָס שפּראַך פון גראָז און בלום, פעלד און וואַלד, וועלכע חברט זיך מיט די שאָף אַף די פעלדער, און פון וועלכער עס שפּראָצט מיט לעבן, מיט מונטערקייט פון אמת׳ער פרישער צאַפּלדיקער יוגנט

„היינט וויל איך זינגען, טאַנצן, לאַכן
חיינט איז אין האַרצן באַ מיר אַזוי לייכט
היינט האָט די וועלט מיר אַ פרייד
איינגעאַטהעמט
אַ פרייד, וואָס עס קומט נאָר אין לעבן
איינמאָל!
היינט וועל איך לויפן אין פעלדער
און וועלדער

און האַלזן די ביימער, זיך קייקלען
אַף דר׳ערד
און טאַנצן אַ טאַנץ מיט די שאָף
אַף די פעלדער
און גריסן פון אַלע פיר זייטן די וועלט!

דאָ איז זיך דער נייער פרייער מענש מתיחד מיט דער גאַנצער נאַקעטער נאַטור און מיט דער גרויסער ברייטער פרייער וועלט, דאָ ווערט אים איינג די שטאָט, און ער מוז איר פאַרלאָזן; ער מוז קומען צום אור־קוואַל פון דער מענשהייט — צום פרייען פעלד, צום ניט פאַרבויטן דאָרף, וואו די פרימאָרגנס זיינען רייצנד, דופטיק, וואו זי

אַ פאַרליבטע ביז צום שרייען
בין איך היינט אין דיר פרימאָרגן
און וויל זיין דיין אינגאַנצן
מיט דיינע שיינקייט זיך באַקראַנצן
צי איך קאַרשן־זאַפט פון ליפּן
שלינג איך טרויבן פון די אויגן
ע׳ אָראַנזשירן פון די באַקן.

אַזוי ווערט באַ איר בילדעריש געמאָלט אַ דאָרפישער פרימאָרגן, און איר איצערלעבונג, איר שטימונג פאַרכאַפּט אייך און מיט אַ רוהיקער פרישקייט פון אַ דאָרפס־קינד ענדיגט זי:

איך בין אַ גייערקע באַפאַקטע
פול מיט נייע פרילינגס־וועלטן!

און מען גלויבט איר, ווייל יעדע שורה איז אויפריכטיק, ניט געקינצלט, או, טאַקע דעריבער זיינען מאַנכע לידער ניט באַהובלט, אַ ביסל רוי. עס מערקט זיך די ניט ראַפינירטקייט, וועלכע דאָ איז עס צו דער דאָרפישער פרימיטיוויטעט אירע גראַדע האַרמאָניש.

אין ציקל „צייטן“, וואו די יונגע דיכטערין וויל געבן דעם פייזשאַזש פון דעם היינטיקן רוסלאַנד דעם אויפגעברויזטן רויט־פלאַקערדיקן רוסלאַנד, דאָרט ווערן שוין אירע בילדער בלאַס, צו שוואַך איז איר פּאַליטרע פאַר דער בונטקייט פון רוסישן היינט, אַפילו דער דאָרף דער רוסישער איז אויך ניט פאַר איר, זי קען ניט געבן די יעסעינישע פאַרבן און טענער און דאַרום לייענען מיר קאַלט די שורות פון

אַ דאָרף קומט אָן מיט רויט און ווייסע
הייזל'ער פיל
און מענטשן פרישע האַרבסטיקע
די אויגן זוכן הין און הער אַרום
די באַקן רויט, די אַרבל ווייס
דאָס דאָרף פאַרגייט
אַ שטעטל קומט,

און ווען זי קומט, דורכלייפנדיק די שטעטל, צום שטאָט דערזעט זי

בלאַסער הונגער, רויטע ווייַנען
געלע גאָלדן, שוואַרצע לאָמפּן
בלאַנקע גאַסן; בלאָטיק הייזער
ווילד געוויינען, פריילליך לאַכן
ווילדער טומל, ברויט צו שטאַרבן?

דאָ ווערט זי צוטומלט, זי דאָס דאָרפיש קינד דערזעט דאָ דעם קאָנטראַסט פון פאַר איר האַרמאָנישן דאָרף, און זי דערזעט ניט די שיינקייט און טראַגישקייט פון דער גרויסער שטאָט, וועלכע חאָט געפונען אירע אויסדריקער אין האָפּשטיינען, קושניראָוון און אין אַ ריי אַנדערע פון אונזערע יונגע דיכטער. און גאַנץ ריכטיק זאָגט ז. אין לעצטן געדיכט, וועלכער איז באַטיטלט מיט איר ניי־געשאַפענעם וואָרט „פאַרקייט“ (פון וואָרט קייטן)

איך בין אַ קינד איך בין פאַרקייט
איך האָב קיין קלייד
איך עס די ערד און טרינק דעם ווינט
איך שטיי ביים ים און בעט אַ טראָפּ
און האָב קיין וואָרט.

יע, איר פעלן נאָך ווערטער, בילדער פאַר דאָט דייטליכע, פאַר דאָס גרויסע און נייע, וואָס האַלט אין ווערן. אָבער אַן אויג חאָט זי פאַר דאָס האַרמאָנישע און געזונטע און מיט אַ אמתן נחת רוח לייענסטו דורך דאָס דין ביכעלע, ווייל דו זעסט, אַז דו האָסט פאַר זיך אַ דיכטערין, וועלכע האָט זיך איר אייגן וועג, איר אייגן פּרצוף, וועלכע וועט ניט פאַרכאַפּט פון דער אַרומיקייט און דער וועג צו זיך דאָס איז אפשר דער שווערסטער אָבער דער דאַנקבאַרסטער.

ז. פייגין.

# ליטעראַרישע און קינסטלערישע כראָניק.

## דראַמאַטישע סטודיע ביי דער קאָוונער „קולטור־ליגע“.

די ד. ס. גרייט זיך צו איר ערשטן אַרויסטרעט אָוונט — איר דעביוט *)

קיינער ווייס ניט, פאַראינטערעסירט זיך ניט, וויל ניט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין דער ד. ס., ווי אַזוי זיי אַרבעטן, וואָס זיי טוען דאָרטן אין בעזונדערן ווינקעלע פון דער נייַער דראַמאַטישער לאַבאָראַטאָריע.

כ׳וויל אַ ביסל באַקענען עם עולם באַזוכער, וואָס וועט קומען אַפן אָוונט אים אַרייגפיר הינטער די קוליסן פון דעם נייעם „טעאַטער“.

אַ גרופּע יונגע התלהבות׳דיקע פּראָטעסטאַנטן קלייבן זיך צונויף יעדן אָוונט אין זייער לאָקאַל און שמידן אַ וואָרט צו אַ וואָרט, מעסטן טריט אַף דער ערדישער פאַדלאָגע.

זוכן נייע זשעסטן, אָרגאַניזירן די אברים פון גוף.

און מיט אַזאַ עקשנות, מיט אַזאַ ענטוזיאַזם, אַז אַ זייטיקער אָביעקטיווער צושויער נעמט טאַנצן אָדער וויינען, אַז אַ זייטיקער הויבט אָן זיך קריטיש צו באַציען צו זיינע טאָג־טעגליכע באַוועגונגען, ריידן און האַנדלונגען אין שטוב, אַפן גאַס און אומעטום, אַז דער פאַרביסנסטער, פאַנאַטישסטער אָנהייגער פון אַלטן טעאַטער ווערט צוטומלט, אַ כאַאָס ווערט אים אין קאָפּ.

אָפּגעגט דעם אַלטן טעאַטער.

געשלאָגן כפּרות מיט פּסיכאָלאָגישע גאָט־זוכערישע ואין ליטעראַרישן זין׀ גריבלונגען אַף דער בינע.

גענומען די פשטות פון דער פאָלקסטימליכקייט, מאָדערניזירט דעם שאַבלאָן ניט אַזוי צוליב די ריכטיגקייט פון דער אידייע, טעמאַ ואַפן אַלטן ליטעראַריש־דראַמאַטישן לשון. נאָר צול'יב דעם פּראָטעסט, צוליב דער אַפּיקורסישער שטימונג.

אַוועק מיט דער פריהערדיקער טעאַטראַל'ער הפקרות!

כ׳האָב נאָר אָנגעוואָרפן די קאָנטורן פון די טריט.

קען זיין, אַז אין מיטן זוכן וועט מען זיך אָנשטויסן אַף אַנ׳אַנדער וועג.

קען זיין!

דאָס אַלטע איז אָפּגעשטאָרבן, דאָס נייע זוכט און געפּוירט זיך אין פאַרשידענע פאָרמען. יעדנפאַל'ס, דער אָוונט זאָגט אונז צו אַ איבערקערעניש אין דער פאַרפעסטעטער לופט פון דער ביז־איצטיקער „טעאַטראַל'ישקייט“.

*) עס ווערט געשטעלט — אַ וואַריאַנט פון דער „ליבע צו די דריי אַפּעלסינען“ פון מייערכאָל'דס אַ בוך.

# בריוו־קאַסטן.

עס וועלן ניט געדרוקט ווערן די לידער און דערציילונגען פון: ד. ר—ש, מ. עוו—יין, י. א—פּ., ש. שינ—ג, מ. ר—מאָר, בן משה מ. ל—מאַן.

י. גאָלדבלאַט — איר ווערט געבעטן פערזענליך אַריינצוקומען וועגן אייער צוגעשיקטן מאַנוסקריפּט.

צוליב מאַנגל אינ פּלאַץ אי ניט אַריינ די איבעריגע ליטעראַרישע כראָניק.

## יודיקא.

ווער קען זאָגן...
וועלטן בלינקלען מיר אַנטקעגן,
ווינטן טושלען מיך ביי זייטן,
הימל שירמט מיר מיט בלויקייט,
ערדן טראָגן מיך אויף אָרמס,
ימים רייסן שטיקער פעלן

ווער קען זאָגן, וואָס מיין זיין איז?
ווער קען זאָגן, וואו איך הין גיי?
ווער קען זאָגן, ווער מיין דור איז?
ווער קען זאָגן, וואָס ער זיין וועט?

מיך באַשאַפן האָט באשעפער
פון אייביקייטס אַ ריפ,
פון די דורות מיינע גלידער
און פון יאָרן מיין באַפליישונג,
פון די צייטן מיין פאַרשטענדניס,
פון חדשים מיין באַהויטונג
און פון וואָכן הויטן-קאַרבנס,
פון די טעג מיין גאָרע ווילדקייט
און פון נאַכטן מיינע טרוימען, —

ווער קען זאָגן, וואָס איך טו דאָ?
ווער קען זאָגן, וואָס איך דאַרף דאָ?

מיך געשיקט האָט דאָ אַ הימל
פאַר א וועלט צו זיין אויף ערדן,
פאַר דער וועלט צו זיין א פרילינג,
פאַר דעם פרילינג זיין א יוגנט,
פאַר דער יוגנט זיין אַ ליבשאַפט,
פאַר דער ליבשאַפט זיין אַ צירונג, —

ווער קען זאָגן, וואָס איך טאָן קען?
ווער קען זאָגן, וואו איך הין זאָל?

ווער קען זאָגן, ווער קען זאָגן?
צי וואָס געבראַכט מיך האָט אַ שטורם
אויף דער אייביקייטס אַ פליגל,
מיך געלייגט אויף שויס פון ערדן
זויגן, כליניען ערדן-וואַפטן,
מיר געשענקט אַ וואַנדער-שטעקן
פון אַן אַלטן קרוינען-רייך, —

ווער קען זאָגן מיר מיין נאָמען?
ווער קען זאָגן, וואו איך בין דאָ?
ווער קען זאָגן פון מיין זיין דאָ?
ווער קען זאָגן פון מיין ניט זיין?



ה. בלאשטיין

# געדאַנקען וועגן דער מאָדערנער דיכטונג.

ב.

אונזער צייט. וועלטן אין שטורם. אַפּן קרייץ פון שיידוועג. אַ פאַרבלוטיקטע, פיבערט די מענשהייט מיט ווילדער שאַפונגסדורשט אין דער צעשויבערטער נשמה... איבערגעשאַצט אַלע ווערטן, אויסגעמאָסטן אַלע וועגן, אונטערגעפירט אַ סך־הכּל פון אַלע נעכטנס — און פראָקלאַמירט דעם פולשטענדיקן באַנקראָט פון אַלטן וועלט־סדר, און במילא — דעם מאַניפעסט פון... זוכעניש, בלאָנדזשעניש און דרייסטע פיאָנערישע פרובן.

אינם דאָזיקן פעריאָד איז געקומען דער נייער יידישער דיכטער.

ניי, פריש, נישט באַלאָדן מיט קיין עבר אויפן געביט פון דער זיך אַליין אויסגעלעבטער האַלבפאָלקסטימליכער, האַלבמעלאַנכאָלישער, דאָס רוב אויבערפלעכלעכער, ווייניק סאָציאַלער יידישער פּאָעזיע פון ביז דער מלחמה; יונג אין העזה׳דיקן וואַגן, פאַרמעסטן זיך און פאַרלאַנגען, זיך אויפהויבן און פאַרטיפן; אַ קינד פון פּראָטעסטאַנטיש־צערודערטער מאַסע מיט אירע נישט־געצוימטע אינסטינקטן און קאָכעדיקע בלוטן, איז דער נייער דיכטער געקומען אַף דער אידישער גאַס — ווי „אַ נאַקעטער מענטש אַף אַ נאַקעטער ערד”.—

שאַפן! אַנהויבן! אַליין אויסטרעטן נייע וועגן — און פונם פיל צוזאָגנדיקן היינט זאָלן זיי זיך אָנהויבן! און גיין זאָלן זיי אין מאָרגן אַריין — אין אויסגעטרוימטן, אין גליקליכן, וואָס דער היינט דאַרף עס אים אין וואָר פאַרוואַנדלען...

דער אַלטער וועג איז אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן געוואָרן. איז יעדער יונגער יידישער דיכטער אַ פּיאָנער געוואָרן. אפשר האָבן אַלע פּיאָנערן אינאיינעם דעם איין און זעלביקן וועג געזוכט — דעם וועג צום העלערן, צום שענערן, צום אויסטערלישן אויפן קונסטגעביט, דעם זונענטרעפּ, — נאָר יעדער פּיאָנער באַזונדער האָט פון אַן אַנדער פּונקט אָנגעהויבן, האָבן זיך גלייך ביים אָנהויב אַרום דעם אידעאַל פון אַ נייעם וועג צעשפּרייט, ווי שטראַלן אַרום אַ זון, פאַרשיידענע שטעגן, שמעלערע און ברייטערע...

האָבן מיר אָנשטאָט דעם פריערדיקן פּמעט איינהייטליכן כאַראַקטער פון די שטימונגען אין דער פּאָעזיע — אָנשטאָט דעם דאָזיקן סימן־דלות פון דענקען און פילן אין איין ריכטונג — מיט איין מאָל באַקומען אַ מאַסע שטרעמונגען און ריכטונגען אין אונזער דיכטונג: די אוקראַינישע, די יונג־אַמעריקאַנישע, די אינזיכיסטן, ווידערוואָקסניקעס, אימאַזשיניסטן, קאָלעקטיוויסטן און פאַרשיידענע שאַטירונגען פונם עקספּרעסיאָניזם בכלל, — און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוואַלטיקע אירונג און ברויזונג אין אונזער שאַפן.

ס׳קען זיין, אַז פיל פון די דאָזיקע ריכטונגען וועלן באַנקראָטירן; ס׳קען זיין, אַז אינם דאָזיקן שאַפונגסשטורם האָבן זיך אַריינגעשמוגלט סתּם בטלנים־טומלער מיט אַ כאַ־כאַ און פייפעריי, מיט אַ הפקר׳דיק־ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט, וואָס פאַרדעקט צייטווייליק די פּוסטקייט אונטער אים, און אַז ס׳וועט זיך אַ ביסל אָפּזעצן דער שוים פונם ברויזנדיקן בעכער, וועט מען קוים־קוים אַ טראָפּן ביים

דעק געפינען — — — ס'קען זיין; אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין — אַ סימן פון אויפרודערונג און פליגלצעשפּרייטונג איז עס פאָרט!

ס'קען אויך זיין, אַז פיל פון אונזערע נייע דיכטער ווייסן בכלל נישט קיין וועג צום בעסערן און פּרובן עס גאָרנישט אָנווייזן; זיי שפּילן נאָר די ראָליע פון קברנים, לצים און אויסלאַכער אף די חורבות פון דער אַלטער וועלט און טאַנצן מיט אַ ווילדן כאַ־כאַ אַף איר קבר, — דאָס איז אָבער אויך עפּעס! בראַמאַ וואָלט פאַרגעסן די קונסט פון שאַפן, ווען שיווא זאָל נישט שמעטערן... און עס וואָלט דאָך זיין אַן אַבסורד צו זאָגן, אַז מ'טאָר נישט טאַנצן אויף די חורבות פון אַ וועלט, אויב מיר האָבן זי נישט געבויט: ערשטנס, אַז אָך און אַז ווי וואָלט געווען צו אונז, ווען די דאָזיקע פאַרזעעניש וואָלט געווען אונזער אַרבעט; צווייטנס, ווען מיר זאָלן זיך האַלטן ביי אַזאַ מין רחמנות־פּרינציפּ אויפן נישט־געלונגן־געשאַפענעם, וואָלטן מיר נאָך ביז היינט געגאַנגען נאַקעט און געפרעסן גראָז, און אונזערע גייסטיקע פיס וואָלטן שוין לאַנג אַטראָפירט געווען...

שמעטערן איז אויך בויען!

— — — — — — —

די יידישע דיכטונג איז אַרויס אויפן ברייטן וועלטוועג מיט זיינע רייך־צעצווייגטע בייוועגן. דער יונגער דיכטער האָט זיך מיט געפיל און געדאַנק פאַרמאָסטן אַף אַלע געזעלשאַפטליך־סאָציאַלע, פילאָזאָפישע און קונסט-פּראָבלעמען.

צי איז דאָס אָבער ז י י ן וועג, זיין אייגענער, צי האָט ער רעכט אַף אים?

די דאָזיקע פראַגע ווערט איצטער וואָס אַמאָל אָפטער געשטעלט אין דער יידישער זשורנאַליסטיק און טייל פרעגער מאַכן דערביי זייער אַ טראַגיש פּנים, פאַרקרימען זייער שטאַרק־ראַפינירטע נאָז און מאַכן היסטערישע געוואַלטן:

— לא זו הדרך! איר האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט, פאַניע דיכטער! איך האָט פאַרבלענדעט דער אָפשיין פון דער רוסישער שרפה און אייך אַראָפּגעשלאָגן פון אייער אייגענעם היסטאָרישן וועג! איר טאַנצט אַף אַ פרעמדער חתונה און זייט מקבר אַ פרעמדע וועלט... מיר, יידן, דאַרפן אַנדערש שטערן און אַנדערש בויען, מיר האָבן אונזער ה י ס ט אָ ר י ש ע ליניע! —

פאַרשמעקט עס ווידער מיט דער אתה־בחרתנו־לאָגיק, מיטן גאָרנישט ראַפינירטן ריח פון אַ לעצטער אויסגייענדיקער חלב־ליכט ביינאַכט ביים אויוון פון אַ וויסטער קלויז...

האַלט איך אינגאַנצן פאַר איבעריק זיך אַריינצולאָזן אין אַ בטלן'ישן פּילפּול און אויסדרייען מיטן גראָבן פינגער, אַז... מיר, יידן, געהערן אויך צו דעם צווייפיסיקן מין בעל־חי, וואָס הייסט „מענטש" — און אלס אַזעלכע האָבן מיר אויך פולע רעכט צו גיין מיטן אַלגעמיינעם מענטשהייטוועג, וועלכן מיר אַליין האָבן טאַקע אייך געהאָלפן אויסטרעטן; אַז די רוסישע שרפה האָט זיך געטראָפן גראָד אַף דער זעלביקער פלאַנעט, אַף וועלכער מיר לעבן, און נישט אין עולם־התהו פון אַבסטראַקטע „היסטאָרישע" ליניעס, וואָס שמעטערן זיך אָנ'ם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם...

— „דער יידישער נייער דיכטער איז נישט אָריגינעל, ער טאַנצט נאָכן רוסישן פּייף" — וואַרפט מען אונז אויף.

פאַרגעסן זיי אָבער, די דאָזיקע מקשנים, אַז וואָס ס'איז שייך צו דער קונסטטוועלט, האַלט די גאַנצע אַלטע קינסטלערישע אייראָפּע אָנגעשפּיצט אויג און אויער צו דער רוסישער פען און בינע... אַז די קולטורעלסטע לענדער האָבן

זיך אַ צי געטאָן צוט רוסישן קונסטשײַטער, ווי קליינע קינדער־לעך בײַנאַכט צו אַ מאַמען בעטן נײַער.. אַז ס'איז דאָך גענוג פון צײַט צו צײַט אַ קוק צו טאָן אין דער פּרעסע און זיך דערוויסן, מיט וואָס פאַר אַ התפּעלות איראָפּע און אַמעריקע נעמען אויף די מאָסקווער בינע־קינסטלער, שאַגאַלס ליוונטן און בלאָקס „צוועלף“...

יעדער וועג האָט זיך זײַן אויסטרעטער. יעדער תּורה האָט זיך איר גאון. אויפן קונסטגעביט האָט די היסטאָרישע ליניע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געזאַלבט פאַרן גאון דעם רוסישן פאָלק, — און ס'איז גאָרנישט אַזאַ בזיון, צו גיין נאָך די טריט פון אַ גאון!

— און ווידער

אויב די „היסטאָרישע“ ליניע ווײַזט אָן אַנדערש און מיר, יידן, דאַרפן אַנדערש שאַפן — טאָ וואו זײַנען זיי די דאָזיקע „אַנדערש“־שאַפנדיקע? צי איז דאָ אָנצווייזן כאָטש איין נײַ „גאוניש“, עפּאָכע־מאַכנדיק ווערק, וואָס איז פאַר דער לעצטער צײַט געשאַפן געוואָרן אין הסכּם מיט דער „היסטאָרישער“ יידישער ליניע! און צו האָבן די פרעגער כאָטש קאָנקרעט אָ נ ג ע ווי י ז ן די וועגן, וועלכע זיי נישטערן אַזוי בײַטאָג מיט זייערע הלב־ליכטלעך!...

איך ווייס, זיי וועלן נישט זײַן אַזוי גרויסמוטיק צו ענטפערן דעם ריכטיקן תּירוץ:

— אַלץ, וואָס פּילט נאָר אין זיך דעם פלי־שוואונג פון שאַפן איז שוין לאַנג נישט אין זייער לאגער! צו ענג און דומפּיק איז דאָרטן אַ פרײַען געשריי צו טאָן, צו נידעריק איז דאָרטן דער הימל, מ'זאָל קענען דרייסט דעם קאַרק אויסגלײַכן!...

— — — — — —

— און ווי האַלט עס מיטן לעזער, מיטן יידיש־לייענער?

צי האָט כאָטש איינער פון די אַלע נײַע וועגן אין דער יידישער דיכטונג זיך געפונען אַ וועג צו אים, צום לעזער? צי האָט דאָס נײַ־יידישע בוך פאַרנומען דאָס ליבלעך־געבליבענע אָרט אַף דער יידישער פּאָליצע, נאָכדעם, ווי עס איז אַרויסגעשטופּט געוואָרן דאָס אַלטע בוך — דער „ספר“, און די קליינבירגערליכע מעשה־ליטעראַטור האָט זיך אַרופגערוקט אויף אַ טויטן פונקט?

אונזערע אויבנדערמאָנטע קלאָץ־קשיות־פרעגער ענטפערן גיפטיק: אַבסאָלוט ניין! מיר אַליין זײַנען גענוג ערליך מודה צו זײַן טיילווייז: דער נײַער יידישער דיכטער האָט אַ קליינעם קרײַז לעזער.

— פאַרוואָס?

מיר וואַרפן אָפּ אין גרונט די השערה, אַז דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון אַ נישט־ריכטיק אָנגענומענעם וועג. מיר זעען דאָ טיפערע און ערנסטערע סיבות.

ערשטנס איז אונזער וועג נישט דער וועג פונם טאַלאַנט, וואָס גייט שוין אויף אויסגעטראָטענע שטעגן און געניסט די בלומענקרענץ און אַפּלאָדיסמענטן, וואָס האָבן געדאַרפט געהערן דעם גאון, דעם פּיאָנער, וועלכער איז, בשעתו פאַרוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער און זילזולים... אונזער וועג איז גראָד דער פּיאָנערישער!...

צווייטנס: דער מאָדערנער יידישער דיכטער זוכט גאָרניט זיך צוצופּאַסן צום לעזער, וואָס האָט זיך שוין אַזוי „אײַנגעשימלט“ אין די „קאַנאָניזירטע“ ליטעראַרישע טראַדיציעס, אַז ער קען זיך בשום אופן ניט פאַרנעמען מיט זיי־

ער איבערראַשונג — און מאכן א טריט פאַראויס. דער יונגער דיכטער — דער נביא פון נייע גרויסע אמת'ן — שטייט אליין אויף זיין בארג סיני און זוכט נאָר די אמת'ע פאָרמען זיין תורה אויסצולייגן; ער וויל נאָר זיין געטריי זיך אליין און אים ארט נישט, וואָס אינטן שטייט נאָר א הייפל — אַפּאָסטאָל'ן! דער המון, די מאסע, וועט שוין נאָכדעם אליין קומען, עס וועט זי ברייגנען און אויפהויבן צו זיין הויך — דער גאנג פון דער געשיכטע!

אָנמערקונג צום אַרטיקל: זאָל עס טיילווייז זיין אַן ענטפער אויפן אַרטיקל „פאַרוואָס?" אין „וויספּע" א—ב.

ה. ב.

---

א. פעלדשטיין.

## פון בוך „רויַע ערד".

* * *

איך בין רוי, ווי די ערד און נאקעט, ווי זי
און איך ברען מיט איר ליידנשאַפט
און איך גאַר נאָך טוי און רעגן
נאָך זאפטיקייט
ס'איז טיף און ברייט און פריי און ווילד מיין האַרץ,
ווי די ערד,
און עס וואַרט אף דעם אקערער
מיט סערפּ אין האנט.
און דורשטיק בין איך, ווי א חיה אין מדבר,
איך בין רוי, איך בין מיידליש נאָך,
און גענוג שוין פאר מיר!
איך וויל צעאַקערט ווערן!
איך וויל אַ ווילדער ווערן, א אוראַלטער ווילדער,
נו, איז וואָס?
טאָ, איר געזונטע, זאטע, רונדע מאָרדעס, אנטלויפט פון מיר!
פון מיר דעם ווילדן, רויען אומגעלומפערטן...
האָריק־באוואַקסענעם פון קאָפּ ביז פיס...
און דו מיין שוועסטער, כלה, ווייב, פרוי,
איך פרעג בײַ דיר ניט פון וואנענט דו קומסט,
ווער האָט בא דיר דעם ערשטן קוש פארצוקט,
ווער האָט בא דיר דיין ערשטע כלה־נאכט גערויבט,
ווער איר זאָלט ניט זיין,
ווייסט! —
אז גאָט איז אין אייך, אין אייערע
עלאסטישע בויגזאַמע גלידער,
צו וואָס די פייגנבלעטער?
צי וואָס פאַרלייקענען דעם איך?
פון בלוט און פלייש
דעם לעבעדיקן, פיראונצוואַנציק־שעה־פולסירנדיקן, איך
דעם הוילן רויען, איך — מענש!?...

מרדכי יאפּע·

# „וואַקאַרושקעס"

קאַפּיטל'ען פון אַ ראָמאַן·

א·

שרה'קע איז געשטאַנען באַם פענצטער, געהאַלטן אין האַנט דעם האַנטוך, מיט וועלכן זי האָט זיך אָקאָרשט אַרומגעווישט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן ··· זי האָט געפילט, אַז די באַקן ברענען איר ··· צעשראָקן איז זי געווען און אַליין ניט געוואוסט — פון וואָס· זי האָט באַמערקט דורכן פענצטער, ווי עמיצער לויפט ··· האָט זי פאַר נייגעריגקייט אַליין די טיר אויפגעעפנט און עס איז אַריינגעלאָפן — נח'ל, איר זיבעניעריקער ברודערל·

— גייען ! ··· וואַקאַרושקע זיין ! ··· — האָט ער קוים, אַ פאַרסאָפּעטער אַרויסגערעט, און זיך גענומען, פאַר התפּעלות, דרייען און ארומלויפן איבערן שטוב·

— שאַ· וואָס איז אַזוי די גדולה, — האָט משה דער פאַכטער זיך געברוגז'ט פון זיין ווינקל· ער איז געשטאַנען נעבן אַ טשעבער און איינגעמישט קלייען· האָט עס אים פאַרדראָסן, וואָס „דער יונג" וואַקסט שוין אַ „שגץ" און איז פאַרטאָן מיט „זיי"· האָט ער אָנגעשריען אַף אים, ווי אַ טאַטע שרייט אָן· נאָר אַליין האָט ער אומגעטערט דעם צעשויבערטן באָרד אַף אַ הינטער און צו שרה'קען געזאָגט:

— מען דאַרף דעם לאָמפּ אָנצינדן ··· חשך !

שרה'קע האָט עטלאַכע שוועבעלאַך אָנגעריבן און ס'האָט זיך פאַרלאָשן· עפּעס איז איר פון די הענט געפאַלן· האָט ער די שוועבעלאַך פון איר האַנט אַרויסגעריסן און אַליין אָנגעריבן: „געזען אַ ביסל — ווי מ'איז דאָס צעשמייעט ?"

— נאָר דערנאָך אַז די קולות זיינען געקומען נענטער און ס'האָט זיך געהערט אַ שפּילן, איז ער ווייכער געוואָרן, צוגעגאַנגען צום פענצטער און געקוקט אין דרויסן מיט אַן אויפגעהויבענעם באָרד·

די קולות זיינען אַלץ שטאַרקער געוואָרן· מענער־שטימען האָבן געלאַכט, אַריבערגעשריען איינע די אַנדערע און נאָכגעזונגען „נאָכן טאַקט"· שקצים'לאַך האָבן זיך געיאָגט פאָראויס און סתם געשריען·

און וואָס נענטער מ'איז געקומען, אַלץ דייטלאַכער האָט זיך געהערט, ווי אַ פידל מיט אַ פלייט קריגן זיך און ווילן איינע די אַנדערע אַריבערשרייען ··· אַ פויק האַלט זיי נאָך מיט מסירות נפש ··· עס האָט זיך אַלץ אויסגעמישט אין אַ פריילאַכן גערודער·

און אַז זיי זיינען אַפן גאַניק אַרויף, איז שוין די טיר ברייט געווען פונאַנדערגעעפנט: משה דער פאַכטער איז געשטאַנען אַנטקעגן און האָט זיי מקבל געווען מיט אַ שמייכל· ער האָט זיי עטוואָס געוואָלט זאָגן און ריידן. נאָר אַלע האָבן זיך עפּעס ווי מיט אַמאָל אַריינגעשטופּט, ווי נישט קיינעם באַמערקנדיק, און אין איין רגע איז פול געוואָרן די שטוב· די מוזיקאַנטן האָבן אויפגעשפּילט

שטאַרקער׳ און טומלענדיק האָט מען זיך פאַרנומען און זיך טאַנצן אַוועק־געלאָזט . . .

מ׳האָט געשפּילט אַ מין „פּאָלקאַ“· די פידל מיטן פלייט האָבן זיך שטאַרק געיאָגט ··· און געיאָגט האָבן זיך אויך די צעהיצטע פּאָרליך׳ פליענדיק איינע נאָך די אַנדערע׳ איינע איבער די אַנדערע ··· מ׳האָט געקלאַפּט מיט די קנאַפּל אַזוי שטאַרק איבערן פּאָדלאָגע, אַז עס האָט געציטערט דער לאָמפּ ··· טומלדיק און הייס, די פּנים׳ער האָבן זיך אָנגעצונדען׳ בײַ די מיידלעך זיינען זיי געווען רויט און גלאַנציק׳ די בחורים האָבן די היטלאַך געוואָרפן און מיט צעבריגנטע אויגן אַרומגעלאָפן איבערן שטוב ··

צוויי פון די בחורים — פון די דאָרפישע — זיינען שכורלאַך געווען· זיי האָבן געשריען צו די מוזיקאַנטן׳ אַז מען זאָל שטאַרקער שפּילן ··· האָבן זיי מאוים׳דיקע קולות אַרויסגעלאָזט· און דערנאָך איז איינער פון זיי אונגעלאָפן און אַרויסגעריסן די פּויק פונם הינקעדיקן שגצל׳ וואָס האָט אַף דעם אַ שטענדיקע חזקה געהאַט׳ און באַווייזן, ווי אַזוי מ׳דאַרף אַ שטייגער קלאַפּן ··· האָט ער אַזוי שטאַרק געקלאַפּט מיטן שטעקל׳ אַז די פּויק האָט דומף געציטערט און שיער געפּלאַצט שרייענדיק ·· און אַז זיין מיידל האָט אים מיטן האַנט געפּאַכט און געוואָלט איינהאַלטן׳ איז דער שטעקל אומגעפאָרן איבער אירע הענט און איבער איר אינגאַנצן ···

און וואָס מער מ׳האָט געטאַנצט׳ דאָס להוט׳ער איז מען געוואָרן נאָך טומעל· אַ מין פרייליכקייט האָט אַלעמען פאַרנומען, וואָס האָט קיין גרעניץ ניט· פון די עטלאכע שכור׳ע האָט מען זיך אָנגעשטעקט· און יעדן האָט זיך געדוכט, אַז ער איז שכור· און איטלאכער האָט זיין מיידל געהאַלטן איינגעקלאַמערט, ווי אַ געפאַנגענע פאַר זיך׳ און זיך אַרומגעיאָגט פון איין אָרט אַפן צווייטן ··· עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז אַ געוועט·

אַזוי האָט מען אָפּגעטאַנצט איבער אַ האַלב שעה·

דערנאָך האָט מען זיך אויסגעזעצט אָפּרוען אַף די ביינק·

מען איז געווען פאַרשוויצט· בײַ די מיידלאַך האָבן זיך געהויבן די ברוסטן מיט שווערקייט· די האָר איז געווען צעשויבערט· זיי האָבן זיך שווייגענדיקע אויסגעזעצט איינע נעבן די אַנדערע און געפאָכט זיך מיט די געקאָלירטע טיכלאַך· אַ טייל פון זיי זיינען דערשוויצטערהייט ארויסגעגאנגען זיך אָפּקילן אין דרויסן· זיי האָבן צוגעוואָרפן נייגעריק־שטילע בליקן צום זייט׳ וואו די בחורים זיינען געזעסן· און יענע האָבן שמייכלענד געדרייט די וואָנסעס ···

— — — — — —

יוזיק, דער נייער לאַקיי, וואָס איז נישט לאַנג אָנגעקומען באַם „פריץ“׳ איז געווען דאָס ערשטע מאָל בײַ „מאָשקען“· ער איז געזעסן אויבן־אָן באַם ברייטן טיש און־הויך געשמועסט·

ווי אַלע מאָל׳ איז ער געווען פריילאַך׳ האָט גערעט מיט אַ ברייטע שטים אַף פּויליש און געוויכערט לאַנגע׳ אַראָמאַטנע פאַפּיראָסן ···

זינט דער דאָזיקער שלאַנקער בחור׳ל מיט די קורץ־געשאָרענע העלע האָר

און זויבערע בלוי־אַרומגעזוימטע טעזשורקע, האָט זיך באַוויזן אין „הויף“, האָבן די פּאַראָבקעס דערפילט נעבן זיך און אין זייערע הייזער דעם געשמאַקן אַראָמאַט פון פריצישע פּאַפּיראָסן... יוזיק איז נִיט געווען קיין אויסנאַם פון אנדערע לאַקייען, ער האָט אָבער געוואוסט די קונץ, ווי צו רויכערן... און נישט אומזיסט האָבן מיידלאַך אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווען ער האָט מיט זיי גערעט. יוזיק איז געווען געשיקט, ער האָט פויליש גערעט ניט ערגער ווי ליטוויש. די פּאַראָבקעס האָבן צווישן זיך גערעט, אַז ער פּאַסט זיך בעסער צו זיין אַ „פּאַניטש“ ווי יענער, דעם פריצ׳ס איינציק זונדל... די „אַכמעסטרינע“ (עופות־אויפזועהערין) וואָס איז באַוואוסט פאַר אַ גרויסע „בעל־סוד“, האָט דערציילט, אַז אַ סברה, אַז די „פּאַני“ אַליין האָט עס אים אַראָפּגעבראַכט... זי האָט אים ערגעץ־וואו דערזען — האָט זי געהייסן אָפּשאַפן דעם אַלטן לאַקיי און אים צונעמען... אָבער יוזיק אַליין איז געווען גאָט די נשמה שולדיק. ער האָט זיך חלילה ניט אָפּגעטיילט פון אַלעמען, אַף אַלע „וואַקאַרושקעס“ געווען און געטאַנצט, מיט יעדן, ווער ס׳איז געפעלן...

איז ער געווען, ווי אַלע מאָל, פריילאַך, האָט געטיילט פּאַפּיראָסן און גערעט מיט אַ ברייטע שטים:

— האַ? — הייסט טאַקע דער „פּאַן“ מאָשקע?... אַ וואונדערלאַכע זאַך כמעט אַלע אידן וואָס איך קאָן, הייסן מאָשקע...

משה איז געזעסן אַנטקעגן אים און געשמייכלט. דער „נייער“ איז אים שטאַרק געפעלן געווען. האָט ער גענומען פון זיין האַנט דעם לאַנגען, ווייסן פּאַפּיראָס און האָט פאַררויכערט... ער האָט גערויכערט פּיפּקענדיק, גערעט געציילטע ווערטער אין פויליש און האָט געפילט, אַז בפועל ממש, אַז אַזוי און נאָר אַזוי רעט מען פויליש...

— דעם „פּאַן“ דוכט זיך דאָס נאָר... נו, און דאָרט? באַ זיי? ניטאָ קיין נייס?

— מען גרייט זיך צו אַ באַל! — ענטפערט יוזיק באַטאָנט, — עס וועט זיין אַ גרויסער באַל... צונויפפאָרן זיך אַלע פריצים פון אַרום... פּאַן מאַדויעוויץ איז שוין געקומען... דער גראַף פון „טור“ אויך... אַ גרויסער באַל וועט זיין...

און משה שמייכלט. ער פאַרשטייט גאַנץ גוט, וואָס הייסט באַ זיי אַ באַל... זאָל דער „פּאַן“ נישט מיינען, אַז ער איז אַבי־ווער... אַ קאָמיסאַר געווען...

באַם אַלטן נאָך, אַהאָ, אַלץ געלעגן אין זיין האַנט... און פּיפּקענדיק דעם לאַנגען פּאַפּיראָס, רעט ער זיך געציילטע ווערטער אין פויליש, און פילט בעת מעשה, אַז אַזוי און נאָר אַזוי רעט מען פויליש:

— און פּאַן ראַזועצקי?... ער וועט אויך זיין?... —

— און ווי נאָך! — יוזיק לאַכט, נאָר שטיל, בכבוד׳יק.

און אַרום שטייען אַלע און קוקן. זיי געפעלט אויך, אַז מ׳רעט פויליש.... וואָס הייסט? און צום ווינקל צו, דאָרט באַם באַנק הערט מען אויך ווי ביידע ריידן... מען קוקט אַרויס צום טיש מיט העלע פינקלענדיגע אויגן, און איינע אַ בלאָנד שיקסל, בויגט זיך צו צו דער צווייטער און רוימט איר איין:

— נאַסטיע! דו הערסט? פאַן ראַדזעצקי וועט אויך זיין ...

— אַזוי? ... פאַן ראַדזעצקי אויך?! ... — נאַסטיע איז אַנטציקט. זי נעמט פּאָכן מיטן טיכל געשווינטער, ווערט נאָך רויטער און לאָזט אַראָפּ די אויגן צו דר׳ערד ...

— — — — — —

דערנאָך האָט מען ווידער אויפגעשפּילט.

יוזיק האָט דעס מאָל געטאַנצט מיט נאַסטיען.

ביידע זיינען זיי צוגעגאַנגען איינע צו די אַנדערע. האַנט אַף פּלייצע פאַרלייגט, עטלאַכע טריט אָפּגעמאָסטן, אַרומגענומען זיך און אַוועק איבערן שטוב ...

די פידל מיטן פלייט האָבן זיך אָפּגעפרישט מיט אַ נייעם ניגון. דינע קלאַנגען האָבן זיך געוויגט און געגליטשט איבערן שטוב. די פויק האָט זיך געריסן און דומף געברומט ... די פּאָרלאַך האָבן מיט די קנאַפּל צוגעקלאַפּט נאָכן טאַקט און באַגלייט מיט אָפּטע אויסגעשרייען.

נאַסטיע האָט זיך פעסט צוגעדריקט צו יוזיקן, געהאַלטן זיין ווייכע, וואַרימע האַנט, געאַטעמט מיט זיין הייסן אָטעם און אַראָמאַטנעם ריח, האָט האַלב צוגעמאַכט די אויגן און געדרייט זיך מיט אים איבערן שטוב ...

זיי האָבן זיך ביידע געפּילט אַזוי גרינג. לייכט איז געווען די פיס, ווי פריילאַך און לייכט ס׳איז געווען דאַן אפן האַרצן. נאַסטיע האָט געשוויגן, נאָר יוזיק האָט איר אַלעווייליע געמונטערט:

— נאַסטיענקע! ביזט פאַרמאַטערט? ..

— ניין, יוזיע.

— נו, און מאָרגן זאָל איך קומען צום בריק? ...

— ווי דו ווילסט, יוזיע ...

עפּעס וואָס פאַרשכורענדעס האָט זיך געטראָגן אַפילו פון ויין שטים ... אַף נאַסטיען האָט געטריפט די גוטסקייט פון זיינע קאַרע אויגן, ווי די טראָפּנס פון אַ מזל׳דיקן רעגן ...

עס איז געוואָרן נאָך הייסער. די פויק האָט זיך אומגעוואָרפן ווי אַ צערייצטע ... דאָס פלעמל פון לאָמפּ האָט געוויגט זיך און געציטערט ... דער שכור׳ער שייגעץ איז הייזעריק געוואָרן שרייענדיק און מיד געוואָרן טופּנדיק מיט די פיס. ער האָט גענומען אַניעלקען, די פּאָקאָיאָווע, און גענומען שלעפּן מיט זיך צום באַנק. אַניעלקע ה׳אָט זיך געווערט און געקוויטשעט. ער האָט זי אַרומגעכאַפּט פאַרן האַלדז און געצויגן צו זיך. זי ה׳אָט זיך אויסגעבויגן צו אים און אַ לייכטן פּאַטש געטאָן אים איבערן באַק ..

ה׳אָט ער זיך, דער שייגעץ, געוואָרפן צו איר מיט די פויסטן סטאַיטש! אים פּאַטשן?! אַזאַ און אַזאַ איז דאָס!

נאָר שרה׳קע איז געשטאַנען צווישן זייביידן און האָט זיי פונאַנדערגעטייל׳ט מיט די הענט. זי האָט אים געמוסר׳ט:

— פּע, באַליישיס! פון דיר האָב איך זיך ניט גערעכנט .. דו זאָלסט זיין שכור? ...

— איך בין שכור ? ··· איך – שכור ? — זיין צונג האָט זיך מאָדנע געפּלאָנטערט· און וויגנדיק זיך, איז ער צוגעטראָטן נענטער צו שרה׳קען· און געשאָקלט צו איר מיטן קאָפּ און מיט אַלע אברים ! אַדרבה· זאָל זי זאָגן אַליין, ווער עס איז שכור ···

דערווייל האָט מען טאנצן אויפגעהערט און מ׳האָט זיי אַלעמען אַרומגערינגעלט·

— וואָס איז דאָ פאַר אַ געשיכטע ? — האָט יוזיע געפרעגט·

שרה׳קע האָט אים דערציילט: אַ שרעקלאַכע געשיכטע האָט געטראָפן ··· זעהר אַ שרעקלאַכע: באַליישיס האָט אַן איבעריקן טראָפּן גענומען ··· האָט עס אים פאַרשאַדט·

— פאַר אַזאַ פאַרברעכן· — האָט יוזיע אויסגערופן, — מוז מען באַליישיסן פאַר׳משפט׳ן, ער זאָל שטעלן אַ האלב טוץ ביר ··· ביזט צופרידן, באַליישיס ?

באַליישיס האָט זיי ביידן אַרומגעכאַפּט :

— טפו ! אָט דאָס איז באַ מיר אַ האלב טוץ ביר ··· איך ··· איך ···

ער האָט גענומען שלעפּן פון קעשענע געלט און וואַרפן ···

— אָט באַצאָל איך ··· באַ מיר איז ניטאָ ־ ניט באַצאָלן ··· איך ··· איך ···

און ווידער האָט ער זיך פאַראיקעט ··· און אין גאנצן הייזעריק, איז ער ניט אָפּגעשטאַנען· געקראָכן מיט די הענט און געשטעקט דעם קאָפּ און געטענה׳ט :

— איך ··· איך ···

עס איז מאָדנע פריילאַך געווען· און געדוכט האָט זיך עפּעס יעדן איינציקן· אַז ער האָט אַן איבעריקן טראָפּן גענומען ··· געוואָלט האָט זיך לאַכן· לאַכן און אַזוי ווי באַליישיס טענה׳נען טר־תם־אַזוי· גוטמוטיק און פלאָנטערנדיק מיטן צונג :

— איך ··· איך ···

און די שוואַרצע אויגן פון שרה׳קען מיט די קאַרע אויגן פון יוזיען האָבן זיך באַגעגנט· און ס׳האָט זיך געדוכט· פונקט ווי אויך זיי וואָלטן געלאכט, גערעט און גע׳טענה׳ט איינע צו די אַנדערע :

— איך ··· איך ···

(סוף קומט).



י' קולטשיק.

# פון ציקל „וועלט".

שטאָט פון מיינע פארוועלקטע ניט דער־
בליטע חלומות!
ביי דיין פאַרגליווערטן מארמאָר־האַפן
בלאָנדזשעט אום מיין אומרו
און פארוויגט מיט מאמע ליד, מיין נאָך
נישט געבאָרן קינד...
אף די צעווילדעוועטע שווארצע גאסן
דיינע,
אַף די צע׳שרפה׳טע חורבות באנאכטיקע
טראָג איך אום דיינע בעטלער־בגדים, און
באווייז דיין נאקעט...

באווייז דיין ערוה,
ווי ס׳באווייזט דער הונגעריקער קלאָאון
אף די ברעטער פון צירק
זיין אָנגעקאלכטע ווייסע צורה...
פונם חושך קוקט ארויס
מיין גרייז־גראָער פאָטער, און זעט
ווי די ברי׳ער און קינדער זיינע פאר־
זויפן אין שכור־טאַנץ זייער לעצט אָרעם־
סעודה.

די ירושה פון א דור —
אפן לויכט־טורם פון האפן דיינעם
רוט מיין אומרו.
וואָס האָט צעצונדן טויזנט־פלאַמיקע
לאמטערנעס

און געזעגלט דיינע שיפן,
אויפגעשטורמט דיינע טיפן,
און פאַרוויגט מיט מאמע־ליד, מיין נאָך
נישט געבאָרן קינד...

ווילקאָמיר.

לייב גליצמאַן.

* * *

כ׳בין פריי.
וואנדער־ווינטיש בין איך אָן א ציל.
הערסט, שווארצע, ס׳צאפלט זיך מיין
אכצעניאָריק אומרו,
הערסט — כ׳בין פריי, כ׳טו, וואָס כ׳וויל:
היינט פארהייליק איך דיין אויגן־מילדקייט,
מאָרגן, אויגן פיבער שווארצע, זונה־
פלאַמיק.
רויבן וועלן שוין מיין נאכטיש רו...
און וועסט מיין יוגנט־ווילדקייט וועלן
צאַמען —

כ׳וועל פון דיר אנטלויפן!
כ׳וועל צובייסן טורמע־גראטן
און אַנטלויפן.
וועל איך לויפן נאקעט־הויל
נאקעט־הויל צו א ווייטן גאָלדערנעם
באגינען,
און וואו אַ חורבה־בארג איך וועל גע־
פינען,
שטעלן וועל איך זיך און פון אַ האָרן
רופן!

— איר הערט, וועלטן?
— איר הערט, ווייטן?
מיר איז איצט אכצען יאָר! — — —
ס׳בליט מיין וואנדערוויגטיש יוגנט!
כ׳בין נאקעט־פריי!
כ׳ווייס ניט מיט וואָס צודעקן מיין הוילן
אומרו־לייב! — — — — —

פאָנעוועזש 1922

ה׳ ראַסקעס

# דער לבוש

דראַמאַטישע לעגענדע אין 1 אקט. (המשך).

אלטער (צום משוגענעם) שווײַג׳ שרעק ניט מיט דײַן קול (צום יונגן) און געזאָגט איז געוואָרן צום בן אדם אין יענעם פרימאָרגן, דורך שטורם׳ פייער און ווינט׳ — נעם דעם לבוש׳ היט אים און לאָז קיין פגימה אַף אים ניט פאַלן׳ און רוה וועסטו פאַר זיך געפינען׳ און רוה וועסטו געפינען פאַר דיין מוטער ערד.

— נעשה ונשמע — האָט געקלונגען דער ענטפער פון מענשן. לײַכט־זיניק האָט ער צוגעזאָגט, ווי לייכטזיניק ער פלעגט פאַרשוועכן...

משוגע׳נער: (צום אַלטן) דערציילט, דערציילט׳ איטשע גבאי ווייס ניט ניט קיין זאַך פון דיינע יריעות... ער קלייבט, ער זאַמלט... ווער לאָזט אים ניט? שרייט] איציקל גבאי׳ קום אַהער, דער אַלטער האָט יריעות, טאָ קויף זיי אַפּן אַרשין׳ און נאַר אים טאַקי אָפּ...

יונגער: און ער האָט זיי באַלד פאַרשוועכט?... זיי זיינען דאָך שייניקע געוועזן׳ מן הסתם בלאַסע, ווייסע... אַ שאָד...

אלטער: ניין, ניט באַלד. ווען דער מענש האָט דערפילט איבער זיך די ליכטיגקייט פון לבוש׳ ווען די העל־געטליכע יריעות האָבן איבער זײַן קאָפּ גע־שירמט, איז ער געוואָרן שטיל, ווי די נאַכט׳ אונטערטעניג׳ ווי דער קנעכט, קיין בייזעס האָט ער ניט געקלערט און קיין געוואַלטזאַמעס האָט זיין האַנט ניט געטאָן... באַצויבערט און פאַר׳כישופ׳ט האָט ער זיך געבוקט צום לבוש און צו זיין שעפער.

משוגע׳נער: ווער בוקט זיך׳ איטשע גבאי, אַ ודאי ס׳לוינט דאָך... ער פאַלט דאָך כורעים יום־כפור׳ שלאָגט זיך על חטא... אַזוי שטאַרק, האַרט, אַז עס קלינגט פון אינעווייניק... און איך זאָג צו אים: ר׳ איטשע׳ כ׳האָב קינדער׳ אַ בטלן האָט קינדער, פרנסה גיב זיי, צו פאַרדינען׳ לאַכט ער פון מיר... ער וויל ניט, וויל איך אויך ניט...

[פלוצלונג]

ווי פאַר׳סמ׳טע לויפן זיי, הילף זוכן זיי, קענסטו זיי געבן?

אלטער (דערשראָקן) וואָס האָט געשען? (באַרואיקט זיך און הויבט ווידער אָן) ניט לאַנג האָט איר פרייד געדויערט. פון אויסן האָט די דריטע יריעה׳ אהבה, געשיינט און פאַרקוקט האָט זיך דער מענש אין איר׳ און אַ באַגער אַ ווילד־שטאַרקער האָט אים אַרומגענומען׳ זיין האַרץ איז ברייט, ווי דער ים געוואָרן און זיינע געפילן האָבן זיך, ווי די ווילדע כוואַליעס צוגאָסן. און פאַר׳כישופ׳ט פון דעם זונען־ליכט פון דער יריעה האָט ער זיך פאַרגעסן, און פאַר׳מאוס׳ט האָט ער דעם כח היצירה, און פאַרלייגט האָט ער דעם כח הפועל, וואָס פליסט אין אים׳ און פאַרוואָרפן האָט ער דעם כח הרבוי׳ וואָס טראָגט זיך אין די פאַלבן פון דער יריעה... און געווענדעט האָט ער זיין דרײַסטע האַנט צו דער יריעה, ווענ־דיק זיך אומקערן דעם קראַפט פון גלאַנץ פון אירע שטראַלן׳ און מיט העזה

האָט עֵר איר אָנגעָהויבּן פליקן... נאָר אומזיסט׳ צעָריסן איז געָוואָרן די יריעה׳ מיט קיין אהבה האָט זי אים ניט באַלוינט מעָר און אַף זמה האָט איר דעָר מעַנש פאַרביטן...

(עָס עָפנט זיך אויף די טיר און עָס לויפט אַריין אַ מיידל, איר געָזיכט איז ווילד, צושראָקן; די קליידעָר עָרטעָרווייז צעָריסן׳ די האָר פונאַנדעָרגעָוואָרפן)

מיידל (אַטעָמט שווער) ס׳איז דאָ פינסטעָר, קיינעָר וועָט מיר ניט זעָן... ניט מיר, ניט מיין שאַנד. . (לויפט צום פענסטעָר) שאַ, זיי גייעָן׳ זיי לויפן׳ צו מיר׳ צו מיר... העָלפט מיר׳ ראַטעָוועָט !...

אלטער: וואָס שרייסטו טאָכטעָר ?

משוגע׳נער: אַז מעָן שרייט טוט ווי׳ מן הסתם... אויך דו שוועָסטעָרל׳ האָסט מורא, פאַר זיי׳ פאַר דעָר גאַס...

מיידל (צעָוויינט זיך) לאָזט ג יר זיך פאַרבאַהאַלטן (האַלט איין דעָם קאָפּ אין ארון קדש) מאַך מיט מיר אלמעָכטיקעָר אַ סוף׳ נעָם מיך צו דיך... איך בּין אינגאַנצן פאַרפעָסטעָט... דריי זיינעָן זיי געָוועָן׳ דריי (צום אָרון שרייט) דוּ, וואָס דוּ בּינסט דאָרטן, קוק אַראָפּ... זע זייעָרעָ מעשים... אויב דו בינסט דו, טאָ זיי זיך נוקם... טאָ אַנטפּיעָק זיך... טאָ רוף זיך אָפּ... (שטיל בּעָטעָנד) זאָג מיר, אַז ס׳איז גאָרניט, אַ צופאַל׳ שאַ׳ ס׳איז ניט געָוועָזן אינגאַנצן, זאָג שוין׳ לאָז דיך העָרן... איך בּין דאָך, ווי פריהעָר... ווי פריהעָר...

אלטער: וויין ניט׳ קינד׳ וויין ניט׳ טאָכטעָר... אַלץ וועָרט באַצאָלט... אַף אַלץ גיט עָר אַ תשובה...

משוגענער: גלויב ניט שוועָסטעָר... עָפן אויף דעָם אָרון׳ עָר איז אָבּעָר פוסט, ספרי תורות׳ ספרי תורות, אָבעָר איציקל גבאי מיט זיין ווייב האָט זיי דאָך געָלאָזט שרייבּן... מעָן הערט דיך ניט׳ דאָרט שלאָפט מעָן... די תפלות און בקשות האָבּן זיך איינגעָשלעָפעָרט... שילט׳ רוף אים׳ און וואַרף אים דעָם גט אין צורה...

מיידל... אַ מדבר... אַ וויסטעָ... אָבעָר פאַרפאַלן׳ אַנ׳אַראָפגעָפאַלענעָ בלאַט... דריי׳ דריי זיינען זיי געָוועזן... און מעָן לאַכט׳ אַ שמחה... (וויינט הויך׳ זיך ווינגדיק)

יונגער (גייט צו איר צו׳ גלעָט איר׳ אַ דעָרשראָקענעָ כאַפּט זי זיך אויף) דו וויינסט, דאָרט אַפן גאַס איז אַ מורא, אַ שרעָק, גיי ניט אַהין, וויין ניט, זיי בּיי אונז און העָר דעָם זיידן, עָר דערציילט דאָך שיינעָ מעשה׳לעָך׳ שיינעָ מעשה׳לעָך. (פירט איר צו צום אַלטן) דעָרצייל זיידעָ׳ לאָז זי אויך העָרן, וועָט איר שרעָק פאַרגיין.

אלטער: צעָריסן איז געָוואָרן איבּעָר אים די דריטעָ יריעה און טרויעָריק טרייסטעָנד האָט געָשיינט די צווייטעָ – ברידעָרשאַפט. און פאַרוויגט האָבּן אירעָ שטראַלן דעָם מעָנשן, פאַרשלעָפעָרט זיין בייזן גייסט און אַ נאָנט־שאַפט און אַ בּיינקעָניש אין זיין האַרץ אַריינגעָבראַכט. – און בּיינקעָנדיק נאָך דעָר צעָריסעָנעָר אהבה האָט עָר זיך אָן דעָר אחוה אָנגעָכאַפּט... און געָבּוקט האָט עָר זיך צו זיין ברודעָר, נאָנט געָוואָרן איז עָר צו אים, און שטיל איז געָוועָן אין דעָר וועָלט. קיין קריג־געָשריי האָט זיך ניט געָהעָרט׳ קיין שפּור פון גרעָניצן האָט זיך ניט געָזעָן... און איינער זיינעָן אַלעָ געָוועָן, און אַלעָ זיינען

איינער געוועזן...

יונגער: זיינען דאָך די איבעריקע צוויי יריעות אויך שטאַרק געווען. אפשר געווען פאַרן מענשן?

אַלטער: ניט אף לאַנג האָבן אים געשטילט די בליין־פאַר׳חלום׳טע שטראַלן פון דער צווייטער יריעה.. די צעריסענע גוילין פון דער ערשטער האָבן זייערס געמאָנט, און דערפילט האָט דער בן־אדם, אַז עס פעלן אים די פייער־שטאַרקע שטראַלן פון דער אהבה, און דערזען האָט ער, אַז זיין כח היצירה איז פאַרמינערט געוואָרן, אין איינזאַם האָט ער זיך געפילט אין קבוץ. און פאַר׳יתום׳ט האָט ער זיך געזען אין דער איינזאַמקייט... און זיך אָפּצוטיילן האָט ער פאַר־גלוסט. און מחיצות האָט ער אָנגעהויבן שטעלן צווישן זיך און זיין ברודער, אף כתות האָט ער זיך צעוואָרפן. מיט מאָסן און וואָגן האָט ער אַלץ געמאָסטן און גרעניצן צו אַלץ האָט זיין גייציקער שכל געשטעלט... און דער חשק צו האָבן איז געוואַקסן, דער גלוסט צו באַהערשן האָט זיך געגרעסערט, פאַרשפרייטן און מעטום האָט ער געשטרעבט און קריגערייען האָט ער אַרויסגערופן... כלי מחבלים האָט ער ערפונדן. און וואָלקנס רויך פון פאַרצערנדן פייער האָט ער אין די הויכן געלאָזן און אַ דאַמף פון רויטן בלוט האָט ער געשיקט צו די הימלען און מיט אַ דונער־טומל האָט ער עס באַגלייט. און דערגאַנגען זיינען די וואָלקנס אין בלוט־דאַמפן צו דער צווייטער יריעה און צושפּאָלטן איז זי געוואָרן, ווי די ערשטע...

ערשטער איד (לויפט אַריין) העלפט מיר! העלפט מיר! אַלע קראָמען פולע, אָנגעפּראָפּטע, מאַגאַזינען באַלאָדן מיט סחורה. מ׳דאַרף זיי אַרויספירן פון דאַנען, די רשעים נעמען דאָך אַלץ צו... האָב איך קיין פערד, קיין פור קען איך פאַר געלט ניט קריגן. און נחום, ימח שמו שמייכלט און לאַכט, אַפילו זיין פערדל וויל ער ניט געבן. וואָס טוט מען? אַ גאַנצן לעבן געהאָרעוועט אַזאַ פאַרמעגן.. סחורה פין אַלע עקן וועלט.. (לויפט צום אָרון קדש) רבונו של עולם. העלף באַווייז דיין ישועה! אַף צו להכעיס די שונאים, נחום׳ען ימח שמו. ער לאַכט... העלף, גאָטעניו, העלף!

משוגענער: ווער איז דאָרטן.. אַ, איטשע גבאי... דו דאַוונסט, דו בעטסט.. דו האָסט אויך מורא.. גוט קלאַפּ אין אָרון קדש, דיין אָרון, דיינע ספרים... אָבער מען הערט איצטער ניט... סחורה, כאַ־כאַ־כאַ, אַרויספירן וויל ער, ראַטעווען. און פאַר מיר? זע מיינע בגדים. און זי (ווייזט אַף דער מיידל) נעבאַך אַלץ צעריסן אַף איר... ניין ר׳ איטשע, וועסט איבערלאָזן, אָפּשטעלן.. אַזעלכע מאַגאַזינען, סקלאַדן, קראָמען...

ערשטער איד: אַוועק, משוגע׳נער, אַוועק! (שרייט) העלפט מיר, מיין פאַרמעגן ראַטעווען!.. אַלמעכטיקער, באַווייז דיינע נסים, באַווייז! (עס דערטראָגן זיך שיסערייען פון גאַס) מען שיסט, באַלד קומען זיי. טאָ באַווייז דיין גבורה, כ׳וויל פורן, כ׳וויל אַלץ פאַרפּאַקן (הויך) פורן, גיט מיר, פורן... נחום ימח שמו..

יונגער: וואָס שרייט ער, וועמען שילט ער?

אַלטער: זיין ברודער שילט ער, נחום׳ען. ער האָט נחום׳ען באַ׳עולה׳ט אין דער ירושה, אַלץ פאַר זיך צוגענומען..

ערשטער איד: ר׳ יאָשעָ, העלף מיר... וואָס שווייגסט דו, עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, עס וועט שוין באַלד טאָגן... מיינע סחורה... פאַרפאַלן, פאַרלאָרן. (לויפט אַרויס)

משוגע׳נער: איטשע גבאי איז צוטומלט, דערשראָקן... ווער מאַכט דאָס אַלץ... גוט געטאָן, אַ ברכה אַף זיי...

אַלטער: אַנטבלויזט אין געוואָרן די צווייטע יריעה און אַראָפּגעשיינט אַף דער ערד האָט די יריעה־געזעץ מיט אירע רואיק־קאַלטע שטראַלן, וועלכע פאַלן אין אָרדנונג און סדר. און אין דעם אונאָרדנונג האָבן זיי אַ סדר געמאַכט, און אייַנגעשטילט האָבן זיי די צייַנקריַיען, און אין זייטן האָט זיך דער מענש צעזעצט, פאַרשלאָסן האָט ער זיך, געהיט זיין מאָס און וואָג, זיין אָרט און כּתה... און האַרטע שטראָפן האָט ער אויסגעקלערט, און מיט שווערע התחיבות׳ן האָט ער זיך באַלאָדן... נאָר צו שוואַך איז זיין גייסט געווען, און ניט אָפּהיטן האָט ער געקענט די האַרבע מצוות... און צעבראָכן האָט ער אלע גרענ־ניצן, געדורשט האָט ער נאָך אַלץ, מקנא איז ער געווען זיין נאָנטן און פאַרגינען האָט ער ניט געקענט זיין פריינט. און מיט די פּויסטן האָט ער זיך געוואָרפן אַף אים, פאַרקנעכטן האָט ער אַלץ געוואָלט, און צו הילף האָט ער געצויגן פון די הויכן די ערשטע יריעה... און מיט זיינע פאַלשע ■ענט האָט ער די געזעץ־יריעה אויפגעכאַפּט, און אויסגענוצט האָט ער נאָר להנאתו ולטובתו... און צעריסן האָט ער מיט זיינע זינדיק־רויבערישע מעשים די ערשטע יריעה, וואָס אַ רוהיק־שטילע וואַרימקייט האָט זיך פון איר געגאָסן...

צווייטער איד (לויפט אַריין) מיינע גרויסע אַרבעט... לאַנגע יאָרן... אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, אַלץ איבערלאָזן דאָ די רוצחים און אַנטלויפן... אַנטלויפן פון דער מגפה... און מאָרגן וועלן שוין ניט רויכערן מיינע קוימענס, און מאָרגן וועלן שוין ניט רוישן מיינע מאַשינען, און מאָרגן וועט שוין ניט פאַרקויפט ווערן מיין סחורה... גיט אַן עצה, גיט! זאָגט, וואָס טוט מען... רייסן די בנינים פון פונדאַמענט... ווי קען מען דאָס איבערלאָזן?... א גאַנצן לעבן געאַרבעט אַף זיי...

יונגער: וואָס באַקלאָגט ער?

אַלטער: זיינע פאַבריקן.

יונגער: וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

אַלטער: זיין פאַרמעגן... דאָס זיינען בנינים, גרויסע הויכע, וואו טויזנטער מענשן באַשאַפן שנעל און גיך אַלץ, וואָס דעם מענש פאַרגלוסט זיך.

יונגער: איך וואָלט געקענט אויפבויען אַזאַ בנין!

אַלטער: קינד, דאָס איז אַ גרויסער בנין, טויזנטער מענשן דאַרפן האָרעווען אַף אים.

יונגער: איינער אָבער קען עס ניט אויפבויען?

אַלטער: ניין!

יונגער: אַזוי, זאָגט ער, דאָך א ליגן דער איד... ווי האָט ער עס אַליין געבויט?...

צווייטער איד (רעדט ווייטער) געאַרבעט אַ גאַנצן לעבן... אַ שטאנד, אַנ־עשירות, נעמט מען פון דיר צו... שלעכט איז דער מענש, ער איז נאָך אַ אַכזר. וואָס טוט מען? אפשר דאַווגען (הויבט אויף די הענט הויך) רבונו של עולם, העלף מיר אַרויס, נעמט ניט צו פון מיר מיין פאַרמעגן... אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן גיב איך אַף צדקה. העלף־ושע, דו כל יכול... ענטפער, ענטפער, עס טאָגט שוין באַלד... (די קלעפ אַפן גאַס שטאַרקן זיך) זיי גייען, פאַרטרייב זיי, פאַרטיליג זיי...

משוגע'נער: און אַלע זיינען פרום געוואָרן, און אַלע בעטן... נדבות גיט ער... אָבער וועמען? קיינער דאַרף שוין ניט. (צום צווייטן איד) לויף, לויף, מ'גייט שוין אַף דיר, אַנטלויף, כ'האָב דיר פיינט! (הויבט אויף די פויסטן, דער צווייטער איד לויפט אַרויס)

יונגער (קלערנדיק) און וואָס איז געוואָרן מיט'ן לבוש?

אלטער: בלויז און נאַקעט איז געבליבן די ערד און אין טיפן שויס פון דער יצירה פלעגט זי קלאָגן און וויינען, און אירע ברידער און פריינט, די יענע גייסטער און וועלטן, וועלכע האָבן איר געקענט פון דער יוגנט, ווען זיי האָבן זיך צוזאַמען לוסטיק געמאַכט אין דעם ליכטיקן לויף פון דער בריאה, זיי, וועלכע האָבן נאָך געדיינקט די ערד אין דעם טאָג, ווען זי איז פון זיין האַנט אַרויס און פון דער גאַנצער חבורה גלאַנצענדע ליכטיקע שטערנס איז זי אַוועק אין די וויטקייטן צו דינען דעם רצון פון בורא, די דאָזיקע שטערנס האָבן געאיילט צו צו שטראָפן דעם זינדיקן מענש... און פאַרטונקלט האָבן זיי זייער ליכט, פאַרפעסטעט האָבן זיי זייער גערוך, און מיט אַ טיפע פינסטערניש האָבן זיי דעם מענשן באַדראָט, און מיט אַ שטיקנדן ריח האָבן זיי אים פאַר'סמ'ט. — דער־שראָקן האָט ער זיך פאַרן חשך, שטיקן האָט אים אָנגעהויבן די סביבה און פאַרריכטן האָט ער געוואָלט זיין טאַט, פאַרפילן האָט ער געוואָלט די טיפע קריעות און געוואַלד־ריסן פון די יריעות...

מיידל (וועלכע איז ביז איצט געזעסן רוהיק, כאַפט זיך אויף) וואו בין איך? דאָרט אויפ'ן בוידעם... ס'איז פינסטער... ווער לויפט דאָ אַרום?... אַ (דערמאָנט זיך) ס'איז געווען שטיל... אפשר איז ניט געווען... זיידעניו, אַלטינקער, זאָג ס'איז ניט געווען... אַ חלום, יע אַ חלום.

אלטער: זיי רוהיג, טאָכטער, אַלץ גייט אַוועק, אָבער אַלץ וועט באַקומען אַ תיקון...

מיידל: אַ תיקון... (צעוויינט זיך אויפ'ן קול, איר קערפער שאָקלט זיך נערוועז) דערציייל זשע ווייטער, רעד, דו שלעפערסט איין... ס'ווערט מיר עפעס אינווייניג שטילער...

אלטער: און געוואָלט האָט דער מענש די יריעות מתקן צו זיין, פאַר־גאנצן די קריעות... און איינע צו די אַנדערע האָט ער אָנגעהויבן מחבר צו זיין, און מיטלען פאַרשידענע האָט ער געזוכט און געשטיקט האָט ער אין זיך זיין בייזקייט... און יעדערער האָט זיין לאַטע געבראַכט, יעדערער האָט אַ מיטל פאָרגעלייגט, און יעדערער האָט נאָך זיין וועג דעם לבוש געוואָלט פאַרריכטן... שווער איז געווען דעם מענשנס אַרבעט ווען איין יריעה פלעגט מחבר ווערן, פלעגט די אַנדערע זיך צוגיין, און ווען די אַנדערע פלעגט גאַנץ ווערן, פלעגט

די דריטע פלאַצן, װייל די לאַטעס זיינען דאָך ניט מעהר װי לאַטעס ··· לאַנג האָט דער מענש געאַרבעט, דעם שכל צו הילף גערופן, די האַרץ אַן עצה געפרעגט און געלונגען איז אים צום סוף דעם לבוש גאַנץ צו מאכן ··· און רוהיגער איז געװאָרן אויף דער ערד, די צוזאַמענגענייטע יריעות האָבן װי ס׳איז געשיצט ··· נאָר בלייך איז געװען זייער ליכט, און אַן אומעט אַ גרויסן האָבן זיי געזייט אין דער װעלט, און אַ צער אַ טיפן האָבן זיי פאַרשפּרייט און יסורים שװערע האָבן מיט זיך געבראַכט די האַלב־לעבעדיקע שטראַלן פון די יריעות, װייל אַ גרויסע פגימה איז געװען אין זיי ···

דער טומל אויפן גאַס װאַקסט אַלץ, ס׳הערן זיך קללות, געשרייען, פייפן פון כייטשן, גאַלאָפּ פון פערד, קרעכצן פון רעדער. דורך די פענסטער קוקט אַ געדיכטער חשך, װאָס װערט צייטענװייז איבערגעריסן פון פלאַמען פייער, װעלכע צעפלאַקערן זיך אין דער שרפה פון די װייטע בנינים, ס׳לויפט אַריין אַ דריטער איד, פאַרמאַטערט, פאַרשװיצט.

(סוף קומט).

## א׳ גאָלדבלאַט.

# שפּריצן.

* * *

קוקסט זיך אויסעט דיינע אויגן,
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן ···

ס׳פּ־ליען רגע׳ס פייל פון בויגן,
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן ···

צי זיי טויגן? צי זיי טויגן?
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן ···

א מאך מיט האנט און און אויסגעשפייגן,
ניט געשטויגן, ניט געפלויגן ···

* * *

מיר האָט זיך געטרויערט א טרויער,
ניט א שװאַרצער, ניט אַ גרויער,
נאָר א בלויער.

און גלייך איבער א גרויס פארמעגן
כ׳בין געלעגן
און געהיט פון בייזע אויגן.

נאָר ניט געװען איז איינצוהיטן
און אין מיטן
מיט א גרויסן פלעק, א שװארצן
כ׳טראָג עם אום איצט אין מיין האַרצן ···

* * *

אין געיעג פון די טעג,
אין געפּעכט פון די נעכט
כ׳האָב פארשװענדט מיין פארמעג,
האָב מיין שכינה פאַרשװעכט ···
אינדערמיט פונ׳ם װעג
ניט צו זען נאָך קיין ברעג
מיד פון געפּעכט
כ׳צולאָז דעם געפלעכט ···

יוסף גאָטפאַרשטיין

# פּאַרטאָג.

קריכט ארויס פון ערגיץ וואו
א מענש מיט בלויען קאָפּ און גרויע קליידונג
— ל־אנגער שנאָבל פון דער נאכט.
קריכט ער ל־אנגזאם איבער בערג
און שלענגלט אויס א בלוי־מאָטיוו,
ווי עס בײנקען אין די טאָלן טיפע קארליקעס נאָך הויכע זעאונג.
טרעט ער לאַנגזאם איבער פעלדער,
טרעט מיט לאנגע פיס מיט ויינע אף נאכטישע פארלעגענישן
פון די שוואנגערע באוויבטע טיף־ערד שפּראָצונגען
און שלענגלט אויס א גרין־מאָטיוו,
ווי עס פרזכפערן זיך אין פארמערונג זעטענישן אין די פעלדער.
קוקט ער אויס מיט אויגן דורכזיכטיקע גלעזערנע
אף ווייסע געלע חלב־האָריזאָנטן,
וואו עס טראכט זיך אויס א בייזע, חלב׳נע מחשבה.
קומט ער אויסגעצויגן צו מײן פענסטער
פינגערט אויס מיט ל־אנגע טויטע פינגער:
קל־יפּ־קל־אפּ־קלאָפּ,
אזש עס נעמען ציטערן די וואָרצלען פון מײן קאָפּ,
טרייסלען זיך די קנעכלעך פון די פיס
און מײן קערפער ווערט פון ווייס אף גרינלעך־בלוי פארביטן.
טו איך אָן מײן וואָכיקן סורדוט,
עפן איך מעכאניש פון מײן חדר׳ל די טיר
און איך לאָז זיך נאָך אים פירן,
ווי א בלינדער נאָך זײן אינגל.
גיי איך — ווי מען מיינט דאָס גאָרניט מיר.
גיי איך — ווי ניט ער וואָלט זײן מײַן פירער
גיי איך —
ביז זײן בלויער קאָפּ צוגייט,
און זײן גרויע קליידונג שפּיר איך אף מײן לייב.
און איך הער דאן,
ווי די קארליקעס פון טיפע טאָלן
פייפן אויס, ווי בײנקענדיקע
א מאָטיוו פון הויכע זעאונג.

קאָוונע. 10—9—22.

שמואל פּערסאָוו.

# שעֶרבלאַך.

(ס ו ף)

2.

אַף בּרײטעֶ און צופאָרעֶנעֶ שליאַכן, אַף פּראָסטיק שנײאיקע און ווײט לױ־פנדיקעֶ, אָט דאָרט, וואו אַ ווינט לױפט אַרום פאַרהאַוועֶט און צודולט ווי אַ מי־טעֶלעֶר סוחר פונם ניט לאַנג פאַרגאַנגענעֶם עבר, האָבּן פלוצלונג און פון העֶכעֶר הױט זיך אַױפגעֶהעֶרט אײנגאַנצן די פורן צו ווײזן: אָט די פורן, וואָס זײנעֶן מיט שווערע און בּײכיקעֶ זעֶקלאַך תבואה אַ שטיק האַרבּסט און אַ שטיק ווינטעֶר דאָ, אַפן שליאַך, פון דאָרף צום כרך זיך געֶצויגן, אַזש בּיזן רעֶכטן בּאַן־סטאַנציעֶ, זײנעֶן טאַקעֶ דאָ, אַפן בּאַן־סטאַנציעֶ, רויטעֶ סחורה־וואַגאָנעֶס מיט אָפעֶנעֶ מײלעֶר געֶשטאַנעֶן, געֶוואַרט גאַנץ אומזיסט אַף זעֶקלאַך תבואה און געֶפילט זיך עַפּיס מאָדנעֶ פוסט און פּאַס.

איז גינזבורגס פארקהלשטעֶ צווײ־שטאָקיקעֶ געֶבּײדעֶ מיטן געֶשניצטן און געֶ־הױבּעֶנעֶם גאַנעֶק און מיטן פלאַטעֶרדיקן סחורה קומאַטש מיט אַמאָל פאַרדעֶכטיק געוואָרן און האָט אַוועֶקגעֶשיקט אין דאָרף אַרײַן עטלאַכעֶ פעֶלעֶנעֶ רעֶקלאַך מיט געֶלעֶ און שווערעֶ נאַגאַן שײדלאַך בּאַ דער זײט. זײנעֶן אָבּער אָט די רעֶקלאַך מיט אַמאָל און אונעֶרוואַרטעֶט נעֶלם געֶוואָרן, בּיז וואַנעֶן א פאָרבּײגײער און אַ פארבּײפאָרעֶר האָט עֶרגיץ וואו אין אַ טאָל אָן אַ צושאָסעֶנעֶם און צוגעֶדעֶקטן גוף זיך אָנגעֶשטויסן.

אַ שאַרפעֶ און פאַרבּיסעֶנעֶ רציחה האָט זיך אין סביבה אַלץ מער און מער געֶשטאַרקט; און די אַרומיקעֶ בּרויט־געֶבּעֶרישעֶ און שוואַרץ־עֶרדיקעֶ דאָרף האָט זיך סוף כל סוף אַין שווערע פעֶלצן בּאַפעלצט, אײנגעֶוויקלט זיך אין הײמישעֶ און בּעל־הבּית׳ישעֶ וואָליקעֶס און געֶלאָזן זיך אַצעֶהיצטעֶ אכזריות׳דיקעֶ אַפן כרך. אַ צאַפּל געֶטאָן האָט זיך דער כרך, געֶוואָרן עֶפּיס שטארק מבולבל און אויפגעֶ־העֶרט אין די גאַסן זיך ווײזן, אַזוי ארום, אַז בּאַלד נאָך אכט האָט קײן לעבּעֶ־דיקעֶר נפש טיר און טויעֶר שוין ניט פארלאָזן און מיט אַן אָנגעֶשטרײנגטן פּנים אַזוי ווי בּאַ אַ טויבּלאַכן צו יעֶדן שארך זיך צוגעֶהעֶרט.

האָט גינזבּו׳גס צווײ־שטאָקיק־פאר׳קהל׳שטעֶ געֶבּײדעֶ אַף די פאַרקאַנעֶס מודעות צוקלעֶפּט, מודעות מיט שאַרפעֶ און בּולטעֶ אותיות אַף געֶלן פּאַק־פּאַפּיר, וואָס האָבּן אין גאַס אַרײן דאָס אויעֶר געֶגרײצט. און דאָ אינם גרויסן און צעֶוואָרפעֶנעֶם תּפיסה־הויף, האָט מעֶן צווײ גרויסעֶ און געֶלעֶ עֶלעֶקטרישעֶ לאָמפּן אויפגעֶהאַנגעֶן, וואָס האָבּן אין יעֶדן פאַרוואָרפן ווינקל ה״ל און ליכטיק געֶמאָסט געֶשײנט אַף דער גאַנצעֶר סביבה און צוגעֶגעֶבּן, אָט דעֶר שטײנעֶרנעֶר און פאַרצוימטעֶר געֶבּײדעֶ אַן אויסזעֶן פון אַ געֶהויבּעֶנעֶר און פעֶסטעֶר דאמף־מיל, וועלכעֶ וואַרפט אַרויס פון זיך הונדעֶרטעֶר און הונדעֶרטעֶר פּוד מעֶל.

געֶפעֶלט ניט מיטלמאַנעֶן אָט די גאַנצעֶ מעשה. בּכלל האָט אים שוין דעֶרעֶסן דאָס צאַפּלדיקעֶ און כסדר׳דיקעֶ אָנגעֶשטרײנגטקײט; אָט דאָס שטעֶנדיקעֶ וואַרטן, אַז ווען ניט ווען וועט זיך דאָך פּאָרט איבּעֶרן לאַנגן און צוגעֶנעֶצטן קאָ־רידאָר קול דערהעֶרן, אַ צוצויגעֶנר אָנזאָג אַז מ׳רופט אים, מיטלמאַנעֶן, אַהין

אין דער פאַר׳קהל׳שטער געביידע, וואו מ׳וועט זיינע טענורת אויסהערן, אין פּראָטאָקל ביז יעדן וואָרט פאַרשרייבן און סוף כל סוף זאָגן אים איין וואָרט:

— גיי!

האָט ער זיך דערווייל אַף יעדן שומר געוואָרפן, געמאַכט אַ שמייכלדיק פּנים און אגב־אורחא געפרעגט:

— וואָס, ניטאָ נאָך קיין פּאַפּירל פון דאָרט?

מעסט אים אָפּ דער שומר פון קאָפּ ביז די פיס, וואַרפט אַ קוק אַפן לייטישן כאַקי־פרענטש און לאָזט גאָר אַרויס אַפּולן מויל רויך...

בלייבט מיטלמאַן אָפּהענגיק. עפּיס פילט ער זיך אַזוי משונה פּוסט און פּאַס, און ליידיק, אַזוי ווי אַן עלטערער משרת אין די הייסע און שטילע זומער־טעג דאָרט אַפן קליינעם מערקל און לסוף גייט זיך צו צו גינזבורגן:

— נו?

גלעט גינזבורג געלאַסן זיין שוואַרצע און צוקאַמטע באָרד, אַזוי ווי אַמאָליקע יאָרן נאָך אַ צוהאַוועט און זונטאָגדיקן לייזונג טאָג; קלאַפּט ער וואויל־ברודעריש מיטלמאַנען איבערן פּלייצע און גיט צו פאַרשטיין:

אַז טאַקע ניט מער ווי נאָך אַ פּאָר טעג, וועט אין גינזבורגס פאַרקהלשטע געביידע אַ גרויסער רעמאָנט זיך אָנהויבן און פונם געשניצטן גאַנעק וועט גינז־בורג, מיט זיינע אייגענע הענט דאָס שטיקל סחורה קומאַטש אַרונטעררייסן:

— וואָס זאָגט איר, האַ?

איז מען דערווייל אין די טעג אַף אַרבעט מיט א פאַרגרעסערטן און פאַר־שטאַרקטן קאָנוואָי געגאַנגען, אַזוי ווי מ׳וואָלט זיי, אָט די ביזן סוף פונם ביר־גער־קריג אָפּגעמשפּטע, ערגיץ אין אַן אַנדער שטאָט גאָר אָפּגעפירט. פּרובט גינזבורג מיטן קאָנוואָי אַ געשפּרעך פאַרפירן: ציט ער אַרויס אַ הייפעלע מאַ־כאָרקע־טאַבאַק און שמייכלט מיט דער שוואַרצער און סוחרישער באָרד. נאָר דער באַביקסלטער יונג טרעט מיט גרויסע און שווערע שטיוול, לאָזט אַ טיפן סימן אַפן שניי און טראַכט נאָר וועגן געלאָדענעם ביקסל, וואָס הענגט בא אים הינטערן פּלייצע אַף אַ ברייטן און ברוינעם רימען...

און אין דרויסן האָבן גאַנצענע עטלאַכע טעג שאַרפע און קאַלטע ווינטן געבלאָזן, ביז וואַנען אַ שניי אַ פּראָסטיקער און אַ געדיכטער, האָט אָט די ווינטן אַף אַ גאַנצן מעת לעת פאַרביטן, אָנגעוואָרפן גאַנצע סקירדעס שניי האָרט באַ די אַרויסגאַנגען און פאַרלאָרן שטעג און וועג.

איז טאַקע דאָרט, וואו סחורה־וואַגאָנעס זיינען איצטער מיט אָפענע מיי־לער געשטאַנען פּוסט און פּאַס, האָבן באַנען גאַנץ פּלוצלונג אויפגעהערט זיך אַנשטומט איז געוואָרן דער גאַנצער טראַנזיטנער וואָקזאַל און פאַרבלאָנד־זשעטע נפשות האָבן יאושדיק און לחלוטין אומזיסט אַף אַ צוג געוואַרט און געפרובט אינם ניט געהייצטן קלאַס אַ גליד זיך דערוואַרעמען.

האָט דער מבולבלער כרך לכתחילה צווישן זיך סודותדיק עפּיס געמורמלט און סוף כל סוף געקומען צו אַ פעסטן און זיכערן אויספיר:

אַז אַ באַן שטעלט זיך קיינמאָל פון העלער הויט ניט אָפּ און אַז די אויפ־געקומענע און באַפעלצטע דאָרף האָט רעלסן־שנירלאַך אַף גאַנצע עטלאַכע וויאָרסט געוואָרפן.

כאַפּט אונטער גינזבורג דעם מטושטשן אָפּקלאַנג, צוטראָגט אים איבער אַלע קאָרידאָרן און דרינגט אויס:

אַז ניט נאָר רעלסן, נאָר אַפילו דער וואָקזאַל, אָט דער גרויסער און טראַנזיטנער וואָקזאַל, איז שוין דאָך אויך בײַ זיי אין די הענט..

געפּעלט דעם גל״ח דער געלונגענער אײַנפֿאַל. שלעפּט ער פֿון אונטערן נאַרע זיין קערבל אַרויס, ציט אַרויס זיין צוקנייטשטע און אָפּגעבליאַקעװעטע ראַסיע, באַקוקט עס פֿון אַלע זייטן און לאָזט וויסן דער גאַנצער קאַמער:

— אַז נאָך גאָר אַ גאַנץ גוטע ריאַסע און מ׳קאָן זיך נאָך אין איר, על כל פּנים, אין קלויסטער ווייזן, אַפילו אין אַ חגא־טאָג.

פאַרלייגט מיטלמאַן זיינע מאַניקיורטע פינגער אין די הויזן קעשענעס אַריין, שטעלט אויס וואויל־בחוריש זיין דערלאַכן בויך און אין קאָפּ פּלאָנטערן זיך גאַנץ בולט׳ע געדאַנקען:

אַז ס׳וואָלט קיין עולה ניט געווען און טאַקע קיין נאַרישקייט אויך ניט, ווען מ׳וואָלט אים אַהין, אין נינזבורגס פּאַרקהל׳שטן הויז אַרויסרופן, דייטלאַך און באַשיינפּערלאַך אַלע זיינע טענות אין פּראָטאָקאָל פאַרשרייבן און פאַרן אַוועקגיין אונטערכאַפּן נאָר איין וואָרט:

— גיי!

ווייל ער אָט די געדאַנקען אַפּן קול אַרויסזאָגן: עפּנט ער אויף דאָס מויל, אַנטפּלעקט זיינע אַריינגעשטעלטע גאָלדערנע ציין, נאָר טוט לסוף נאָר מיטן אויג אַ פינטל און לאָזט אָפּ מאַכטלאָז און אַראָפּגעפאַלן די אונטערשטע ליפּ, אַזוי ווי אַ מידער און פאַרהאָרעוועטער פערד.

קאָן דער פּאָלקאָווניק אַלץ ניט משיג זיין, וואָס קומט דאָ פאָר און פון וואָס ווערן דאָס לייט אַזוי נתפעל. וויל ער כאַפּן אַן אָפּקלאַנג, טאַקע ניט מער ווי אַף מיטלמאַנס פּנים און קומט צו אַ פעסטן באַשלוס: אַז זיינע קאַליע און דעריקע לונגען מוזן האָבן אַ סך פרישע און קאַווקאַזישע לופט און אַז אין קאַמער נומער דריי קאָן ער זיך נאָר דערלויבן אַרויסלאָזן אַ דומפּן און הייזעריקן:

— פכע...

דערווייל האָט עמיצער דורך נאַכט עקשנות׳דיק און גאַנץ שווער דעם שניי געריינינט, אַזוי אַרום, אַז אַף מאָרגן צו טאָג האָט פון תפיסה־טויער אַ ברייטע און גלייכע שטעג צום שליט־וועג געפירט, אַ שטעג פאַרן קאָנוואָי מיט גערינגלטע און באַהיטע יונגען.

און ווי שטענדיק, און ווי אַלע מאָל האָט זיך היינטיקער פרי־מאָרגן צו־גלייך מיטן מעשענעם אָנזאָג אין די קאַמערן אַריינגעדרונגען און אַזוי געוויינ־לאַך, און אַזוי טאָג־טעגלאַך אַלעמען פון די נאַרעס אויפגעהויבן.

קייט מען מיט די באַק־ציינער דעם קאָרענעם אָנבייסן, בריט דאָס זודיקע וואַסער דעם גומען און מ׳וואַרט אַפּן אָן נאָזיקן שומר, וואָס וועט זיך באַלד אין קאָרידאָר לאָזן הערן. נאָר דער אָן נאָזיקער שומר האָט זיך היינטיקס פרימאָרגן אין די קאָרידאָרן דווקא ניט באַוויזן און אָנשטאָט זיין געוויינלאַכן אָנזאָג:

— אַף אַרבעט אַרויס — האָט זיך גאָר צושפּרייט אַ קלאָרער און דייט־לאַכער קלאַנג: אַז אַף אַרבעט וועט מען היינט דווקא ניט גיין און אַז אַף די טירן

וועלן אַפילו באַטאָג גרויסע און פּאַראָסטעטע שלעסער הענגען.

ווייל טאַקע מיטלמאַן פון גינזבורגן דערוויסן זיך, וואָס אַזוינס זאָל דאָס באַדייטן:

— רעפּאָרמעס, האַ?

שמייכל־ט גינזבורג סודות׳דיק און בעל׳בת׳יש אין זיין שוואַרצער באָרד אַריין, שפּאַצירט דורך אין זיינע ליימיקע און צוטראָטענע שיך איבערן קאַמער אַרום; טוט ער אַ שעלמישן ווינק צום גלח צו און נעמט זיך גאָר פאַר זיין געלן טשעמאָדאַנטשיק. לייגט ער זיינע חפצים אין אים איבער, וואַשט אויס גאַנץ נישט׳קשה׳דיק דאָס טשייניקל און בינדט אים צום הענטל פונם טשעמאָדאַנטשיק צו. שטייט דער פאַרפאַקטער טשעמאָדאַן מיטן צוגעבונדענעם טשייניקל אַפן ברעג נאַרע און האָט אַן אויסזעהן פון געוויינלאַכן באַגאַזש, ווען אַ פּאַסאַזשיר קלייבט זיך פון „נאָמער“ צום וואָקזאַל פאָרן.

איז דאָך אָבער מיטלמאַן אַ מאָדנער היציקער מענש. ממש קוועק־זילבער, קאָן ער זיך אַלץ ניט באַרויקן פון אָט דעם צאַפּלדיקן נייס און וויל זיך אָנשטויסן אַף גינזבורגס כונה. האַלט ער זיך סוף כל סוף ניט איין, גייט צו צום באַגאַזש און קוקט אַרום גאַנץ אויפמערקזאַם דעם ווייסינקן אַליומיניעון טשייניקל:

— אַ וואוילער טשייניקל, גאָר אַ וואוילער טשייניקל. פון אַ סערוויז, האַ?

שפּריצט דער גלח פון די אָנגעבלאָזענע באַקן וואַסער אַפן דיל, זעצט אָפּ דעם אויפגעהויבענעם שטויב און הויבט אָן פון אַרונטער די נאַרעס אויסקערן.

ליגט גינזבורג אַף זיין נאַרע צוצויגן, האַלט די הענט אויטערן קאָפּ פאַרלייגט, טראַכט וועגן שאַרפע ענינים און קומט צו אַ פעסטן באַשלוס:

אַז אויב מ׳לאָזט שוין ניט אַף אַרבעט אַרויס, טאָ דאַרף דער באַגאַזש זיין תמיד געגרייט...

הערט אויף דער גלח דעם דיל קערן, בויגט אויס די מידע פלייצע, טוט אַ הגאה׳דיקן זיפץ און אפשר אַ הוסט — ווער ווייסט — און לייגט אַ גלח׳שן און אַלט פרענקישן צלם אַוועק, אַ רוהיקן און געלאַסענעם צלם.

שפּעטער אַהינצו, היפּש נאָך וואַרמעס, ווען מ׳האָט איבערן שנייאיקן און צעוואָרפענעם הויף טריט באַ טריט אַ גאַנצע האַלבע שעה געשפּאַצירט און פראָסטיקן לופט איינגעאָטעמט, האָט מען באַשיינפּערלאַך דערזען, אַז די גאַנצע געביידע איז אין אַ פאַרשטאַרקטער שמירה פאַרשמידט און אַז קאָנוואָי לאָזט אַפילו נאָנט צום טויער ניט צו.

ווייל גינזבורגס ווייב פון יענעם זייט טויער דערווייזן, אַז זי האָט נאָר בדעה דאָס פּעקעלע שפּייז איבערגעבן, אַז אין אָט דער ווייסינקער סערוועטל איז נאָר געוויינלעכער שפּייז פאַרן מאַן, וואָס ליידט פון אַ לאַנגיאָריקן און פאַרלאָזענעם קאַטאַר. איז דאָך אָבער דער טויער אַ הויכער און תמיד אַ שטריינגער און אַ גלייכגילטיקער, שווייגט ער־דער טויער, און דער קאַלטבלוטיקער שומר שווייגט אויך; קוקט מיט זיינע אויסגעוועלקטע אויגן און שווייגט.

ווייל מען דאָך פונם געהילף דערוויסן, פאַרוואָס לאָזט מען קיין פּעקעלאַך שפּייז ניט דורך און וואָס קומט דאָ פאַר אַזוינס? שווייגט אויך דער געהילף:

דרייט ער זיך גאר ארום אין אלע קארפוסן, קוקט אריין אין אלע קארידארן און ווייזט דער גאנצער מטושטש׳ער תפיסה, אז דאס נאגאן־שיידל איז א גאנץ היפשע און שווערע שיידל.

זיינען בא די אחדים־קאמערן אינם אל־טן קארפוס באביקסלטע יונגען הין און צוריק געטראטן, אונטערגעקל־אפט אינם פראסטיקן ערד מיט דער פרירנ־דיקער פוס און געקוקט אין שטח אריין מיט אזוינע געווײנלאכע און פלאכע פנימ׳ער, אזוי ווי אט די פארשטארקטע שמירה וואלט געהיט עפיס א געוויינ־לאכן און אלטן צעכהויז...

------

3

א שטיק אין אוונט האט דער קאמער נומער דריי א גאנץ קלארן און זי־כערן נייס אונטערגעכאפט:

אז יענע העל־קעפיקע און רייטישע יונגען, וואס זיינען גאנץ באזונדער און איינזאם אין די אחדים־קאמערן נאכאנאנד עטלעכע טעג געזעסן, האט א לאנגלעכע און שפיציקע קויל געטראפן:

אלע ביז איינעם!

האט מיטלמאן אפן פלוצלונגן און ניט דערווארטעטן נייס קיין ווארט ניט געענטפערט, נאר עפיס מיט א ווילדער הנאה אפן זודיקן אויוועלע א שפיי גע־טאן און געווארט אפשר א גאנצע מינוט, ביז דאס שפייעכץ וועט אויסזידן און געוואלט נאך אמאל א שפיי טאן, נאר סוף כל סוף איינגעהאלטן זיך, מאדנע גיך מיטן מויל א קרים געטאן, פארזשמורעט אן אויג און וועגן עפיס גאנץ ערנסט א טראכט געטאן.

באמערקט דאס דער גלח: וויל ער א הויב טאן דריי צונויפגעלייגטע פינגער צום שטערן און צום הארץ, נאר גאנץ הילפלאז לאזט זיך דאס רעכטע האנט אראפ — פלעכטן זיך די פינגער פון ביידע הענט צונויף, טוען א הילכיקן קנאק און א באמערקונג רייסט זיך בא אים אליין פון זיך ארויס:

— אה וואי מ׳שיסט!

טוט זיך מיטלמאן מיט זיין גאנצן כאקי־פרענטש א טרייסל און ווערט צושראקן;

— וועמען, פארוואס?

באהעפט זיך דער קאמער אין א שטילן און שווייגנדיקן פינף מינוט און קיינער באמערקט גאר ניט, ווי אזוי דער פאלקאווניק האט זיך פון זיין נארעע גאנץ שטיל אויפגעהויבן, געבליבן זיצן ווי א בל־ייכער פלעק אפן היפש טונ־קעלן וואנט און אריינגעזאגט אין פוסטלאכן חלל פונם קאמער נומער דריי:

— שערבלאך, שטיקלאך שערבלאך!...

אטעמט ער אפ עטלעכע מאל־ גאנץ שווער און טיף אין בלייכט מיט זיין פארלאזענער העמד דאס היפש טונקעלע וואנט.

דערפילט גינזבורג א שרעקלאך ווייטאג אין די שלייפן, עפיס אזוי ווי עמיצער וואלט מיט קליינע און שארפע האמערלאך גיך־גיך געקלאפט אין זיי. רעדט ער ארויס אין אצוציגענעם און געהעכערטן טאן:

—פאָלקאָווניק, שווייגט. פאָלקאָווניק ! ...

רייסט זיך אָפּ מיטלמאַן פונם אויוועלע, גייט צו גאָר נאָנט צו גינזבורגן, קוקט אים אָן גלייך אין פּנים אַריין און דערזעט אַפן פּנים עטלאכע טיפע און איינגעגעסענע קנייטשן—גאַנץ היפּשע קנייטשן און צעוואָרפענע גראָהע האָר אין גינזבורגס שוואַרצער און צוקאַמטער באָרד.

דערפילט מיטלמאַן אַ טיפן און נאָנטן רחמנות אָט צו דעם געוועזענעם שניט־קרעמער; וויל ער אים הגם מיט אַ גוט וואָרט טרייסטן, מיט אַ מונטער וואָרט. זוכט ער אים. דאָס וואָרט באַ זיך אין די געדאַנקען, גריבלט ער זיך גאַנץ ערנסט און רעדט לסוף ארויס :

— פאָלקאָווניק, שווייַגט. פאָלקאָווניק ! ...

ענטפערט זיי אָפּ דער פאָלקאָווניק נאָר מיט איין טרוקענעם און דעריקן הוסט :

— פּכע ...

הערשט ארום אַ אָנגעשטרייַנגטע שטילקייט. אַזוי ווי אין אַ פאַרלאָזענעם און ליידיקן צימער. מער ניט דאָס אויוועלע לאָזט אַרויס אַ טרוקענעם קנאַק פונם פלאַמענדיקן שייטל האָלץ און וואַרפט אַרויס גלייך אַפן דיל געלבלאַכע פלעקן דורך די לעכלאַך פונם טירל.

רייסט איבער דאָס שטילקייט א גיכער און ממבולבל'ער גלאָק-אָנזאָג, אַ מעשענער און הילכיקער קלאַנג—אָט דער זעלבער גלאָק־אָנזאָג, וואָס לאָזט זיך הערן מיט אַ גוואַלדיקער עקשנות אַלע אָוונט. אַלע אָוונט און ניט צו פאַר־שטיין: אז באַלד וועט איבער די קאָרידאָרן אַ געלופעריי ווערן און שטאַרקע און זאָרגלאָזע יונגען וועלן גאַנץ שווערע און אייזערנע כלים ברייַנגען, פון וואַנען אַ דאמף, אַ געדיכטער און א גראָוער, וועט איינדערהויך אַרויפשטייגן און וועט געבן צו פאַרשטיין :

אַז אָט די אַכילה, וואָס טיילט זיך טאָג-טעגלאַך, איז דאָך אָנגעגרייט מיט גלייכע חלקים פאַר אלע, פאַר אַלע פאַרצוימטע און אָפּגעזונדערטע קאַמערניקעס...

עסט אָבער ניט דער קאַמער נומער דריי, עפּיס עסט זיך היינט ניט : קריכן פאַנטאסטישע און גרויזאמע געדאַנקען אין קאָפּ אריין און ציען אַלע מחשבות אַהין, צום אַלטן קאָרפּוס, וואו די אחדים־קאַמערן, ייען איינע נאָך איינע, איינע נאָך איינע.

בלייבן טאַקע די בלעכענע שיסעלאַך האַלב פולע שטיין, קילן אָפּ אַלץ מערער און מערער און וואַרטן עפּיס אויס.

סוף כל סוף איז דער געהילף מיטן אָן נאָזיקן שומר געוומען. אָט דער זעלבער געהילף, וואַס שלעפּט זיך נאַכט איין און נאַכט אויס איבער די קאַמערן אַרום, קלינגט אַזוי הויך און חוצפה'דיק מיט די לאנגע און שווערלאַכע שליסלען, ציילט איבער יעדן באַזונדער, פאַרשרייבט מיט אַ שטיקל קרייד אַפן טיר און ווערט מיט אַמאָל נעלם.

וויל דאָך אָבער גינזבורג נייס וויסן און בכלל דערקונדיקן זיך, טוט ער אגב־אורחא ביים שומר אַ פרעג :

— זאָגט איר, אַז די באַנען גייַען שוין ווידער ?

ענטפֿערט אים גאָר דער שומר ניט, טוט אַ הויב דאָס לאַמטערן גלייך צו גינזבורגן אין פּנים אַריין, טוט זיך אַ דריי אַפֿן אָפּצאַס און לאָזט הערן אַ טומפּן און צווייענדיקן קנאַק מיטן שלאָס פֿון יענעם זייט טיר.

גייט צו גינזבורג צום טיר, טוט איר אַ שטופּ, דערקונדיקט זיך אַף זיכער, אַז די טיר איז פֿאַרט פעסט פאַרשלאָסן, זאָגט ער אָן מיט אַ געפּאַטלענער און יאוש׳דיקער שטים:

— און צו האַרבסט איז נאָך אַזוי ווייט, אָט צום האַרבסטיקן יום־טוב, ווען אַמניסטיע וועט זיין ...

שרעקט דעם ׳גלח אָט דער געפּאַטלענער קול גינזבורגס, ווילט זיך אים עפּיס אַ טרייסט־וואָרט אַריינשטעלן, אַזוי, אַז ס׳זאָל עפּיס פריילאכער ווערן, פּרובט ער אָנהויבן:

— אַמניסטיע, אַ וואוילע זאַך אמניסטיע...

רייסן זיך אָבער די ווערטער איבער, צושווימען איבערן גאַנצן קאַמער און בלייבן אומבאַמערקט, ווי דאָס גאַנצע גראָווקייט דאָ.

האָט טאַקע דער גלח זיין אַלטלעכע און צוקראָכענע ריאסע אויסגעטאָן, צום שלאָף געגרייט זיך און דערוויילֹ טונקעלע און פויזנדיקע ברואים געזוכט, ברואים דאָס גרויס ווי אַ קאַנאָפּליע...

ליגט מיטלמאַן אַף זיין ווינקל־נאַרע, דרייען זיך אַרום ביי אים אין קאָפּ אָפּגעגע און מבולבל׳ע געדאַנקען, ויל ער אָט די געדאַנקען באַהעפטן עפּיס אַף אוויכטיקן ענין. הערט ער נאָר, ווי דאָרט ביים טיר אין ווינקל, אָט ביי דער אייזערנער בית־הכסא כלי קראַצט נאָכאַנאַנד און אָן אויפהער אַ היפשע און אָפּגעפרעסענע מויז דעם דיל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. טוט אים דאָס אמת׳דיק הנאה, וואָס הגם איין לעבעדיק באַשעפעניש שלאָפט ניט דאָ, אינם נאַכטלאַך גראָוון און פּייכטן קאַמער, אָט אינם קאַמער נומער דריי, וואו ס׳געפינען זיך סוחרישע און אָנשטענדיקע לייט פונם ניט לאַנג פאַרלאָפענעם עבר.

שטריינגט ער אָן דאָס אויער און וויל נאָכן אָטעמען אָנשטויסן זיך: שלאָפט דער קאַמער, אָדער מ׳מאַכט זיך נאָר שלאָפנדיק, נאָר באמת׳ן ליגט מען גאָר מיט אָפענע אויגן אינם טונקלקייט אַריין און די געדאַנקען דרייען און פּלאָנטערן זיך אַרום דעם אַלטן און פאַרלאָזענעם קאָרפּוס; צוהיצטע און אָנגעשפּריינגטע געדאַנקען, וועלכע מ׳האָט מורא פּשוט פֿאַר זיך אַליין אַפֿן קול אַרויסברייגנען.

און מיט אַמאָל פאַרכאַפּט דער מח אַ גיכע און לחלוטין אומערוואַרטעטע מחשבה:

— וואָס איז אזוינס טויט, האַ?

דערמאָנט ער זיך:

אַז אַמאָל, אָט אין יענע גוטע יאָרן, ווען ער איז נאָך אַלס ריי[...]נדער פֿון אַ לאָדזער סוחרישער פירמע מיט פּעקלאַך מוסטערן איבערן לאַנד אַרומגעפאָרן, האָט ער אונטערוועגס, אין וואַגאָן עפּיס אַ גרויסן ראָמאַן געלייענט, נאָר אַן אָנגעשטרייגטן ראָמאַן, וואו דער שרייבער האָט אַ סך און אַף אַלע אופנים וועגן טויט גערעדט, געגריבלט זיך אין דער מענשלאַכער גשמה און האָט אַזוי בולט אַלץ פֿאַרן אויג געשילדערט.

רייסט זיך ביי אים אַרויס גאנץ פּלוצלונג אַ פראַגע:

—גינזבורג, איר האָט אמאָל געלייענט דאָסטאָיעווסקען?

דערפליט צו מיטלמאַנס אויער א שאָרך פון גינזבורגס מאטראץ און טאקע מאַלד עפּיס אן אונטערברומען פון אן עבודה־ניגנדל.

הערט זיך איין מיטלמאן צו דעם אמאָליקן און גאָר ווייטן עבודה־ניגנדל: פארגנב'עט זיך א רחמנות־געפיל ביי אים צו אָט די אלע קאמערניקעס און אַין קאָפּ באָמבלט זיך אלץ מיט א שטייפער עקשנות איין און איינציקער געדאנק:

אז ס'קאָן ניט זיין, אז אויך אים, מיטלמאנען, זאָל טרעפן א לאנגלאכע און שפּיציקע קויל:

— וואָרום, וואָס איז ער שולדיק, הא?

וועגט אין האלז דאָס גרינלאכע פייכקייט, וואָס טראָגט זיך פון ווינקל־וואנט, פארפעלט אָטעם, אזוי ווי אין א פארמאַכטן און פינסטערן קעלער־שלייכט ער פון נארע ארונטער, טרעט מיט שטילע און באָרוועסע פיס איבערן קאלטלאכן דיל און שפּארט זיך אָנס וואנט אָן. פארגייסט ער דעם קאָפּ צום פארגראטעטן און אונטער סטעליקן פענסטערל, פארכאפט דאָס אויג נאָר א שטיק חושך, מער ניט צום אויער דערטראָגט זיך א טרוקענער און הילכיקער אָפּקלאנג פון א שאָס ערגיץ אין דרויסן, הערט ער זיך צו מיט אן עקשנות'דיקער אָנגעשטריינגטקייט צום הילכיקן הוסט אינם שטח אריין און קומט צו א סוף כל סוף'יקן אויספיר.

אז אלע זיינע נאָנטע און העלקעפּיקע באַקאנטע, וואָס האָבן פונם אויפגעקומענעם און ברויטגעבערישן דאָרף יעניקע געצויגן—האָט דאָך אזא קורצער און טרוקענער אָפּקלאנג געטראָפן, א הילכיקער און צוקיילטער אָפּקלאנג אלע ביז איינעם!...

צאפּלט א געדאנק אין מוח און דאָס אויג שטעלט זיך פאָר:

אן ערגיץ דאָרט, אהינטערן פארפרוירענעם און פראָסטיקן טייך, אָט וואו שניי סקריפּעט אזוי געוויינלאך און רוהיק, זיינען פיס געגאנגען אלץ אהין און אהין, ביז וואנען פון העלער הויט און מיט אמאָל האָט א גיכער און פעסטער אָפּקלאנג דעם אויר דורכגעשניטן. א צאפּל געטאָן האָט די לופט. האָט דאָס לייב א ברי־געטאָן און א ווארעמער און קלעפּיקער שנירעלע פייכטקייט איז פון די האָר ארויס און גלייך אפן הוילן האַלז געראָנען...

דערשרעקט זיך מיטלהאַן פאַר זיינע אייגענע געדאנקען. טוט אַ שוידער דאָס גאנצע לייב זיינס, אַזוי, אז די פיס דערפילן אַ שארפע קאלטקייט פונם שטיינערנעם דיל. טאַפּט ער דעם קאָפּ מיט זיינע אויסגעאיידלטע און מאַניק־ווּרטע פינגער און רעדט אומישנע אפן קול גאנץ הויך אַרויס:

— טרוקן, גאָר טרוקן! וואָרום, וואָס בין איך שולדיק, האַ?

שרעקט זיין אויסגעשריי דעם גאנצן קאמער איבער, אזוי אז אפילו די אָנגעפרעסענע מויז הערט אויף א ווײַלע דעם דיל קראַצן, און דער גלח, וואָס האָט כמעט גאנץ געשמאק געשלאָפן, כאַפּט זיך אויף א מבולבל'ער, לעהענט זיך אָן אפן איילנבויגן און רעדט ארויס צו מיטלמאַנס נארע:

— שולדיק? קיינער איז דאָך ניט שולדיק.

טרעט אַרויס ביי מיטלמאנען אַ קאַלטער און נאסער שחייס אפן שטערן·
וויקל׳ט אים א שאַרפע קעלט ארום און ער האלט דעם אָטעם איין·

און פון דרויסן· אָט פון אַהינטער די חושכ׳דיקע און פראַסטיקע פענס־טער האָבן זיך אהער אין קאמער אַריין אָפּקלאנגען פון טריט דערטראָגן—פעסטע און שווערע מחנה־טריט פון ארמייאישע שטיוול, וואָס זיינען צום דאָרף געגאנגען מיט שטרייגנע און הארטנעקיקע פנימ׳ער, כדי אַ תל־ מאכן פונם ברויט־געבע־רישן און באפעלצטן דאָרף· וואָס האָט אַלץ דעם כרך מיטן פארלאָפּענעם עבר געשראָקן· —

שטריינגט די קאמער נומער דריי די אויערן אָן; הערט מען זיך צו צום פּילפּיסיקן און גיכערן טראָט דאָרט· אין דרויסן· פילט דער גלח גינזבורגס שווערן און נאָכאנאנדיקן אָטעמען, אזוי ווי אָט דער גינזבורג וואָלט מיט אַ פענכער אפן קאָפּ געלעגן· ווילט זיך דעם גלח א וואָרט ארויסזאָגן· א ווארעם און פריינט־לאך וואָרט· רעדט ער ארויס :

— שולדיק ? קיינער איז דאָך ניט שולדיק·

זעצט זיך אויף דער פּאָלקאָווניק, בלייכט מיט זיין פארלאָזענער העמד דאָס היפּש טונקעלע וואנט, אָטעמט ער מיט זיינע דעריקע און קאליע לונגען אָפּט און גיך און לאָזט ארויס א הייזעריקן און דומפּן :

— פּכע···

## פון וועלטישן אוצר

## פון ציקל „אדם׳ס קינדער"

וואלט ווהיטמאן·

דאָס איז א פרויענגוף·
פון קאָפּ ביז פיס שטראלט פון אים ארויס א געטליך ליכט·
ער ציט צו זיך מיט אַ הייסן אומבאזיגבארן רוף.
אונטער זיין אָטהעם בין איך ווי אַ הילפסלאָזער דאַמף· אַלץ פאלט אראָפּ פון מיר און מיר בלייבן: איך און ער.
ביכער, קונסטן, רעליגיעס· צייט, און דאָס וואָס ס׳ערוואַכט פון די הימלען.
אויך דאָס, וואָס ס׳האָט מיך געשראָקן אין גיהונם· אַלץ פאַרשווינט דאן·
עפּעס ווי פּעדימער דולע, עפּעס ווי ווילדע צווייגן שפּראָצן אַרויס פון דעם מעכטיקן צופלוס און אָפּפלוס פון ליבע, ז׳סע ענויים פון געהויבענע, זיך שטער־קענדע כחות· קוועלנדע פאַכקייט פון ליבע· הייסע שפּריצן בעשעפנדיקע, ווייסער געדיכטער פאַרווילדנדיקער זאַפט·
נאָך חופּה־נאַכט פון ליבע וואָס גייט טריי און צאַרט אריין אין בלייט אָפענעם קאיאָר, די פרוי — איז דער קערנדל, דאָס קינד ווערט געבוירן א פרוי, פון אַ פרוי ווערט געבאָרן דער מאן·
דאָס איז די באָד· דאָס הייבל פון געבורט פון וואַנען ס׳גייען ארויס אלע זאכן קליינע און גרויסע· דער אייביקער אומערמידלאַכער אויסגאנג·
פרויען ! צו וואָס די חרפּה ! איר זייט דער טויער פון גוף· איר — זייט אויך דער טויער פון נשמה·
דער גוף פון מאן איז הייליק· דער גוף פון פרוי איז אויך הייליק· יידיש—ד. גרינשפאן

# בלעטלאַך פון אַ וויספּעניק·

## א· אויף די וועגן פון יונגאיך·

פריינט מיינס !

איך בין ווידער אויף דער וויספּע· אַך· ווי גוט· איך בין באַ מיר אין מיין וועל־טל· צו מיין אייגענעם איך, דעם פאַרשאָטענעם· דעם פאַרשטויבטן, דעם פאַרכריאַסקעטן דעם פאַרבלאָטיקטן· אָבער פאָרט באַ זיך· ניט גרינג איז מיר אָנ־געקומען דער וועג צום יונגאיך, כ׳האָב געמיינט אַז מען האָט לאַנג שוין פער־זשאַווערט דעם שלאָס· אַז די שליסלען זיינען לאַנג שוין צובראָכן און פאַראָסטעט נאָר כ׳האָב אַ טעות געהאַט, ס׳האָט זיך מיין איכוועלט צוגרינט און צעזומערט און אומזיסט האָט זיך דער שוואַרצער אַלטשד געריצט מיט מיר:

— קיינמאָל וועסטו שוין צו זיך ניט קומען· דו הערסט· קיינמאָל ! אַל־ע וועגן זיינען צושטערט, אַלע בריקן זיינען פאַרברענט, אַלע שיפן זיינען דער־טרונקען· און אומזיסט איז דיין בלאָנדזשען און דראַפּן זיך אַף וועגן שטייניקע· אַף וועגן זאַמדיקע· און געטראַכט האָב איך· וואָס קען זיין ווייטאָקדיקער ווי צו זיין אַ פרעמדער באַ זיך אליין· ניט קענען זיך· ניט זען זיך· ניט ריידן מיט זיך אַיאָ אַזוי איז עס געווען, און יאָרן האָט זיך עס געצויגן· יאָרן שווערע שוואַרצע לאַנגע שטומע יאָרן· ביז דער דרייאונדרייסיקסטער יאָר מיינער איז אָנגעקומען און עפּעס האָט דורך דער פינסטערניש א יונגליכטיקייט זיך דערוויזן, עס איז מיר ליכטיק געוואָרן אַרום און אַרום· בעטלערס זיינען פרינצן געוואָרן·

זינדיקע האָבן זייער יונגמיידלשאַפט באַקומען, ווינטערס זיינען זומערס געוואָרן און מיט יעדן טאָג· און מיט יעדער שעה בין איך אַל־ץ נענטער· נענ־טער צו זיך געקומען צו מיין אוראַלטן, נאַקעטן יוגנאיך·

און הערסטו פריינט· בין איך צו זיך אין די טיפענישן פון מיין יונגאיך אַראָפּ זיך דאָרט אַראָפּגעלאָזן האָב איך דערפילט: אַ שטילע פרישע קוואַלקילקייט נעמט מיך אַרום און נעמי, מיין לאַנגפאַרשוואונדענע גרינע יונגטויב האָט מיך פאַרן האַנט אַף דינע טרעפּלאַך געפירט· אַלץ טיפער און נענטער צו זיך, ביז איך האָב מיין זיכיקייט דערזען· און דהער וואָס ווייטער איז געשען: אַרום און אַרום האָבן שפּיגלען זיך צעשפּיגלט און פון יעדן שפּיגל האָט אַנ׳אַנדער מכשפה געקוקט און דערזען האָב איך מיין פריערדיקן כף־הקלעדיקן פרעמדען איך וואָס האָט מיך יאָרן אין קלעמב געהאַלטן עפּיס אַזאַ פאַרקרימטען, צעקרי־פלטען קאַרליק, אַפּאַרזעניש· אַז איך האָב מיך פאַר זיך אַליין דערשראָקן און געפרעגט:

— ניט שוין זשע איז עס מיין איך געווען ?

---

## ב· מוצי...

און בין איך אַף די וועגן פון מיין יונגאיכישקייט אַוועק האָב איך שוין די ערשטע באַגעגעניש געהאַט, א פרוי· אַ בלייכבלוטיקע· אַ פול־זייטיקע האָט

מיך באַגעגנט· האָט זי אַ קלאפ געטאָן מיך פאַרן פלייצע און געזאָגט:

— יונגמענש, שטיי! — צו זעסטו מיך ניט, צו דערפילסטו מיך ניט? צו האָבן דיך מיינע לאָקאָמאָטיוו-אויגן ניט פארשרפהעט? צו ווייסטו ניט אַז איך קען אָנצינדען אַ וואַלד מיט שווארצע האָר? אַ וואַלד מיט גריגנער תאוה?!...

ווער ביזטו? — האָב איך איר אַ פרעג געטאָן. — מוצי — בין איך — אַ קינד פון שטאָט און טייוול, דיינע אַ שוועסטער· איך בין דיין כלה, געליבטע, ווייב, חברטע· אַלץ איז אין מיר· און זעסטו ניט דעם קרוין גרינע ראָזן וואָס איך טראָג אויף מיין קאָפּ? דאָס האָט דיין אייגן ברודער מיך געשאָנקן און געקרוינט היינט ביינאַכט אין ברענעדיקן וואַלד· און ער האָט צו מיר אַזוי געזאָגט: גיה אַף די וועגן ווערסטו טרעפן. מיינעם אַ ברודער יונגמענש — רופט מען אים — און זאָג· אַז דאָס וואָס ער רופט כלה, געליבטע, אַז די וועגן וועלכע ער האָט אַמאָל געטרוימט — איז אַ ניאַנקע געוואָרן אַ פשוטע פולברוסטיקע פולאייטערדיקע ניאַנקע· זי ניאנטשעט איצט איר ניי-געבוירן כשר-קינד· און באַלד ווען דער זייגער וועט שלאָגן צוועלף· וועט זי· זיין אַמאָליקע געליבטע, פאַרלעשן די עלעקטריע פון איר בלוי-אַבאזשורטן שלאָף-צימער וועט זיך מיט איר גאנצער יונג-ווייבלשער תאוה אויסציען איר וויין-פוכאָווער מאטראַצן-בעט מיט אָפענע אָרעמס און תאוה-ציטערדיקע קנעכלאַך וועט זי וואַרטן אַף איר באַבייכלטן און פעטמאָרדיקן שמאַלציקן מאַן וואָס וועט אַ סאָפעדיקער זיך אַ וואילע טאָן אין בעט און וועט מיט זיינע לאַפּעס איר אָרומנעמען און א מידער איר צוקושן די גלידער און ערטער וועלכע ער האָט אין לידער באַזונגען, פּאָעמעס געשאפן, איר — זיין געליבטע!

— זיין ווייב? — כא-כאַ-כאַ וואָס איז אַ ווייב? ווען ער לעבט וועט זי זען אז ער זאָל זיך ניט פאַרקילן· זיין פרישטיק און מיטאָק זאָל זיין אין דער צייט, זיין טייסטער זאָל שטענדיק זיין אַ פולער· קיין נדבה זאָל ער קיינמאָל קיין צו גרויסע ניט געבן· מיט שלעפּערס און דיכטער זאָל ער קיין עסקים ניט האָבן, ווייל טאָמער כאַפּט ער אונטער די הישפּאַנקע אָדער גאָר די פאַריזשער קריינק אָדער אים וועט זיך פארוועלן פון לאַנגווייליקייט מאַכן אַ שטאַרב· וועט ער באקומען אַ שוואַרצע ראַם אין צייטונג און זי זיין ווייב וועט מיט אַ פאָר דאָלאַר וויינעקער בא אים אין טאַש געפינען· אָט דאָס איז אַ ווייב!

א חברטע? אָ, מענשן! ניט שטענדיק איז דאָך רעוואָלוציעס, ווינטן הערן דאָך אויף צו ברומען און שטורמען און דאן ווערט פון די חברטע-א פרויען-צימער· פון דער פרויענצימער וועט ווערן א ווייב· אַ ווייב פאַר אַ מאַן· איר הערט? — אַזוי האָט געזאָגט מוצי — און איז — פארשוואונדן...

א װ י ס פ ע נ י ק·



# פון דער עֶטאַזשערקע

ה. בלאָשטיין, אויפן זונענטרעפּ — לידער. פארלאג „ליכט“, קאָוונע 1923.
54 זייטן אין 16°

... מיך האָט אַרויסגעפּראַלט וואולקאַן
פון צוואַנציקסטן צעֶרודערטן יאָרהונדערטס;
און אָפּגעזונדערט
שטיי איך מיט מיין שטאַם
אין גרויסן באַלאַגאַן
פון גוסס'דיקער אַלטער וועלט...
און כ'שפּיי
מיט פלאַם,
מיט גאַל
אַף לעצטע געֶטער-מאַריאָנעטן
אַף לעצטע לצים מיט באַקרוינטע קעֶפּ...

— — — — — — — — — — — —

מיך האָט אַרויסגעפּראַלט וואַולקאַן
פון טיפסטער טיף
פון פייערשפייענדיקע טעג!

האָט איר וואו געלייענט די שורות?

ניין, איר האָט זיי ניט געקענט לייענען, ווייל זיי זיינען אייגענע, צייטיק-אויסגעטראָגענע אויס-געווייטאָגטע, דורכגעלעבטע. איר פילט אין די שורות דעם אָטעם פון אונזער צייט. די וועלט איז פאַרן דיכטער דער גרויסער באַלאַגאַן, וואו אַלע אמת'ן זיינען פאַרשוועכט, וואו אַלץ ווערט געקויפט און פאַר-קויפט און דער מענש, דער דיכטערישער איך ווייסאָגט, ווי אַמאָל אין די ביבלישע צייטן דער נביא, צוזעענדיק און פילנדיק בולט'ער, ווי אַלע די גסיסה פון אַ וועלט, די גסיסה פון אַ דור, און אפשר פון אַ סך דורות, זאָל זיין, אַז נאָך דער גסיסה וועט קומען אַ נייע וועלט, אָבער דערווייל שטייט ער נאָך מיט ביידע פיס אין דער אַלטער וועלט, אין באַלאַגאַן, און דערום שפּייט ער מיט גאַל, און דערום דאַרף זיין און עס איז פלאַמיק דאָס וואָרט פון דיכטער, ער שוינט ניט קיינעם אַפילו די געקרוינטע, ער רופט זיי „לצים מיט באַקרוינטע קעפּ“, ווייל ווי קאָן מען אַנדערש אָנרופן די „מלכים אַף אַ שעה“ אָט די וועמען דער שטאַרבנדער גוסס'ער דור קרוינט פאַר זיינע פירער. ריכטיק רופט ער זיי „געטער-מאַריאָנעטן“, ווייל הילצערנע שפּיל-מעשׂעלעך זיינען זיי באַ דער געשיכטע, זיי זיינען טויב צום שאַל פון די דונער-דיקע טעג, וואָס דער דיכטער, דער אמת'ער דיכטער איז שטענדיק דער פאָראויסזעער, פאָראויססוייזער.

און שטענדיק איז ער מונטער, און אייביק איז ער, און אים שרעקט ניט דער טויט, און ער פרעגט:

און ווער האָט אויסגעטראַכט דאָס וואָרט, וואָס רופט זיך טויט!

— — — — — — — — — — — — — — — —

כ'בין אייביק געווען, און וועל קיינמאָל ניט שטאַרבן
איך קערנדל — לעבן
פאַרשאָטן אף וועלטישע בייטן.

דער דיכטער, וועלכער פילט זיך, ווי איינגעפלאָכטן, ווי איינגעוויקלט מיט די יצירה עולמית, ער פילט, אַז ער איז אומשטערבליך, ער ציט זיין שלשלת היוחסין פון אדם הראשון. דער אוראַלטער מענש

איז זיין מאַמע געווען. און פול איז ער געווען מיט וועלטישן ווילן. און ברויזנד איז ער געווען. דערום זיינען ברויזנד די לידער בא אונזערע יונגע דיכטער. ווייל זיי פילן אין זיך די קראַפט פון וואולקאַנען־דיקער פייערשפייעדיקער ערד. און זעלטן וואו ווערט איר געפינען צווישן די נייע דיכטער א מעסימיס־טישע נאַטע. זיי מעגן הונגערן. פריערן; זייערע לידן זיינען פיל שטאַרקערע, טימערע, ווי בא די דיכטער פון די פאַריקע דורות. דאָך שפראָצט פון זיי אַרויס דער וועלטישער. הפקר־דיקער לעבנסלוסט. אף זיין קבר ווערט...

אבערגעלע מיסט וועט אַ גרעזעלע שפייזן אַ גרינעם
און אפשר אַ פיצעלע לעבנדיק לעבן—אַ יואָרם
און אפשר — אַ פורפורנע רויז.

אָט דער גלויבן אין פורפורנער רויז. אָט דאָס איז דער אָנשטיק. דער לייכטטורם פון דיכטער וועלכער פאַרלאָזט אים ניט אַפילו. ווען ער פילט. אַז

מאַמע! איך טראָג דיר אַ ליכטיקע טרייסט
זון דיינער שטאָלץ איז און מעכטיק און דרייסט
האָט זיך אַף צלם פון שיידלעך געקרייצט
שפראָצט פון זיין בלוט דיר אַ זוניקע טרייסט.



## ה. בלאָשטיין.

ווייל געקרייציקטע אין אַלע צייטן זיינען געווען די דיכטער. די מאַסע האָט זיי קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען. ניט איין שטיין איז געוואָרפן געוואָרן און ווערט נאָך איצט געוואָרפן אין יעדן איינעם. וואָס קומט מיט אַ נייעם וואָרט. מיט זיין זייגן וואָרט אַף די ליפן. און נאָך מער ווערן געקרייציקט די וועלכע קומען אין צייטן פון שיידוועגן. ווען דער געשיכטליכער ראָד שטעלט אָפ זיין כדור און זאָגט:

ניין. איך וויל ניט מער דרייען אַף רעכטס.
פון היינט אָן. חויב איך אָן צו דרייען אַף לינקס!...

דאַן קומט די קרייצונג. אַזוי איז ישוע געקרייציגט געוואָרן. אַזוי ווערן געקרייציגט אַלע. וועלכע ווילן עקשנות־דיק גיין און פירן די מענשהייט אַף נייע ניט־געטראָטענע וועגן...

און ניט אומזיסט איז איצט די ליבלינגס־טעמאַ בא אַלע אונזערע זאַפטיקע יונגע לײדנדע קינסט־לער. ווי אורי צבי גרינבערג. האָראָוויץ א. א. ישוע הנוצרי. ווייל אין זיין קרייציגונג זען זיי זייערע און ווי זאָגט דער קרעפטיקער אורי צבי גרינבערג (אַלבאַטראס צווייטע העפט. נאָוועמבער 1922)

„למאי בין איך איינער פון די שיירה
צעווייטיקטע, וואָס היינגט ניט אין שכנות
מיט דיר אויף דאָרפישן סלופ בא אַ צלם וועג"
און זעלטן, בלאָשטייניש, וואָלט איך זאָגן, זעט ער די וועלט — (זייטל 28)
אַוואָלט האָט אין וועג זיך געלאָזן

מיט האַק אין די אָרעמס
פאַר אייגענע פרידער
און איינעם געלאָזן ביים טויער פון הימל
די זינדיקע תפילות מיט אייגענעם
הייליקן בלוט דורכצוואַשן
און קריגן אַ ברכה
אַף גזילה, זנות און רציחה
און ווי שטאַרק, ווי בילדעריש איז דער שלוס-אַקאָרד:
אַ באַנדע פון שדים
האָט פרעך אַף איר טויער פון שאַנדהויז
פאַרקלאַפּט אַ מזוזה.

שאַנדהויז און מזוזה, טומאה און טהרה. אָט דאָס, וואָס איז דורכגעפלאָכטן אין אַלע באַוועגונגען פון דעם מאָדערנעם, קולטיווירטן אַזיאַט, ווי ריטמיש זיי זאָלן ניט זיין, אָט דער רעפלעקס פאַרכאַפּט דאס אויג און האַרץ פון נייעם דיכטער און אַף דעם קוקט זיין אויג, און אַף דעם הערט זיין אויער, ווייל פיל מאָל איז שווער פונאַנדערצופלאָנטערן, וואו הויבט זיך אָן שאַנדהויז און וואו ענדיגט זיך מזוזה, ווי דער סיאַמישער צווילינג צונויפגעוואַקסן זייגען דיביידע באַגריפן בא דער גאַנצער היינטיקער מענשהייט, און מיט וויפל פייגן-בלעטער זי זאָל דאָס ניט וועלן פאַרדעקן, עס שטאַרצעט אַלץ אַרויס—שאַנדהויז און מזוזה...

און זיי מיר צום סוף מוחל, פריינט, בלאָשטיין פאַר דעם איינציקן ליד פון ציקל „אוקראַינע", וואו עס וואַרפט זיך דורך אַ טאָן פון דער פרעמד, אַ טאָן אַ געליענער אַ קוויטקישער, פון
„איך ציטער אַזוי פאַר מיין קינד"

צו וואָס פאָרגן בא יענעם אַ בלימל, ווען אַליין פאַרמעגסטו אַ גאָרטן, אַ בונטן גאָרטן פון „שטראַלנדיקע פליענדיקע מענשן, וואו די ערד איז אַ זינגעדיקע", וואו אַפילו „דער טויט האָט אַ רויז אין מויל", וואו
כ'גיי אום אַף ערד מיט אויסגעשפּרייטע פליגל
און כ'פיל דעם שוואונק פון דרייסטן פלי אין זיך
און ס'שפּיגלט שוין דער הויכקייטס בלויער שפּיגל
דעם פּנים פון מיין שטייגנדיק „איך"...
מיינע פיס — צוויי וואָרצלען פעסט און זאַפטפול
פאַרפלאָכטן און צעצווייגט אין ערדן-גוף —
און וועל איך אַ הויב טאָן שטאָלץ און קראַפטפול
אויך דו וועסט ערד זיך אויפהויבן אַרויף!
טאָ זינגט מיין ליבע, אוקיאַנוס, בערג און פעלדער!
מיין אויפהויב אין דיין גאולה, ערד, דו געבענטש!
דאָס מאַלפּן-קינד פון דיינע אוראַלט-וועלדער
דערגרייכט האָט העכסטן געטער-טראָן — מענש.

אַזאַ איז בלאָשטיין. פון שטאַפּל אַף שטאַפּל קלעטערט ער אַלץ העכער אויף דעם זוניקן לייטער פון דער יונגער דיכטונג, און וואָרצלען פעסטע האָט ער און זאַפטיק שטייט איז זיין טראָט, און גיגאַנטיש זיין שוואונג, יעדעס געדיכט איז אַ פּראָבלעם, אַ געדאַנק, אַ בליץ
„דאָס מאַלפּן-קינד פון אוראַלטע וועלדער
דערגרייכט האָט העכסטן געטער-טראָן".

און אויב ער האָט נאָך אַפילו ניט דערגרייכט, איז דאָס דראַפּן זיך צום דערגרייכן אויך אַ זאַך, און נאָר אַף יחידים, אויסערוויילטע הויבט אָן זיך שפּיגלען דער הויכקייטס-בלויער שפּיגל, נאָר יחידים קענען זיך אויפהויבן העכער פון דער ערד.

און זיי באַגריסט און מוטיק זיי אין דיין קלעטערן „אַפן זונענטרעפּ"!

**ז. פייגין.**

צבי הירשקאַן.

# אַ פּאַטאַלע געשיכטע *)

עס איז ל'חלוטין ניט־איבערגעטריבן: פאַר אלעמען כסדר אָן אַ שום אויסנאַם כמעט־סיי למשל פאַר די נאָענטע און סאמע נאָענטסטע פריינט פונם אינזשענער פּאַרצעלײ, דעם דירעקטער פון דער האָלענדעשער אייזן־פאבריק אין מאָסק'וע, און סיי אַפילו פאַר זיינע גלאַט צופעליקע און סתם באַקאנטע פון דער צוויי־טער רוסישער רעזידענץ, פּראָפעסיאָנעלע און געשעפטלאכע — איז בל־ויז דער עצם פאַקט גופא, וואָס ער אָט דער פּאַרצעלײ האָט פלוצלונג, אינם אָנהויב הארבסט פונם יאָר טויזנט ניין הינדערט זעכצן, ממש עפּעס ווי פון דער העלער הויט, גענומען און בפרהסיה צונויפגעבונדן זיך פונקט עפּעס ווי צוויי גלייכע און פון אויביק אָן באשערטע מיט דער העגריעטע בראָנזע, געווען בעת־מעשה דורכאויס עפּעס אַ מין פ אַ ט אַ ל ע געשיכטע, וואָס לאָזט זיך אין קיין פאַל־ניט פאָראויסזען אָדער שוין אַפילו פאָסט־פאקטום לאָגיש באַגרייפן: אָט די גאַנ־צע געשיכטע, ווי זי שטייט און גייט האָט זיך איינפאַך קיינעם אַפן שכל ניט געלייגט.

און ווי אַזוי אַשטייגער, האָט זיך עס גאָר יאָ געקאָנט וועמען עס איז ל־ייגן אפן שכל אַזאַ ווילדע און בתוך אַזאַ אומגעלומפּערטע געשיכטע?...

באמת טאקע: דער אינזשענער פּארצעלײ א מאן, וואָס לויט אַלע זיינע מאַנירן און גאַנצן לעבנס־טעמפּ, לגמרי עפּעס אַן אוניקום־טיפּ. צום ביישפּיל: עס איז פאַר קיינעם גאָר קיין סוד ניט, אַז דער אינזשענער פּאַרצעלײ שטאמט אַרויס פון זייער אַן אָרעמער און גאַנץ פּשוט'ער יידישער משפּחה. אַ טאַטע עפּעס אַ שפּילעכלאך־שניצער און זייגער־מייסטער ערגעץ־וואו אין א פאַרוואָרפן ליט־ווישן העק־שטעטל. אויך ווייסן אַלע אַז דער אינזשענער פּארצעלײ איז דורכגע־גאַנגען כמעט דעמזעלביקן וועג, וואָס פיל רוסלענדערשע יידישע יונגע לייט אין זיין צייט, די סומנע צייט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטנס ממשלה — האָבן דורכ־געמאַכט. מיט דער ישיבה־באַנק און טאָג־עסן. אין ליטווישע שטעטלאַך האָט דער אינזשענער פּאַרצעלײ זיין קינדהייט אָנגעהויבן. און מיט עקסטערנערשער ביל־דונג און שמד צעטל נאָכדעם ביים אַריינטרעטן אין פּעטערבורגער פּאָליטעכני־קום זיין יוגנט פאַרענדיקט. און דאָך קאָן זיך קיינער אַזש ניט אָפּוואונדערן פונם אינזשענער פּאָרצעליס שטענדיקן און שטאָלצן גלייכגעוויכט און עפּעס ווי פון געבאָרן, ממש לאָרדישער סאָלידקייט: שלאַנק און פעסט געבויט. שפּאָרזאמדיקע און געציילטע טריט און זיכערע און וואָגיקע באוועגונגען. תמיד אַפילו אין די גרעסטע היצן און אין וואָס פאַר אַ מסיבה עס זאָל ניט זיין, — אין א לאַנגן סורדוט אַריבער די קני און אַף אַלע קנעפּלאַך פאַרשפּילעט און אַ ברייטע שווארצע באָרד איבער דער פולער ברוסט אויסגעשפּרייט. — אגב, לויטן אויסער־לאָכן אויסזען איז דער אינזשענער פּאַרצעלײ, אין אַלע פּרטים כמעט, שטאַרק געראָטן אינם דאָקטאָר הערצל, ווי ער איז געמאָלט אָנגעלענטערהייט אַף דער

*) אַ קאַפּיטל פון אַ נייעם ראָמאַן „אינזשענער פּאַרצעלײ“. — רעדאַקציע.

פאַרענצע פונם ריין־בריק, פּשוט א צווילינג, און שטענדיק וואו ער זאָל זיך ניט
געפינען איינער און דערזעלביקער: פונקט עפּעס ווי פון מרחקים אַ הויכגע־
שטעלטער גאַסט, וואָס האָט בלויז מחמר־ת איידעלקייט און צוליב טאַקטישקייט,
באַוויליגט אריינצוקומען. אָט אזוי סיי אַפּן פאַבריק צווישן די אַרבעטער און אָנ־
געשטעלטע און סיי אפילו אף וויכטיקע אַסיפות פון פּאָליטיקער און געלערנטע
אָדער אַף חשוב'ע באַנקעטן פון גרויסע אינדוסטריעלער און קינסטלער, וואָס דער
אינזשענער פאַרצעליי באַזוכט גאַנץ אָפט. היינט דאָס אַרט פירן זיך פונם אינ־
זשענער פאַרצעליי און זיינע נייגונגען בכלל, למשל: דזשענטעלמען פון ערשטן
ראַנג, וואָס ווייזט זיך קיינמאָל ניט אין דרויסן — און וואָס פאַר אַ צייט פונם
יאָר עס זאָל ניט זיין — אָן אַ צילינדער־הוט, און דערצו דער שטריינגסטער ווע־
געטאַריאַנער, וואָס אַפילו שיך טראָגט ער פון גומע, טרוימט פון חויכער אינדו־
סטרי און פון טעכנישע אַנטפּלעקונגען, וואָס וועלן הימל און ערד אינאיינעם באַ־
העפטן, ממש פאַר'שכור'ט פון אייזן־און־קופער־פארבן און פאַרהאַלט זיך טאָלס־
טאָי'איש־ביבליש צום דאָרף און צו ערד־אַרבעט, ראָמאַנטיקער פונם ענגלישן
פאַרלאַמענטאריזם און פונם ענגלישן אַרט דיינקען און איז אויפגעלייגט ליריש
און קרובת'דיק צו מזרח'שער קלוגשאַפט און צו מזרח'שער דיכטונג, סוף־זומער
בערך די איבעריקע קאָלעגן פון זיין מדרגה, פאָרן זיך פאַנאַנדער אין פאַרשיי־
דענע אייראָפּייאישע קוראָרטן, לאָזט זיך דעמאָלט אַוועק דער אינזשענער פאַר־
צעליי עולה־רגל זיין, מערסטנטייל בכיון דוקא אף די האַרבסט־חדשים, קיין כינע
אָדער טיבעט, וואו ער איז מנדב אַלע זיינע פאַרדינסטן־אגב גאַנץ באַדייטנדע
פאַרדינסטן — פאַר בודיסטישע געבעט־הייזער און פאַר בודיסטישע חכמים, דורכ־
שטופנדיק זיך ניט זעלטן נאָכדעם אין מאָסקווע ערגעץ־וואו נעבן די פאַרכמאַ־
רעטע וואָראָביאָווער בערג ביי אַנ'אַלטער גלח'טע אַנ'אַלמנה אין נידעריקע און
שטילע ביליקע צימערן מיט איקאָנעס און רויכרנדיקע לעמפּעלאַך און מיט פאַר־
טיקע קעסט, פונקט עפּעס ווי אַ באַנקראָטירטער גביר אַ נעלם, און ווינטער־צייט,
בעת די גרויסע קאלאַדעס ימים־טובים, ווען זיינע חברים און פריינט פאַרשפּאַרן
זיך אין די לוסטיקע ספּעציעלע סאַנאַטאָריעס די נערוון אָפּפרישן און אַ ביסל
גלאַט אַזוי פאַרטומל־ען זיך — שליטלט זיך גאָר אַוועק דער אינזשענער פאַרצעליי
אף אַ גוי'עש פורל אָדער שלעפּט זיך אַוועק מיט אַ מחנה אָנגעפּעלצטע פּיליג־
רימען, ס'רוב נאָענט דערביי אין אַ פּראַוואָסלאַוועשן „מאָנאַסטיר" אַלס גר און
וואַנדערער, וואו ער האַקט האָלץ און טראָגט וואַסער, שטודירט אַלטע איקאָנעס
און בלעטערט פאַרשימלטע יריעות, פירט לאַנגע און סעקטאַנטעשע שמועסן מיט
יונגע גלחים און אַלטע פאַקוטניקעס וועגן עוואַנגעליום און קהלת, וועגן דעם
געטליכן סעראַפים און שפּינאָזען, אָדער אַזאַ סאָרט שטריך: אייגנטלאַך איז דאָך
דער אינזשענער פאַרצעליי אַ סקעפּטיקער בעצם פונם קאָפּ ביז די פיס און ממש
אויסגעווייקט אין אפּיקורסות, איינמאָל אַפילו, אין אַ מאָדערן־קינסטלערישן
זשורנאַל, אַנ'אַרטיקל אָפּגעדרוקט, וואו ער האָט מיט פאַרשיידענע ראיות און
בקיאורת געזוכט צו דערווייזן, אַז אַלע פילאָזאָפישע סיסטעמען און אַלע רעלי־
גיעזע שיטות, סיי פאַרצייטיקע און סיי איצטיקע זיינען במון, בלויז מאַנירן
אַזוינע און נאַר ט ע נ ע ר איינגעשטעלטע און איבערגעחזר'טע פון גאווה'דיקע

און באַגאַבטע עקשנים. און פונדעסטוועגן איז דער אינזשענער פאַרצעליי תמיד און כסדר גרייט אַזש דוכעגענדיק צו בוקן זיך פאַר אַ מצבה־שטיינדל און פאַרוואַלגערט שערבל פון עפּעס אַן׳אַלט און הייליק אָרט, צו וואָס פאַר אַן׳אמונה אַט דאָס אָרט זאָל ניט געהערן און בפועל־ממש טאַקע, אַ וועלט אַ גאַנצע דורכוואַנדערן, כדי נאָר מיט די אייגענע הענט און פיס אָנצוטאַפּן די עטלאַכע איילן ערד, וואו ווער עס איז פון אָט די „עקשנים“ האָט אַרומגעשפּאַצירט. און חוץ דעם אַלעמען איז נאָך פאַרצעליי הגם ער איז בטבע ניט קיין בריה און האַלט אפילו נוט פון בריה׳שקייט, דערביי אויך ניט קיין שלעכטער אַדמיניסטראַטאָר אַגב גאָר פון שיינעם און הויכן אַרט אַן׳אַדמינעסטראַטער מיט רעפאָרמאַטערשע און הומאַניטאַרע אידייען און אַפילו מיט אַ באַהאַלטענעם טרוים ווען עס איז צו זיין דער ראָבערט אָמען פון רוסלאַנד, און דערצו איז ער פאַרצעליי אויך איינער פון די אָנגעזעהענסטע אינזשענערן אין דער מדינה, וואָס האָט אין זיין לעבן אָן אַ צאָל בריקן און בנינים געבויט, קאַנאַלן און טייכן געגראָבן, באַנען און טונעלן דורכגעפירט און וואָס האָט דער ערשטער איינגעשטעלט עלעקטרעשע סטאַנציעס אין דער גרויסער דאָנ. געשער און פויערשער מלוכה צווישן די אוראַלטע סקיפישע געצעלטן געדעקטע מיט שטרוי פון דרויסן און באַלויכטענע מיט אָנגעצונדענע קינעלאַך פון אינעווייניק.

אָט דאָס איז דער אינזשענער פאַרצעליי לויט זיין אויסזעהען און תוך. און אָט אַזא סאָרט מהות־מענש, וואָס איז פשוט עפּעס ווי געטאָקט און געפיילט פון פיינעם און אייגנאַרטיקן מאָזאַיש־אָרנאַמענטן־סטיל וואו ער זאָל זיך ניט קערן און ווענדן, פאָרט זיך עס צונויף אַלס מאַן און פרוי אגב נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אַלס אַ אַלטער בחור דערשטאַפּלט שוין כמעט ביז די פופציקער, — מיט דער הענריעטע בראָנזע, אַ גרושה פון אַ מאָסקווער האַרבאַטן פּוילישן ווינקלאַדוואָקאַטל, אַ קליין דאַר ווייבעלע מיט אַ פּלאַטשיק מולאַטן־פּנים, און דיקע פּעטע ליפּן, שוין אַ גאַנץ באַ׳אָרנטע און צוקנייטשטע נאָר מיט חנ׳דלאַך און קליידונג פון גאָר אַ יונג מיידעלע, עפּעס אַן׳עקסצענטרעש פאַרשוין, וואָס קיינער ווייסט ניט אַף זיכער איר שורש און אפילו פון וואָס פאַר אַ נאַציע זי קומט אַרויס, פונקט ווי קיינער האָט ניט בעצם קיין ריכטיקע השגה ווי אַלט זי איז אַן׳ערך, אָט די הענריעטע בראָנזע, און וואָס סאַרווערנדיק כסדר עפּעס מיט אַ מין תקיפות און חזקה, אַלס „הויז־ווירטן“ אין „יאַר“ או אין „סטרעלנע“ אַף די „בחור׳שע“ בעלער פון די לוסטיקע מאָסקווער סוחרים און רייכע אויסלענדער, אָנגעטאָן „פאַסטאָראַליש“ לייענט זי מיט אַ האָמועדיקן קוליכעל מאָנאָלאָגן גאַנצע וועגן דעם פראַכט און רום פון פערסעשע און טערקעשע האַרעמען, וואו אין שוואַרצסאַמעטענער טונקלקייט ליגט דאָס ווייב, דאָס ריכטיקע ווייב, דאָס קעפּס ווייב אַף פאַרשיידענקאָליריקע טעפּעכער אויסגעשפּרייט, מיט בשמים אָנגעדופט און אויסגעשמירט און מורמלט פאַרשמאַכט און שווער עטעמענדיק אַ געבעט צום נביא, ער זאָל ביישטיין אַז איר האַר און הערשער זאָל איר טירעלע ניט אויסמיידן ... אָט מיט דער הענריעטע בראָנזע האָט עס דער אינזשענער פאַרצעליי אין מיטן דערינען „אַ התונה אָפּגעשפּילט“. און נאָך אין וואָס פאַר אַ מאָמענט? אינם סאַמע האַרבסט פונם יאָר 1916 איז עס פאָרגעקומען, אינמ

לעצטן און מהומה׳דיקן האַרבסט פֿונם צאַרישן רוסלאַנד׳ און אַפֿן דריטן יאָר פֿון דער וועלט־מלחמה׳ בעת אפֿילו פּשוט׳ע מענשן און ניט אַזוי אַרנאַמענטיש־אויס־געסטיליזירטע מיט אַזוינע אויסדערווײַלטע מאַנירן און מיט אַזאַ פֿיינעם טאָן, ווי דער אינזשענער פֿאַרצעלייי טראָגנדיק איצט כסדר אַף זיך און אין זיך די שווע־רע און ביטערע אבילות פֿון דער צייט מיט אירע טרויעריקע נאָכוויייעַנישן און נאָגנדיקע פֿאָרגעפֿילן׳ האָבן זיך פּשוט אַזש ווי געשעמט סײַ פֿאַר זיך גופֿא און סײַ פֿאַר לייטן צופֿירן וואָסערע ניט איז אָפֿענע און נאָענטע גראַנדעס מיט אַזאַ טיפֿ פּרוי, ווי די העָנריעטע בראָנזע׳ היינט טאַקע אַ פּשיטא און אַ פּשיטא שוין, האָט עס עפּעס ניט געפּאַסט און ניט געקלעפּט זיך צו אַזאַ סאָרט אדם, ווי דער אינזשענער פֿארצעלײַ גופֿא׳ נון איז עס דען ניט באמת אַ אַפּאַטאַלע געשיכטע? ווירקלאַך פֿאַטאַל׳ דורכאויס פֿאַטאַל׳ אפֿילו דער אינזשענער פֿאַרצעליי אַליין מיט זיין שטאַרקן חשק כסדר צו אַנאַליזירן יעדער תנועה זיינע און געפֿינען דעם זי־נען פֿון זיין קלענסטער באַוועגונג׳ וואָלט דאָ דאַכט זיך אויך ניט געווען ביכולת וואָס עס איז אויפֿדעקן אָדער דערקלערן׳ אינם בעסטן פֿאַל שוין, וואָלט ער אפֿשר געקאָנט בלויז איינפֿאַך דערציילן. דערציילן גאַנץ פּשוט: כראָנאָלאָגיש און פֿאַק־טיש: ווען אַנ׳ערך און בײַ וואָסערע אומשטענדן אַ שטייגער אָט די געשיכטע האָט פּאַסירט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

לייב גליצמאַן

## ווען פרילינג שאַרט זיך...

וועלט׳—אַ בשורה — פרילינג שאַרט זיך!
ערד׳ פֿאַרהיל דיין שמוציק, מיסטיק
חורבה־פּנים
מיט רויט׳ מיט בלאָ מיט גרין —

האָט זיך זון שכור׳דיק צושמייכלט׳
האָבן גאַסן זיך צוטאַרעראַמט׳
האָבן ווייטן זיך צופּייקלט׳
ווינטל־שטיפֿער האָט אַין אויער מיר
פֿאַרשייט אַריינגערוימט:
— ווייסט׳ לייבקע׳ ס׳פֿרילינגט —
לעבסט; — — —

יאָ׳ ווינטל׳ כ׳ווייס׳
הענט כ׳צי אויס — אָדלער פֿליגל,
פֿון מיינע אויגן שפּריצט אַרויס יוגנט־
פֿייער׳
אויף מיינע ליפּן צאַפּלען קלאַנגען
ניט דערזאָגטע׳ ניט דערלויטערטע׳ —
שכור׳ן מיר מיט תאוהדיקע רויקייט...
נו׳ וואָס אַרט מיך? פרילינג שאַרט זיך!
לעב איך
כ׳לאָז אין ווייטן זיך
קלאַמער פרילינגס־לצים אום
און דריי אַ וואַקכאַנאַליש רקוד
אויף וועלטישע חורבות...
פֿאַרהוליע הפקר׳דיק מיין יוגנט — — —

און קומט אַ איינער׳ פֿאַרקרימט די נאָז:
— „יונגער שנעק׳ ס׳איז וועלט פֿאַר דיר
קיין טאַנץ־זאַל!”
לאַך איך אויס אים חוצפּה׳דיק פֿאַרשייט:
— אַלטער נאַר — ס׳פרילינג שוין! — — —

ה. בלאשטיין.

# „וועלט־באַרג־אַרויף!“.

(אַ פּאָר געדאַנקען וועגן אורי צבי גרינבערג).

נײַן, אורי צבי! — דו וועסט מיך בשום אופן נישט איבערצײַגן — אפילו מיט נאָך טויזנט „מעפיסטאָס“ און „וועלט־באַרג־אראָפּ“...

ווײַל איך גלויב נאָר אין דאָס, וואָס איך פּ י ל; און דאָס, וואָס איך פארשטיי נישט מיטן הארץ, קען עס בשום אופן מײַן מח נישט פארדײַען, מעג עס אפילו זײַן מאטעמאטיש־דערוויזן, ווי צוויי מאָל צוויי — פיר.

אָט אזוי בין איך שוין. איך ווייס נישט, ווי אַזוי און ווען; נאָר איינמאָל, ווען א פידל האָט זיך הארציק פארטרויט פאר בלויער נאכט און לבנה האָט געשפרייט העלן זײַד מיר און מײַן געליבטער אונטער די זינגענדיקע טריט, האָב איך מיר פלוצלונג אָן עפּעס די פוס געשטרויכלט — און דערפילט אַ זיסן ווייטיק אין ברוסט. און צו מײַן גרויסער, פרייריקער דערשטוינונג האָב איך דערזען, אז מײַן הארץ האָט מיין ברוסט צעשפּאָלטן און איז זיך אזוי משונה׳דיק צעוואקסן, אז עס האָט זיך מיר אונטער די אייגענע פיס געפּלאָנטערט — א בלוטיק גרויס שטיק זון... ווי קען שוין דאָ זיין א רייד וועגן קאלטן, אין פעסטע שארבנראמען אײַנגעצוימטן מח! — אײַנזוואסער אויף אַ רויטצעגליטער זון...

ענטפערט אויף יעדן וועלטריר מיין הארץ. אינסטינקטיוו. און איך פ י ל, אז וועלט גייט נאָר ב א ר ג ־ אַ ר ו י ף, זאָל זיין אפילו זיך אָפּט אויסגליטשנדיק און מיט צעבלוטיקטע פיס...

עך, ווען וועלט וואָלט טאקע געגאנגען בארג־אראָפּ און דערצו נאָך מיט אזא קאָפּשווינדלדיקן טעמפּ, ווי דו אורי צבי, מיינסט, וואָלט אינסטינקטיוו מײַן הארץ געיאָמערט מיט א יאוש־געוויין אויף וועלט־מול — ווי א קינד, ווען זײַן מאמע גוסס׳ט...

פארוואָס זשע בין איך גאָר פריילעך אפילו דעמאָלט, ווען מיינע קינדער שטארבן פון הונגער, ווען מיך אליין פארהאנדלט מען הינטער מיינע פּלייצעס פאר דרײַסיק טאָלער, ווען מײַנע ווײַבער טויטן זייערע קינדער אין בויך, טאָמער וועט פאר זיי קיין איבעריק שטיקל ברויט און קיין ווינקעלע נישט זיין אויף דער רײַכער ערד?...

און איך גלויב אין מיין גרויסער אינסטינקטיווער פרייד טויזנט מאָל מער, איידער אין געשליפענע טײַוולשע סאָפיזמען און היסטערישע „מיר־גייען־אונטער“־געשרייען, און —

„אני מאמין באמונה שלמה“, אז ערגעץ אין די מאָרגנס שפּינט זיך דער גרויסער חלום פון וועלט־גאולה — און שפרייט זוניקע טעפּיכער אונטער טריט פון אויפשטײַגנדיקער וועלט!

דו לאכסט, אורי צבי? איך בין א משוגע׳נער, וואָס ווארעמט זיך אינמיטן נאכט פאר דער זון — — — מילא: איך קען דיר מיין אמת נישט דערווייזן; אָבער דאָס באטייט נאָך נישט, אז דאָס איז נישט קיין אמת: ד ע ר ו ו י ז ע נ ע אמת׳ן באנקראָטירן אָפטמאָל נאָך גיכער, איידער נעפּלדיקע פאָרגעפילן...

און ווייסטו וואָס, אורי צבי? – אַפּילו דיין „בּאַרג־אַראָפּ" פּאַרגרעסערט מיין פרייד; ווייל דאָס אליין, אַן־און־פּאַר־זיך, איז שוין אויך אַ סימן אויף וועלטישן „באַרג־אַרויף" – – –

איז דאָך שוין טויזנט מאָל איבּערגעחזר'ט געוואָרן, אַז דער דיכטער איז דער יושר פון זיין דור – – – און אויב נאָר דער דור – דער בּעסערער טייל פון אים – פיל־ט שוין אַזוי בּולט און ווייפּול זיין שרעקליכע ירידה (ווי דו זאָגסט), איז דאָס שוין אַליין דער אָנהייב פון עליה, דער ערשטער שטאַפּל פון גייַסטיקן אויפגאַנג... און אַז איך הער, ווי „דער מענטש שרייַט בּיי דיר, און אַז איך זע דיך שטייַענדיק „פאַרן צלם", זע איך נאָך דייַטליכער, ווי עס שייַלן זיך אויס פון די פאַרנעפּלטע ווייַטן די קאָנטורן פונם קומענדיקן משיח: גרויס און ליכטיק איז דער דור, וואָס קרייַציקט זיך אַליין פאַר זיינע זינד: ער וועט אַראָפּ פון קרייַץ אַ געלייַטערטער!

און מען דאַרף נאָך נישט פאַר'יאוש'ן, אויב דאָס פילן נאָך לערת־עתה נאָר יחידים: יחידים זייַנען דאָך אויך נאָר אַ טייל פון דער מאַסע, וואָס ציען (אָפּטמאָל אומבּאַוואוסטזיניק) די יניקה פון איר. דער גאָטגעבּענטשטער יחיד פאָרמירט נאָר צו אַ אידייע די אומפאָרמיקע גייַסטיקע אויסדעמפונגען פון די מאַסע־טיפן. – – –

דער וואולקאַן וואָלט מיט פייער ניט שפייַען, ווען דער בּויך פון דער ערד זאָל צעפּלאַקערט נישט זיין!

אַ שאָד נאָר, אורי צבי, וואָס דו מיט דיין „כאַליאַסטרע" זייט איר אַ בּיסל צו קורצזיכטיק. דו זאָגסט אַליין אין „מאַניפעסט צו די קעגנער" („אַלבּאַטראָס" № 1), אַז איר זייט אַוועק פון דער רעוואָלוציע, ווייל זי האָט אויפגעהערט צו זיין דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט זיין (דער געשריי פון קרעאַטור א. אַז. וו.); אָבּער ווען זי וועט צוריק נר־תעלה ווערן, וועט איר צוריק זיין אין אירע ערש־טע רייען... גלויבּט איר, הייסט עס, יאָ, אַז ס'איז נאָך מיגלעך „אַ בּאַרג־אַרויף" אויך; דער הײַנט נאָר איז אַ פינסטערער, אַ באַרג־אַראָפּיקער... צי ליגט נישט אַמאָל די גאַנצע אימה, דער געוואַלט־קער „בּו", וואָס איר ווילט אָניאָגן אַף אונז, נאָר אין אייַער קורצזיכטיקייט? צי וואָס האָט איר פאַראַנקערט אייַערע שטורמדורשטיקע שיפן בּייַ די פלאַכע בּרעגן פונם הייַנט?...

מיר דוכט זיך, אַז דער גרעסטער חסרון פונם דיכטער (פאַר מיר איז דיכטער – נביא, פיַאָאָף, דור־פירע) איז גראָד דער לאָזונג, וואָס איינער פון דער „כאַליאַסטרע" האָט נאָך אַמאָל אַרויסגעוואָרפן און וואָס פיל קריטיקער האָבּן עס, ווי אַן אבן־טוב אויפגעכאַפּט אים צו דערהויבּן:

„איך בּין דייַנער, אַצינד,\
איך בּין דייַנער בּלינד..." –

דאָס הייסט: מיט דער אייגענער האַנט זיך אונטערשרייַבּן אַ טויט־פּסק; בּאַגרענעצן אַלע פּערספּעקטיוון נאָר מיט די ראַמען פונם הייַנט, הייסט: שטאַרבּן מיטן הייַנט צוזאַמען. און פון דאַנענט שטאַמט אייַער שוואַרצער פּעסימיזם: הייַנט איז נאַכט. וואָס וועט זייַן מאָרגן? – „פינסטער!" מוז מען ענטפערן, נישט קענענדיק אויף אַ רגע אַריבּערשפּרייַזן די ד' אַמות פונם „אַצינד", וואָס איז, צופעליק, שוואַרץ...

„ס'איז אַ וועלט־בין־השמשות" — זאָגסטו ערגעץ, אורי צבי.; ליכט־און־שאָטן־געמיש. וואויל צו די, וועלכע קענען פון די שאָטנס אַרויסזויגן אַ טראָפּן שיין — און שפּינען אַ באַגינען־לעגענדע; ווי צו יעגע, וואָס דערטרינקען דאָס רעשט ביסל שיין אין די שאָטנס און מאַכן זיי אַזוי פינסטער, אַז ביי זונזוכער זאָלן די הענט זיך אַראָפּלאָזן — — — „אַ רחמנות אויף זייערע געמיטער, נעבעך" — מוז מען זיי זאָגן מיטן לשון פון „אַלבאַטראָס" (נומער צוויי); ס'ליגט אויף זיי די קללה פון אייביקע אבלות, ווי דו, אורי צבי, זאָגסט: „די אייביקע נאַכט פון אבלות".

אורי צבי! דו האָסט אַקינד, אָדער דו האָסט טאַקע "דעם זוימען פון קינדער־האָבן אויסגיגאָסן אויפן ווייבס בויך„, ווי דו זאָגסט, און דו ביזט אינגאַנצן נאָר „שקיעה"?..

און ביי מיר אין צימער איז גראָד אַ לאַכנדיק בלאָנד ייִנגעלע געווען, ווען איך האָב דיין „אַלבאַטראָס" געלייענט — און מיט צאָרן אים אָן דר'ערד אַשמיץ געטאָן.

האָט דאָס קינד מיך געפרעגט: פאַרוואָס? דו האָסט דאָך אַזוי ליב ביכער? — האָב איך אים געענטפערט: אָבער דיך, קינד, האָב איך ליבער פון אלץ אין דער וועלט!

אַז מיין קינד וועט אויסוואַקסן און וועט אַמאָל פון אַן אַרכיוו די דאָזיקע, שוין דאַן פאַרשטויבטע, פסעוודאָ־איוב־דיכטונג אַרויסציען און עס דורכקוקן, וועט עס מיך פאַרשטיין —

מיין קינד מוז און וועט גיין באַרג־אַרויף — דאָס איז דאָך מיין נייע קומענדיקע זריחה! — צו וואָס זאָל איך זיינע רופנדיקע האָריזאָנטן פאַרשטאָפּן די מיילער מיט שקיעה — און די פיס אים אונטערהאַקן?

צו פאַלט דיר נישט אַמאָל איין, אורי צבי, אַז דו דינסט אומבאַוואוסטזיניק דיין אייגענעם „מעפיסטאָ", וועלכער האָט דיר בכיון אַוועקגעשטעלט אויפן וועלטישן שיידוועג, אַז דו זאָלסט מיט דיינע — אמת, בריטע — הענט פאַרשטעלן די זון פאַר ליכט דורשטיקע גייער — — — און מיין קינד וועט אויסקומען צו קעמפן נישט נאָר מיטן טייוול, נאָר מיט דיר אויך, כאָטש דו אַליין ביזט אַזוי זונבענקנדיק, שפּריטנדיק די נאַכט — מיט דיין פסעוודאָ־איוב־יזם, —

איוב האָט דאָך אַ גוטן סוף! און איך מיין, אַז פריידיקן אומעטום און תמיד נאָר דעם טריומף פון שלעכטס, איז נאָך פאַלשער ווי דער שטענדיקער גוט־סופיקער שמר'יזם; דאָס איז דער שמר'יזם אויף דער לינקער זייט — אַ שוואַרץ־איינזייטיקער, דער שקר פון עקרים, וואָס זייערע וואָרצלען פאַרנעמען זיך נישט ברייטער פונם „אַציגנד" — — —

כאַ־כאַ־כאַ! מלך ראַוויטש האָט דאָס געמיינט דיך, אורי צבי, אויך דאַן, ווען ער האָט פאַררעכנט פאַרן רבין פון די נייע דיכטער דעם ליכטיקן אדלעראויגיקן וואַלט וויטמאַן? — — — וויטמאַן — דער רבי פון „באַרג־אַראָפּ"!...

ווי זאָגט ערגעץ דוד איגנאַטאָוו: „די וועלט איז אַ מעשהלע" —
אַ וואונדערליכע פאַנטאַסטישע זון־און־וואלקן־מעשהלע, און אַלס אַוועלכע,
איז זי ווי אַלע מעשהלעך, נענטער ווי צו אַלץ — צום פאָלקספרימיטיוו —
צו פּרק'עס מעשהלעך, צום ענדליכן טריומף פון גערעכטיקייט אין „דין־תורה מיטן ווינט", צו זיינס אַ וויג־מעשהלע, וואו אויפן שפּיץ פון פאַרבלוטיקטן באַרג דערקענען זיך אַלע קלעטערער — און צעקושן זיך אין זונשיין — — —
צו דער ליכטיקער מעשהלע פון „וועלט־באַרג־אַרויף"!

קנוט האמסון.

# אַלעקסאַנדער און לעאָנאַרדע.

דערציילונג.

אין מיין פאָטערלאַנד בילדעט דער ים אַ דורכגוס, וועלכער הייסט גלימאַ האָט דאָרט איין צייט געוואוינט אַ ציגיינער־יונג אַלעקסאַנדער. מיט דעם אַלעקסאַנדער איז מיר איין מאָל אויסגעקומען זיך דורכצוריידן אין פעסטונג אַקערכוס וואו ער איז געזעסן פאַר פאַרגוואַלטיקונג, און אָט לייען איך איצט אין די צייטונגען דער געפערלאַכער גזלן איז געשטאָרבן, די טורמע־לופט האָט אים געטויט.

ער האָט מיר דערציילט ווי ער האָט אַמאָל אַ מיידל געפטרט...

כ'קלער הייגט צופיל וועגן דער געשיכטע און הויב דעריבער אָן פון מיטן, כ'וועל פרובן פון אָנהייב

באַ אונז אין צפון־לאַנד וואוינען גרעסערע און קלענערע פישער, א גרויסער פישער, דאָס איז אַ וויכטיקער מענטש, וואָס האָט אייגענע נעצן, אַנ'אייגענעם האַפן און אייגענע שפייכלערס. ער טוט זיך אָן אין אומגעוויינלאך ברייטע און דיקע קליידער, כדי אויסצווייזן, דיקער אַלס סימן אַז ער האָט מעגליכקייטן גוט צום עסן ער פאַרשפּעטיסט קיינמאָל ניט צו צאָלן דעם גלח, אָדער ציגזון, אַף יום־טוב ברייַנגט ער אהיים אַ גאַנץ פעסל בראנפן, ס'איז קאָנטיק אפילו וואו ס'וואוינט א גרעסערער פישער, זיין שטוב איז אַרומגעזען, אין רויט געפאָרבן מיט ווייסע טיר און פענסטער. זיינע זין און טעכטער דערקאָנט מען נאָך דעם, וואָס אין קלויסטער קומען זיי באַהאנגען מיט כל'ערליי דימענטן און ברילִיאַנטן.

מאַכט זיך איינמאָל, אַז צו דער שיפלאַך־האַפן פון רייכן פישער יענס אָלאַי איז צוגעשטאַנען אַ גרעסערער ציגיינער־טאַבאָר.

געווען איז עס אין אָנהייב פרילינג, די ציגיינער זיינען געווען אַף אַנ'אייגענער גרויסער שיפל אונטער דער אָנפירונג פון אַלטן אַלעקסאַנדער זאַנאָזע אַ ריז פון א קלאָסטער די הויך:

און אין דער הויז פון רייכן יענס אַלאַי איז געקומען פון דער שיף בעטן אַ נדבה, אַ יונגער, שיינער ציגיינער יונג פון אַ יאָר צוואַנציק, דאָס איז געווען דער יונגער אַלעקסאַנדער.

געטראָפן האָט עס ווען איך בין נאָך א קינד געווען. מיר קינדער האָבן אַלעקסאַנדערן גלייך דערקענט; בשעת ער איז אינגער געווען פלעגט ער זיך שפּילן מיט אונז ביַיטן אונז קנעפּלעך און שטיקלאַך מעטאַל. יענס אָלאַי, וועלכער איז געווען שטאָלץ און ערנסט, און קיינעם קיין מאָל גאָרנישט געגעבן, האָט באַפוילן די ציגיינער גלייך אָפּפאָרן פון האַפן און קיין זאַך ניט געוואָלט זיי געבן, נאָר דער יונגער אַלעקסאַנדער, וועלכער איז געווען דרייסט און חוצפה'דיק, איז געבליבן שטיין אַף זיין אָרט, אַפילו דאַן, ווען יענס אָלאַי האָט אים דריי מאָל כסדר געטריבן.

— „כ'קען דיר געבן אַרבעט“ האָט לסוף געזאָגט יענס אָלאַי

— „וואָס פאַרא אַרבעט?“

— „דו וועסט פאַרריכטן קעסלען, טעפּלאַך, און ווען מיר מענער וועלן

אוועקפאָרן פאַנגען וועסטו העלפן מיין ווייב און טאָכטער.״

דער יונגער אַלעקסאַנדער איז אַראָפּ צו זיין שיפל זיך אַנ׳עצה האַלטן מיט ווייבן, און זיך באַלד צוריקגעקערט אין הויז מיט אַ׳נגענטפער אַז ער קומט אָן דינען צום שטאָלצן יענס אָלאַי.

משמעות דער ציגיינער האָט זיך צוזאַמענגערעט מיט זיין פאָטער גוט ארומצו׳גנב׳ענען דאָס שטעטל.

שפּעטער אַז די טעג זיינען געוואָרן לייגנער האָט זיך יענס אָלאַי מיט די זין אַוועקגעל־אָזט פאַנגען און אין הויז איז געבליבן נאָר זיין ווייב און טאָכטער: די טאָכטער האָט געהייסן לעאָנאַרדע און נאָך קיין פולע צוואַנציק ניט געהאַט. דער יונגער אַלעקסאַנדער האָט צו אַלץ געטייגט: פאַרשטאַנען אַף קראַנקייטן, געהיילט בהמות און קעסלען מיט פענדלאַך געפאַרריכט בריה׳דיק!

דעם באַל־עבאָס ווייב, כאָטש זי האָט שוין געהאַלטן בא פערציק, האָט באַלד גענומען אַרויסווייזן אַ באַזונדער נייגונג צו אים, נאָר דער יונ־גער ציגיינער האָט געלאַכט – ער האָט שוין אַ ליבע אין פאָטערס שיפל און וועגן קיינעם אין דער וועל־ט אויסער איר וויל ער נישט טראַכטן.

ביסערע שעה׳ן האָט איבערגעלעבט צוליב אים די שטאָל־צע פישער־פרוי און ד־האָט אָנגעהויבן היטן איר טאָכטער פון יונגן ציגיינער.

ס׳האָט נאָך די ערד נישט באַוויזן גוט אָפּצוגיין, האָט זי שוין געהייסן אַ׳עקסאַנדערן, ווייט אין פעלד טאָרף שניידן, בכדי צו האַלטן אים וואָס ווייטער פון הויז. נאָר אַלעקסאַנדער האָט געזונגען אין טאָרף־פעלד אומפאַרשטענדלאַכע לידער און געאַרבעט פאַר צווייען.

ער איז געווען אַ מאַסיווער, לעבנסלוסטיקער געצנדינער.

לעאָנאַרדע האָט זעלטן גערעט מיט אים.

ניט אָפּט האָט לעאָנאַרדע גערעט מיט אַלעקסאַנדערן. אָ ניין !, זי האָט זיך עס גאָרנישט דערלויבט, לעאָנאַרדע האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז זי איז די טאָכטער פון יענס אָלאַי !

נאָר פרילינג איז אַזאַ געפערלאַכע צייט . . .

און, אַז ס׳איז גוט וואַרים געוואָרן, זיינען אַלעקסאַנדערס אויגן געוואָרן ווי שטערן און צייטנווייז פלעגט ער שוין צו נאָנט צו לעאָנאַרדען צוגיין, ווען ער פלעגט פאַרבייגיין דאָרטן.

פלוצלונג האָבן, אַף אַ אומפאַרשטענדלאַכן אופן גענומען פאַרפאַלן ווערן איינער נאָכן אַנדערן חפצים פון איר קעסטל.

דער שלאָס איז גאַנץ געווען און ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דער דעק פון קעסטל שטייט אָפּ.

לעאָנאַרדע האָט באַשולדיקט אַלעקסאַנדערן, אַז ס׳איז זיין אַרבעט.

— „ניין, ס׳איז נישט איך״ — האָט ער געענטפערט — „נאָר איך קאָן דיך העלפן דיינע חפצים צוריק באַקומען, בתנאי, דו זאַלסט לאָזן היינט אָוונט דיין טיר אָפן״ זי האָט אַף אים שטאָלץ אַ קוק געטאָן און געענטפערט ;

„ווילסט מ׳זאָל דיך מאָרגן פון הויז אַרויסיאָגן ?

נאָר ציגיינער קאָנען אַזוי גוט אויסבעטלען, אַזוי אַריינגנבען זיך אין דער

נשמה, מיט די ראָזע ליפּן, גלאַנציקער הויט און טונקל ברוינע אויגן...
און דערצו אַזוינע געשיקטע אין ליבע...
אַפּן אַנדערן טאָג האָט לעאָנאַרדע אין הויף געפּלאָכטן נעצן. פאַרבייגיי־ענדיק האָט זיך אַלעקסאַנדער אָפּגעשטעלט און געזאָגט:
— „לעאָנאַרדע, דערלויב מיך בלייבן, כ'בין דאָך סיי ווי אַפּן טאָרף־פעלד כ'וועל מער קיינמאָל נישט זאָגן, וואָס כ'האָב געזאָגט. ס'האָט געמאַכט אַן איינ־דרוק, זי האָט געוואָרפן אַ קוק אַף אים. ער האָט אַראָפּגענומען די היטל און איז געשטאַנען, די האַר, רחמנות'דיק אַראָפּגעהאַנגען איבער די אויגן מיט רײַצנדע ראָזע ליפּן...
— „נו, כ'וועל פּרובן" — האָט זי געענטפערט, זיך איינגעבויגן איבער דעם אַרבעל און רויט געוואָרן.
דער ציגיינער האָט גוט געוואוסט וואָס ער טוט דערהויבנדיק ס'יונג מיידל מיטן בעטן איר דערלויבן אים בלייבן אַפּן טאָרף־פעלד. ר'האָט איר נאָר אַ חנפה טאָן געוואָלט, גאַנץ גוט וויסנדיק, אַז די מאַכט איז אין איר מוטערס הענט, נישט אין אירע.

* * *

די טעג זיינען געגאַנגען.
דעם סטאָליאַרס זון קאָנראַד איז אַוועקגעפאָרן פון דאָרף און אַליין אַ סטאָליאַר געוואָרן. ער האָט זיין פאַך אין שטאָט זיך אויסגעלערנט און ווייט אַרום מים זיינע אַרבעט באַוואוסט געוועזן.
כאָטש ער האָט געוואוינט אַף יענער זייט ים־דורכגוס, פלעגט מען וועלנ־דיק באַשטעלן אַ גוט־קעסטל — פאָרן צו אים.
איינמאָל איז אויך לעאָנאַרדע געפאָרן צו אים.
אַלעקסאַנדער האָט איר אַריבערגעפירט איבערן דורכגוס.
זי איז פאַרבליבן אַ לייגנגערע צייט באַם יונגן קאָנראַד און געשמועסט מיט אים וועגן נייעם קעסטל און אנדערעס.
זיי ה'האָבן זיך נאָך פון קינדווייז געקאָנט.
אָפּוואַרטנדיק אין שיפל מער ווי געוויינלאַך איז אַלעקסאַנדר אַרויס אַפּן ברעג, צו צום הויז פון סטאָליאַר און אַ קוק געטאָן אין פענסטער...
גלייך איז ער אָפּגעשפּרונגען און ווילד אַ לאָז געטאָן זיך אין הויז.
אַלע דריי האָבן געקוקט איינער אַפּן אַנדערן.
דער ציגיינער איז געווען ענלאַך אַף אַ ווילדן פערד מיט אַ צעפלאָנטער־טער גריווע און צעשפּרייטע נאָזלעכער
— „יא, יא, כ'גיי שוין" — האָט געזאָגט לעאָנאַרדע — כדי צו באַרו־היקן אים.
די מענער האָבן זיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס.
ביידע יונג...
אַלעקסאַנדער האָט זיך אינסטינקטיוו אַ כאַפּ געטאָן צום זייט וזכנדיק אַ מעסער. נישט געפינענדיק אים האָט ער הכנעה'דיק אַראָפּגעלאָזט די הענט. אָן

געווען איז א ציגיינער הילפלאָז· און מיט אַ מעסער אין האַנט איז ער דרייסט און ווילד ביז מאָרד·

דאָס איז געווען די ערשטע באַגעגעניש·

סוף וואָך האָט קאָנראַד געבראַכט אין שטוב ס׳קעסטל· דער קעסטל · איז געווען אָפּגעפּאָלירט און אַרומגעקלעפּט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט· דער שלאָס איז געווען אַנייער מיט אַ ספּעציעלן מעכאַניזם·

ווען לעאָנאַרדע האָט געוואָלט אַריבערלייגן אירע זאַכן אין נייעם קעסטל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע פאַרפאַלענע חפצים· ליגן אין אַלטן קעסטל אַף זייער אָרט·

זיי ליגן אַזוי רואיק, פרידלאַך, ווי קיינער וואָלט זיי קיינמאָל נישט געטשעפּעט·

– „ווידער האָסטו עס געטאָן״ – האָט זי אים געזאָגט.

– „ניין, נישט איך״ – האָט דער ציגיינער געענטפערט· און צעלאַכט זיך, גאַנץ גוט ווויסנדיק· אַז ס׳וועט אים ווייניק וואָס העלפן·

קאָנראַד איז לאנג געווען אין הויז· לעאָנארדע האָט קאווע אויפגעקאָכט און אים מכבד געווען· דער ציגיינער האָט „טפוי״ געזאָגט און אומבאַמערקבאַר אָנגעשפּיגן אין קאַווע־קענדל·

ער האָט אָפּגעהיט דעם סטאָליאַר בשעת יענער האָט זיך געקליבן אַ היים · · ·

ווידער האָבן זיי זיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס·

אַלעקסאַנדער האָט געהאַט אַ מעסער.

– „אומזיסט באַמיסטו זיך ציגיינער״ – האָט געזאָגט קאָנראַד – „זי האָט מיך היינט אַ וואָרט געגעבן״·

אלעקסאַנדער האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ פייער און אַרויסגעכאַפּט דעם מעסער·

דער סטאָליאַר איז אַריינגעשפּרונגען אין שיפל, זיך אָפּגעשטופּט פון ברעג און אָפּפאָרנדיק אַ פּאָר קלאַפּטער אַ געשריי געטאָן, אַז ער וועט דעם ציגיינער אַרויסגעבן דער מאַכט·

* * *

די טעג זיינען געגאַנגען·

דער אַלטער אַלעקסאַנדער זאנאָזע איז געקומען מיט זיין שיפל און געוואָלט זיין זון צוריק צונעמען, נאָר אַלעקסאַנדער האָט זיך אַנטזאַגט· זאָגנדיק אַז ער וויל דערדינען זיין צייט· און משמעות אָנגעדערציילט דעם פאָטער· אַז ער וויל נאָך מער אָנגנבענען אין הויז· ווייל די ציגיינער שיפל איז ווידער אָפּגעשוואומען און דער יונגער ציגיינער איז געבליבן·

אַלעקסאַנדער האָט געזאָגט לעאָנאַרדען:

– „די שוואַלבן זיינען געקומען צו פליען· צייט שוין דיך גיין מיט מיר אין האַפן ווייזן, וועלכע פעסלאַך צענויפצוזקלאַפּן און פאַרפּעכן פאַרן זומער־פאַנג״

זי האָט נאָך ניט געוואוסט מיט וועמען זי האָט צו טאָן; אָנעמענדיק אַ איראָנישן אויסזען האָט זי געענטפערט·

— „פאַרוואָס זשע נישט, מיט פאַרגעניגן!"

נאָר איר איראָנישע גרימאַסע איז שוין נישט פון גאַנצן האַרצן געווען. זיינע צווייִדייטיקע ווערטער זיינען איר שוין נישט אַזוי גוט געפעלן געווארן ווי צום ערשטן מאָל. זי האָט געזען, אַז זיין ליבע ווערט פון טאָג פלאַמיקער.

זיי האָבן נישט באַוויזן אָפּצוזיין אין האַלבן אייניגע מינוט. האָט אַלעקסאַנדער אַ כאַפּ געטאָן לעאָנאַרדען, איר ארומגענומען און עטלאַכע מאָל היציק אַ קוש געטאָן אין די ליפּן.

— „בינסט פולשטענדיק משוגע" — האָט זי געזאָגט. אַרויסרייסנדיק זיך פון זיינע אָרימס אַ רויטע, שווער אָטעמענדיק.

—„וועסט ווידער זאָגן, כ'זאָל מיך מאָרגן אָפּטראָגן ? — האָט ער געפרעגט. דעם מאָל האָט לעאָנארדע געענטפערט גאַנץ געלאַסן:

—„ס'וועט אָפּהייגגען פון דעם, ווי דו וועסט זיך פירן".

—„כ'וועל עס מער קיינמאָל נישט טאָן" — האָט ער געזאָגט, זיין וואָרט האָט ער אָבער נישט געהאַלטן, ר'האָט די גאַנצע צייט געלאַכט, געשטיפט און נישט אָפּגעשטאַנען פון איר מיט זיינע צערטלאַכקייטן...

און לסוף איז געקומען א טאָג, ווען לעאָנאַרדעס האַרץ האָט זיך גענומען נייגן צום טונקלהויטיקן געצנדינער.

זי איז בעסער נישט געוואָרן, נאָר דערפאַר איז איר קיין שטאָלצקייט נישט צוגעקומען.

אין די ערשטע וואָכן האָט ער זיך צו קיין זאך נישט געקאָנט דערשלאָגן, נאָר אף דער פערטער וואָך האָבן אירע אויגן גענומען קוקן אף אים צאַרט און מילד. בלומען האָבן זיך פונאנדערגעבליט און ס'זייַנען געשטאַנען ווייַסע נעכט.

ענדליך איז זי געקומען אין פעלד און אראָפּגעלאָזן זיך צו אים אין טאָרף־גרוב מיטן מיטאָג, כאָטש זי וואָלט דאָס עסן אויסגעצייכנט געקאָנט אוועקשטעלן אפן ראנד־גרוב, ווי שטענדיק, נאָר זי האָט עס געטאָן, כדי צו זיין וואָס נענטער צו אים.

די מוטער איז שיער נישט משוגע געוואָרן פאר איבערוּכש און באַשטאַנען אף דעם, אז דער סטאָליאר האָט אף לעאָנארדען מער רעכט.

לעאָנארדע האָט געענטפערט, אז אזוי וועט עס זיין אויך ווייטער, און אליין געגאנגען אין א זיסן טשאד און געוואוסט ווען זיך עפּעס אנדערש.

אָט דער ציגייַנער אלעקסאנדער איז געשטאנען אין בלאָטע־גרוב און געגראָבן טאָרף און זי פלעגט אראָפּגיין צו אים און זיך לאנג אָפּרייַסן נישט קאָנען פון זיין יונגער שיינקייַט.

ס'האָבן געטראָפן טעג, ווען דער סטאָליאר קאָנראד פלעגט איר אינגאנצן ארויספליען פון קאָפּ און מ'קען נישט זאָגן, אז די אָ טעג זאָלן האָבן געווען באזונדערס אומעטיק.

אין מיטן פרילינג איז געקומען דער בעל־הבית מיט די זין פונם פאנג. ס'האַבן זיך אָנגעהויבן פרילינג־ארבעטן, אין וועלכע אלעקסאנדער האָט אויך אָנטייל גענומען, כאָטש זיין טערמין האָט זיך שוין געהאלטן ביים ענדיקן.

אַלעקסאנדערן איז איצט שווערער געוואָרן צו טרעפן זיך מיט לעאָנארדען, ווייל אירע ברידער האָבן איר אויך נאָכגעשפּירט און דער סטאָליאר קאָנראד האָט בא אַלעמען דערוועקט מיטגעפיל. חוץ דעם איז די ליבע אַזוי קאַפּריזנע, אַז מ׳ווערט איינער דעם אנדערן שרעקליך גיך צוגעגעסן ווען אלץ גייט כשורה.

און לעאָנאַרדע האָט זיך אָנגעהויבן לאנגווײַלן מיטן יונגן ציגײַנער, און שפּעטער א ביסל זיך גענומען גרייטן צו דער חתונה מיט קאָנראדן.

אַלעקסאנדער האָט געזאָגט:

„דעם ערשטן טאָג, וואָס דער סטאָליאר קומט אהער, טויט איך אים".

נאָר לעאָנאַרדען האָט שוין דער ציגײַנער צוגעגעסן און זי האָט אים ווידער מיט א איראָניע געענטפערט:

„אַזוי גאָר! נו און וואָס זשע וועסטו טאָן דעם צווייטן מאָל?"

גראָד דאן, ווען ס׳איז אויסגעפאלן דער לעצטער טאָג פון אלעקסאנדערס טערמין, האָט דער סטאָליאר בא זיך איינגעאָרדנט טענץ און לעאָנארדע האָט געראַרפט צו אים פאָרן.

— „שיף מיך אַריבער אפן צווייטן ברעג איידער דו פאָרסט אַוועק" — האָט זי געזאָגט.

„וואו קלייבסטו זיך עס" — פרעגט אלעקסאנדער.

— „דאָס דארף דיך נישט אַרן!" — ענטפערט זי.

אַלעקסאנדער האָט זיך שווייגנדיק גענומען פאקן, צעזויפגעפאקט זיינע זאכן אין א פעקל און געזאָגט:

„איך בין פארטיק!"

זיי האָבן זיך אראָפּגעלאָזט צום דורכגוס און אריין אין שיפל. דער דורכגוס גלימא האָט זיך אופגעבלאָזן פון אײַזגאנג און אייז־וואסער און עס איז א געפאר געווען צו פאָרן איבער אים.

אלעקסאנדער האָט געארבעט אַף די גארטלאך (וויאָסלעס), אָפּפאָרנדיק א ביסל האָט ער געזאָגט:

— „הייסט עס האָסטו מיט אים חתונה?"

— „יא" — האָט זי געענטפערט.

— „לעאָנאַרדע, נישט איך האָב עס גע׳גנב׳עט דיינע חפצים — האָט ער פאָרגעזעצט — נאָר דיין מוטער".

א סעקונדע האָט זי געקוקט אף אים מיט ברייט־צעעפנטע אויגן און לסוף אויסגערופן:

— „וואָס רעדסטו?"

— „זי האָט אונז געוואָלט צוקריגן. נאָר איך האָב אונטערגעקוקט וואו זי באהאלט דיינע חפצים און האָב זיי צוריק דיך ארויסגע׳גנב׳עט".

— „זאָגסט אלץ ליגן!" — האָט לעאָנארדע געענטפערט און אים נישט געגלויבט.

דער ציגײַנער האָט געאַרבעט מיט די גאַרטלאך אַלץ אומפאָרזיכטיקער און נית געקוקט וואו די שיפל גייט.

— „און איך האָב דאָך דיר קיין שלעכטעס נישט געטאָן" — האָט ער ענדליך אַרויסגערעט — „כ׳וואָלט געקאָנט ווערן א מענטש, ווען דו וואָלסט עס געוואָלט!".

— „וואָס־זשע גייט עס מיך אָן!" האָט זי גאליק געענטפערט — „וואו פירסטו די שיפל? אונז טראָגט אַף אַ שטיין!

ער האָט די ריכטונג נישט געביטן...

דאן האָט זי הויך אויסגעשריען די זעלבע ווערטער.

ער האָט געמאכט אַ גיכע באַוועגונג׳ ווי וועלנדיק איר פאָלגן און איבערגעבראָכן א גארטל׳

זיי זיינען געבליבן הילפסלאָז.

— „דו האָסט עס בכיון געטאָן" — האָט זי געזאָגט און צום ערשטן מאָל זיך דערשראָקן.

ער האָט געענטפערט:

— „נו יא! וועסט שוין לעבעדיק אפן ברעג נישט קומען".

אין א מינוט ארום האָט זיך דערהערט א הארצרייסנדער געשריי׳ די שיפל איז אָנגעשפרונגען אף א שטיין און באַ איר איז דורכגעלעכערט געוואָרן א זייט׳ אין דער זעלבער סעקונדע איז דער ציגיינער שוין געזעסן אפן שטיין; ער האָט געזען׳ ווי לעאָנארדע האָט זיך עטליכע מאָל איבערגעקערט׳ דערנאָך האָט איר אופגעהויבן און אריבערגעוואָרפן מיטן קאָפ אראָפ׳ אַ ווײַלע האָט זי זיך געדרייט אין קעסל־גרוב און איז אַראָפ צום גרונט׳

מ׳האָט זיי באמערקט פון ברעג און דעם ציגײַנער האָט מען מציל געווען.

און קיינער האָט נישט געקאָנט באַשולדיקן דעם יונגן אלעקסאַנדער.

באַ אים האָט זיך א גארטל צעבראָכן׳ ער איז נישט שולדיק.

און דער אומגליק האָט געלויערט לעאָנארדען.

— — — — — —

די געשיכטע האָט מיר דערציילט אלעקסאַנדר אַליין אין פעסטונג אקער־כוכ׳ וואו ער זיצט פאר פארגוואלטיקונג.

ייִדיש — דוד גלאָבוס.

י׳ גאָטפּאָרשטיין

וואָס מיין אויער קען דערהאָרכן׳
ווייטקייט!
וואָס מיין אויג נאָר קען באַמערקן:
ווייטקייט!
וואָס מיין ד־האַרץ נאָר קען דערשפירן!
ווייטקייט!
און קאָפ אַזוי ווייט איז פון האַרץ...
און האַרץ אַזוי ווייט איז פון קאָפ
און איך אַזוי ווייט בין פון זיך׳

ווייטקייט!
מאַנכמאל ווערט די ווייטקייט רויט
מאַנכמאל — בלאָ
מאַנכמאַל — גרין
און האַרץ אַזוי ווייט איז פון קאָפ
רויט און בלאָ און גרין׳

אהרון שלעז

## פאַרוואָס ?...

שטייט דער שאָטן ווי אַ שווערער וואָלקן אויף מיין לעבנסוועג.
זיינע אויסגעשפרייטע פליגלען ליגן אויף מיין נעכטן,
לויערן אויף מיין היינט. —
נעם איך מיין צושראָקן האַרץ אין די בלאַסע הענט,
קוש זי און פרעג:
— וועלכע פלאַמען האָבן דיך פאַרברענט ?
קוקט זי מיך מיט אירע גרויסע, שוואַרצע לעכער אָן
און שרייט:
— ווייט, ווייט איז נאָך דיין וועג צו זיך!
לאָז מיך אָפּ! איך וויל ניט זיין אין תפיסה פון דיין קראַנקן לייב פאַרשפאַרט;
מיט מינוטן־אייביקייטן האָסטו מיך גענאַרט!
פאַל איך אויף די קני און קוש די ערד
און טרינק דעם זאַפט פון אירע פולע גראָזן
און סוד'ע שטיל:
— מאַמע, מיין האַרץ וויל מיך פאַרלאָזן, —
פאַרוואָס ?!...



* * *

ד. גרינשפאַן

מיין האַרץ איז דורכגעווייקט מיט גרינס
מיין אויג איז דורכגעזאַפט מיט רעגנ־
בויגן

מיינע פערזן דופטן
מיט געווירצער אַראָמאַטן.
פרילינג קינד.
איך זע אַ זון.
איך קוק אַף איר מיט ברייטע אויגן.
מיין קאָפּ — איז זון
איך בין די וועלט.
און אַלץ וואָס זינגט — מיין עכאָ.

איך זיי פאַנאַנדער בלומען
אַף די פעלדער.
ס'בליט.

איך ליב. איך לעב.
אַ גרינער שטראַל.
אַף טישן שטייען בלומענטעפּ
מיט בונטע אויגן.

מיין ליד איז יונג.
די שטאָט — אַ קבר.
דער הימל — מיין פאַליטרע:

## א. פעלדשטיין.

### צו א פרוי, וואס איך האב געזען דעם ערשטן מאל.

קום מיט מיר!
פרעג ניט וואוהין און צו וואס.
דו ביזט פרוי, איך בין מאן,
דאס איז גענוג.

עס פרעגט ניט די זון דעם טאג ווען זי לייכט,
עס פרעגט ניט ס׳גרעזל ס׳פעלד ווען ס׳גרינט,
אויך דו זאלסט ניט פרעגן!
האסט שולטערן, בריסטן, האסט תאוה גענוג,
האסט אויגן, און ליפן און פלאמיקע באקן,
נים קוק וואס היינט זיינען זיי בלאסע—
דו ציטערסט מיין שוועסטער? אין פרילינג איז קאלט דיר?
א׳ שעם זיך! וואס קלערסטו?
טוליע זיך פעסטער צו מיר, וועסט מענערשע בלוטן דערפילן!
זעסט —
גרינגראז אויף סקווערן, די ערד איז צעמיידלט.
און בלוי איז דער הימל,
זאג וואס איז בלויער, הימל צו אויגן?
דו ווייסט ניט, איך ווייס ניט, צו וואס איז דאס וויסן?
די ערד אונזער מאמע זי לאזט אונז געריסן!..
און רופט אונז און שלעפט אונז—ס׳איז פרילינג דו ווייסט דאך!
דו פילסט דאך —
די לאנקישע ערד זי וועט אונזער בעט זיין,
די זון וועט פארקוקן זיך אף ערגיץ א בליאונג —
און מיר?

קום מיט מיר!
פרעג ניט וואוהין און צו וואס?
דו ביזט פרוי איך, בין מאן,
דאס איז גענוג.

פרילינג 1923.

# אינטימע לידלעך.

ז׳ קלוגימוס. — י׳ ש׳.

I

כ׳בין א טאַטע פון צוויי קינדער,
זאָג מיר, שוואַרצע, נו איז וואָס?
האָט מײַן טאָכטער שוואַרצע אויגלאך,
ליב איך פלאַמיק שוואַרצע מיידלאַך,
מישט זיך פאַרבן: גרין, גרוי, ראָז,
האָט מײַן אינגל קרויזע לאָקן,
האָב צו קרויזע איך א תשוקה,
כ׳ווייס קיין מאָס!
כ׳בין אַ טאַטע פון צוויי קינדער —
נו איז וואָס?

כ׳בין פון לאנג שוין א באַווײַבטער,
זאָג מיר, שוואַרצע, נו איז וואָס?
אויסגעשטיקט ביז איינעם אַלע נעכטנס,
דרײַסיק יאָרן, ווי די קעלבער —
מײַנע נעכטנס;
אָפּגעבונדן, ווי טאַבונען זיי צולאָזן
מײַנע שטיפערישע הײַנטן —
יונגע, דרײַסטע, שטאַרקע, בליען
מײַנע הײַנטן!

כ׳האָב פאַר זיי פון בלויען מירמל
אויסגעבויט אַ שלאָס;
ווײַב איז ווײַב, און מאן איז מאן,
שוואַרצע, בלײַב! ס׳איז לוסט פאַראַן!
אין זומער גרינער גרינט דאָס גראָז...
כ׳בין פון לאנג שוין אַ באַווײַבטער —
נו איז וואָס?

ס׳איז מײַן קאָפּ מיט גרוי באַזילבערט,
זאָג מיר, שוואַרצע, נו איז וואָס?
איז לבנה — מיר אַ שוועסטער,
הימל לויטער — מיר אַ ברודער,
אין זילבערטאַצן וועל איך פּויקן
אַז די פּויק זאָל פּלאַצן!
און דו, ציגײַנערקע, גיס אָן דעם כּס!
טריף דײַן גיפט ארײַן אין בעכער!
שמאָקצע אויס׳עט מײַנע זאַפּטן!
לאָז א צײַכן און פאַרלאָז!
זאָגסט, מײַן קאָפּ איז גרוי באַזילבערט,
נו איז וואָס?

## II — דרײַ פלאָנטערן זיך ארום מיר...

באַ מיר פלאָנטערן זיך דרײַ אונטער
די פיס.
ס׳איז מיין פרוי אַ טרײַע וועכטערן מיר,
מיין פריינדין — אַ צאַרטע געליבטע
מיר,
מיין טאָכטער — א טרייע שוועסטער
מיר,
וועמען ליבן? וועמען האַסן?
אז דרײַ פלאָנטערן זיך אַרום מיר...

דרײַ פלאָנטערן זיך אַרום מיר —
איינע לבנה׳עט מיר דעם טאָג,
ס׳צווייטע וואָלקנט מיר די נאַכט,
און די דריטע, אָ, די דריטע
טאנצט אַרײַן אין מיין פאַרטאָג —
און צופלאָנטערט מיר די לידער,
וואָס בלוי־פאַרטאָג מיר ברײַנגט
אין שלייער,
ווישׁ איך אויס׳עט מיינע אויגן
די פאַרשטויבטע פון די זאַמדן,
וואָס טאָג פאַרגרויטער שיט אָן זיי —
און געפין —
דרײַ פלאָנטערן זיך ארום מיר...

דרײַ פלאָנטערן זיך ארום מיר...
וועמען ליבן? וועמען האַסן?...
כ׳בין פארפלאָנטערט אין אַ נעץ;
און איך ווייס ניט וועמען דינען,
ווער איז גאָט, און ווער איז געץ?
מײַנע פעלדער ניט צעאַקערט
ס׳מישט זיך אויס׳עט
זונען־שמייכל, וואָלקנטרויער —
דרײַ פלאָנטערן זיך אַרום מיר...

מרדכי יאפע.

# „וואַקאַרושקעס“.

קאַפּיטלען פון א ראָמאַן.

(סוף).

ב

דעם צווייטן זונטיק, באַ קי־מעלקן, האָט די „אַכמעסטרינע“ אָנגעזאָגט שרה'קען אַז הײַנט וועט מען די „וואַקאַרושקע“ מאַכן אין „ברויז“. באַ נאַסטיען. זי האָט איר אויך איבערגעגעבן, אַז א־צטער וועט זיין זעהר פריילאך, מ'האָט צוגעזאָגט צו קומען פון די אַרומיקע דערפער. און אַז יוזי האָט גע'פועלט באַם „פּאָניס“ (פּריץ), ער זאָל מאכן די סעודה אף זיין רעכנונג.

שרה'קע איז אַוועק אַהיים אַ פאַרקלערטע. אַפן גאַניק האָט זי געטראָפן זיצן די אַלטע מאַזעלעניכן, אָט די דאָזיקע גוטינקע גויה. מיטן געקאָרטשעטן פנים און שמייכלענדע אויגן, אַף וועמענס הענט זי און אַלע קינדער האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט. זי איז געזעסן שטיל. איינגעקנוילט. נעבן איר אַ גרויסער אָפּגעשפּאָלטענער לאַדיש און ווי שטענדיק האָט זי געקוקט און אומעטיקלאַך געשמייכלט.

— לאַביש דיען, מאַמנושע! — האָט זי שרה'קע באַגריסט.

די אַלטיטשקע האָט זיך אויפגעהויבן, אויסגעשטרעקט די דינע, ברוינע הענט. זי ארומגענומען און געקושט אין די אָרעמס.

— אַ גוטער יאָר, טעכטערילע... פון וואַנען גייסטו דאָס אַזוי פרי?

— באַ די קי געוועזן, מאמאַשע.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר, און הויך, מיט אַ פרישן מונטערן קול ווי פאַר אַ טויבער, האָט זי איר אויסגעפרעגט פון אַלע זאַכן. אין דאָרף וואָס הערט זיך באַ זיי... און וואָס איר מאַן, דער אַלטער מאַזעלענאַס... באַקומט זי בריוו פון איר עלטערן זון, דער וואָס איז אין פעטערבורג... און האָט זי נאָך יענע ראַבע הון, וואָס פלעגט לייגן די גרויסע אייער...

די גויה איז געזעסן און האָט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פון איר. זי האָט געהאַלטן איר האַנט. געגלעט און דערציילט איר שטיל. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און מיט התפעלות פון אַלץ, וואָס זי האָט נאָכגעפרעגט. און אַ סך, אַ סך זאַכן, פון וואָס נאָר די אַלטע מאַזאַלעניכע האָט געקאָנט וויסן און נאָר זי האָט געקענט דערציילן... שרה'קע האָט זיך מיט איר געפרייט. פונקט ווי אַ קינד פרייט זיך, ווען אַ רייכע מומע קומט צו גאַסט און נעמט שלעפן פון די פּעקלאַך אַלערליי צאַצקעס און שפּילוואַרג... זי האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געלאַכט מיט א הויכן, יונגען געלעכטער. די אַלטע גויה האָט זיך געשמאָלצן פאַר נחת. און אַלץ מערער איז געוואַקסן איר התפעלות:

— אַזוי?... אַזוי?... האָט דער טאַטע ניט געלאָזן פאָרן אין שטעטל?...

אַ שאָד טאָכטערל... דאָרט איז דאָך אַזוינע שייניקע „קאַוואַלערן“ פאַראַנען... טצאַ־טצאַ־טצאַ...

זי האָט מיטן צונג געקלאַפּט און איז געווען אַזוי צופרידן און אין התפעלות פאַר יענע שטעטלדיקע קאַוואַלערן, אַז שרה'קע האָט זיך געמוזט פונאַנדערלאַכן...

— ס׳מאַכט ניט אויס· מאַמאַשע· מיר האָבן דאָ אויך קאַוואַלערן ··· אָט וועט היינט אַ „וואַקאַרושקע״ זיין ··· וואָלסטו נאָר זען!

די גויה האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— זאָל דיך גאָט העלפן· טאָכטערל! ביזט דאָך ווי אַ בלימעלע שיין ··· און אַזאַ גוטע·

— וואָס — בין איך טאַקע אַ שיינע? — האָט שרה׳קע ווייך און טשיקאַווע אַ פרעג געטאָן און זיך אַוועקגעשטעלט קעגן איר מיט איר הויך·

— אַף איר אַזאַ יאָר, טאָכטערל ··· ביזט דאָך אַ „פּאַניעלע״ (פּריצ׳טע) ··· אין „פּאָקאָיעס״ פּאַסט דיר צו זיין·

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט שרה׳קע געלאַכט, און אין איר לאַכן איז געווען אַ פאַרקלערטקייט· דוכט· צום ערשטן מאָל האָט עס איר אי געפרייט אי באַנג געטאָן דער געדאַנק, אַז זי· שרה׳קע איז „ווי אַ בלימעלע שיין״ ··· זי האָט זיך אויפגעהויבן און אריין אין שטוב· נאָך איר — די אַלטע מאַזועלעניכע·

*

דעם גאַנצן טאָג איז זי געווען פאַרנומען· זי האָט „געשלאָגן״ פּוטער· די עופות צוגעזען· אַריינגעכאַפּט זיך צייטנווייז אין קראָם העלפן דער מאַמען· זי האָט געשמועסט מיט פּויערים וואָס זיינען פון „שטעטל״ געפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט בײַ זיי· זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פריייען יאַקל און פאַרקאַשערטע אַרבל· די האָר האַלב פונאַנדערגעלאָזט און האָט פלייסיג געאַרבעט, כמעט אָן אָפּרו·

פאַרנאַכט צו, קוים איז דער שטויב פון די פאַרביי פאָרער קלענער געוואָרן און די קי האָבן גענומען בלעקן אַהיים· — האָט זיך שרה׳קע אַן עמער וואַסער אַריינגעטראָגן, אויסגעטאָן זיך דעם יאַקל און אַרומגעוואַשן דאָס האַלדז און פּנים מיט פרישן וואַסער. דערנאָך האָט זי גענומען דעם שפּיגעלע און זיך געשטעלט פונאַנדערקעמען די האָר ··· זי האָט געקוקט אין שפּיגל און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אַף אירע ליפּן: „ווי אַ בלימעלע שיין ··· און עפּעס אַ מאָדנער געדאַנק איז איר פלוצלונג אַף זינען אַרויף: ווער פון זייביידן איז שענער — זי אָדער נאַסטיע? ··· דערשראָקן האָט זי זיך פאַר דעם דאָזיקן געדאַנק, נאָר לייגער פאַר אלע מאָל האָט זי געקוקט אין שפּיגל און וועגן עטוואָס געטראַכט···

דערנאָך האָט זי די האָר פאַרפלאָכטן מיט אַ רויטע לענטע· האָט אָנגעטאָן די קורץ־אַרנגע קלײדל מיטן ראָזאָוון שלייף· אַרויפגעוואָרפן אַ טוך, און זיך געלאָזט צום „הויף״·

עס איז שוין געווען טונקל· אַפּן גאַנצן וועג וואו זי איז געגאַנגען האָבן זיך געשפּרייט טונקעלע ווייכע פאָרראַנגען ··· זיי האָבן זיך אויסגעלייגט אַפּן שטח פון הימל און ערד און האָבן זיך אַוועקגעוויקלט אַזש ביז דעם אָרט· וואו דערפער האָבן גערוט ··· פון דער טונקלקייט האָבן זיך אַרויסגעשניטן פונדערווייטנס די ווייסע בנינים· וואָס זיינען אין אַ גרויקייט פאַרוואַנדלט געוואָרן· און איין בנין, אַ הויכער און אויסגעשטרעקטער, ווי אַ ריז· האָט הײמלאַך געבליצט פונדערווייטנס מיט פייערלאַך ···

עֶס האָט זיך דערהערט אַ בּיכן פוּן הינט ··· אין דעֶר נאַכט האָט עֶס אויסגעוויזן, אַז זיי זיינעַן זעַהר ווייט ··· זייעַר עכאָ האָט זיך גערייצט ··· נאָר שרה־קעֶס אויעַר האָט פאַרנומעֶן דייטלאַך די קרייזלדיקעֶ קלאַנגעַן פוּן אַ האַרמאָשקע און דרייסט־דומפּעֶ קלעֶפּ פוּן אַ פּויק ·· און וואָס נעֶנטער זי איז צוגעקומעַן, דאָס הילכיקעֶר האָט עֶס זיך געַטראָגן צוּ איר און שטאַרקעָר האָט אָפּגעַענטפעֶרט אַף דעם איר האַרץ·

זי איז געוועַן נעֶבּן „בּרויז”· אַ טופּן פוּן פּיס ··· געֶלעֶכטער ··· געֶשריייעַן· אַ הייסעַ פאַרעֶ האָט איר אַ שלאָג געֶטאָן אין פּנים· זי איז אַרויפגעַגאַנגעֶן דעֶם בּרייטן, געַמויעַרטן טרעַפּ···

די טירן זיינעֶן געַוועֶן בּרייט צעֶעֶפנט·

איבּעֶרן ל־אַנגן פּאָרהויז און אין שׁטוב איז געֶשטאַנעֶן אַ נעבּל פוּן רויך און פּאַרעָ· די ווענט זיינעַן געֶוועֶן נישט געֶקאַלכטעֶ און פאַרשוויצט· דעֶר לאָמפּ האָט געֶוואָרפן אַ מוטנעֶם שיין· וואָס האָט געַציטעֶרט פוּן הייסקייט און בּאַוועַגונג· נאָר אין מיטן הויז זיינעֶן אראָפּגעֶהאַנגעַן פוּן סטעֶליעֶ גירליאַנדעֶס בּלומעֶן און גרינסן־קרענץ· באַקרעֶנצט מיט בּלומען איז אויך געֶוועֶן אין ווינקל די קליינטשינקעֶ איקאָנעֶ מיט דעֶם אויסגעֶמאַגערט־הייליקן פּנים ···

די שטוב איז געוועַן געֶפּאַקט מיט מעֶנטשן· עֶס זיינעֶן געֶוועֶזן אַלע פוּן „הויף”· די „אַכמעֶסטרינעֶ” אַן אַלטעֶ מויד מיט אַ געֶשטופּלט פּנים· אַ דיקע מיט אַ פּאָר שטעֶנדיק זיך בּאַוועַגנדעֶ בּריסטן, האָט געֶטאַנצט מיט אַ יונגן שייגעֶץ ··· זי איז געוועַן אין אַ בּרוין־געֶוואנטן קלייד· וואָס האָט זיך פאַלדיק און בּרייט צעֶשפּרייט אַף ד׳רערד און געֶבּראָכן זיך פאַר שווערקייט ··· און איר וויסעָ· אָנגעקראָכמעֶלטעֶ פאַטשיילקעֶ מיט די געֶשטריקטעֶ „שפּיצלאַך” איז איר· טאַנצענדיק· אַראָפּגעֶפאַלן אַף די פּלייצעֶס און אַנטפּלעֶקט אירעֶ קירץ־פאַרקעֶמטעֶ· פלאַקסענעֶ האָר ··· ס׳איז אויך געוועֶן אַניעלקעֶ· די „פּאָקאָיאָוועֶ” אַ פּוילישׁ מיידל· וואָס פּודעַרט זיך· פּוצט זיך. מאַכט נאָך דעֶר „פּאַני”· און האָט אַ שם אין טאַנצן· איר קאַוואַלעֶר איז געֶוועֶן ־ פּעֶטקאָ· דעֶר זעֶלבּיקעֶר פּעֶטקאָ באַליישיס· וועֶלכן זי האָט פאַראַכטאָגן אַ פּאַטש געֶטאָן ··· איצטעֶר איז עֶר ווייניקעֶר שכור געֶוועֶן ווי דעֶמאָלט· און האָט איר זעֶהר קונציק און פלינק נאָכגעֶהאַלטן· עֶס איז אויך געֶוועֶן אנטאָשקעֶ דעם פּעֶרד־היטערס זון· וואָס האָט געֶטאָן שטעֶנדיק צוויי מלאכות: געֶשפּילט אַף אַ האַרמאָשקעֶ און געֶטאַנצט· איצטעֶר איז עֶר געַזעסן און געֶשפּילט· ער איז אַזוי פאַרטאָן געוועַן מיט דעֶר האַרמאָשקעֶ און מיט אַזאַ כונה געֶדריקט יעדעֶ קלאַוישל — אַז דעֶר שוויס האָט געַקאַפּעט אים איבּעָר דער נאָז און אַראָפּגעַקייקלט זיך איבּעֶר דעֶם קינציג־געבּלימלטעַן טיכל· וואָס האָט אַרויסגעֶשטעֶקט פוּן זיין אויבּעֶרשטע קעֶשענקעֶ ··· עֶס איז אויך געוועַן דעָר זעֶלבּיקעֶר פּליטיסט — אַ בּאַווייבּטעֶר פאַראָבּאָק· וואָס האָט זעֶלטן ווען אַ וואָרט אויסגעֶרעֶט, נאָר געֶזעֶסן און געֶטרילעֶרט ווי אַ פייגל ··· און פיל זיינעֶן געוועֶן פוּן דאָרף געֶקומעֶנעֶ שיקסעֶס און בּחורים· עֶס איז אויך געֶוועֶן יוזי. עֶר האָט ווידער אַמאָל געֶטאַנצט מיט נאַסטיעֶן· זי איז געֶוועֶן אָנגעטאָן אין אַ ליינגלאַך ציצן קלייד און אַריבּעֶרגעֶהאַנגעֶנע בּליוזקעֶ, די האָר פאַרקעֶמט אין צוויי צעֶפּ און מיט אַ פאַרבּיקעֶ סטענגעֶ אַרומגעֶזוימט דעֶם שטעֶרן· עֶר — אין זיין איינגעֶ

בלוי־אַרומגעזוימטע טוזשורקע מיט דעם שטייפן קרעגנדל, קורץ־געשאָרענעם קאָפּ האָר און ווייסע מאַנזשעטן.

שרה׳קע איז געשטאַנען אַ ווײַלע אָן אַ זײַט און געקוקט. דערנאָך איז זי אַרײַנגעגאַנגען. נאַסטיע, אַלס באַלעבאָסטע איז צוגעגאַנגען צו איר די ערשטע. דערנאָך איז אויך צוגעגאַנגען יוזי... נאַכטיע האָט זי אַרומגענומען און געדאַנקט פאַרוואָס זי איז געקומען. איר זיס־הנ׳עוודיק פּנים מיטן קליין אַרויפגעריסן נעזל האָט זיך ווי געדרייט. די שטילע, העלע טויאן־אויגן האָבן שרה׳קען באַטראַכט מיט נײַגעריקייט... זי האָט געקוקט אויף איר און באַטראַכט איר פון קאָפּ ביז די פיס, פונקט ווי זי וואָלט איר דעם ערשטן מאָל געזען. נאָר ווען יוזי האָט פאַררויכערט דעם לאַנגן פּאַפּיראָס און האָט גענומען ריידן מיט איר הויך און באַטאָנט, האָט נאַסטיעס בליק זיך פאַרטונקלט און ס׳האָט א לײַכטער ציטער געטאָן די אייבערשטע ליפּ... זי איז אַוועק פון זיי און געלאָזט ביידן ריידן.

יוזי האָט זי געפרעגט:

— איז די „פּאַני“ געקומען אַליין? האָט זי ניט מורא צו גיין אַליין בײַ נאַכט?

שרה׳קעס אויגן האָבן אויפגעבליצט:

— מורא? פאַר וועמען זאָל איך דען מורא האָבן?...

— אָט אַ שטייגער מען זאָל דער „פּאַני“ נישט צו׳גנב׳ענען... האַ? האָט זי נישט מורא, מ׳זאָל איר צו׳גנב׳ענען? — און יוזי לאַכט. זײַן געלעכטער איז אַ ווייכער, אַ קורצער. נאָר די אויגן בלאָנדזען אַרום אַזוי גוטמוטיק און שטיפעריש, און זײַן פּאַזעדיקער רויכערן און אויסשטעלן זיך מיטן בויך פאָראויס, איז אַזוי גוטמוטיק און בנעימות׳דיק, אַז עס ווילט זיך מיטלאַכן... און ער דערציילט פאַראייניס עפּעס אַ מעשה, אַ שטיקל מעשה וועגן נאָך אַ מיידל... דאַכט זיך זי האָט אויך סאַרקע געהייסן... און אָט דאָס מיידל איז געווען אַזאַ שיינע „קאָכאַנעטשקע“, אַז מ׳פלעגט זיך אָפּשטעלן קוקן אויף איר... איז זי איינמאָל געגאַנגען בײַ נאַכט אַליין, איז מען אָנגעפאַלן אויף איר, אַרויפגעוואָרפן אויף איר אַ שוואַרצן מאַנטל און אוועקגעפירט איר ערגעץ ווײַט־ווײַט, ביז היינטיקן טאָג... נו, איצט פאַרשטייט זי שוין, פאַרוואָס י׳נגע „קאָכאַנאָטשקעס“ טאָרן ניט גיין אַליין בײַנאַכט?...

זיי לאַכן ביידע. נאָר באַלד ווינקט ער צו און באַווײַזט איר, אויף א טאַנצענדיקע פּאָרל. דער „קאַוואַלער“ האַלט אַזוי פעסט אַרומגענומען זײַן „דאַמע“ פאַר דער טאַליע און זי אים — פאַר דער פּלייצע, אַז עס דוכט זיך, אַז זיי זײַנען ביידע הילצערנע, און נעמען זיי זיך דרייען, דוכט זיך, ווי אַ ראָד וואָלט עס זײַן...

פאַרדריסט ער איר און זי בלאָזט אָן די ליפּן ברוגז׳לאַך:

— וואָס? דער „פּאַן“ קאָן דען בעסער טאַנצן?... — נאָר א מאָדנע זאַך, זי מוז עפּעס לאַכן... קיינמאָל אין לעבן איז איר דוכט זיך, אַזוי פריילאַך ניט געווען, און איר האַרץ האָט אַזוי שטאַרק ניט געקלאַפּט... און טוט ער אַ קוק אויף איר, נעמט עס איר שטיקן דער געלעכטער, אַז זי קאָן זיך בשום אופן ניט אָפּהאַלטן...

זעט זי פונדערווייטנס, איבער עמיצנס פּלייצע, אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן... זיי זיינען ברייט צעעפנט און אומרואיק - פאַרשעמט אויסגעשטעלט... אַ בליק — ווי באַ אַ הון, וואָס מ'האָט אָנגעכפּט איר אָקאָרשט אויסגעבריטע עופה'לע... — — — איז דאָס נאַסטיע?

— — — — — —

עטלאַכע פון די יונגע לייט זיינען אַריין אין אַ באַזונדערן חדר, נעמען אַ ביסל „אָרעלקע“ די מוזיקאַנטן האָבן אויפגעהערט שפּילן. זיי האָבן אַוועקגעלייגט די אינסטרומענטן און אַרויס אַ ווײלע אָפּכאַפּן דעם אָטעם. די מיידלאַך האָבן זיך אויסגעזעצט אַף די ברייטע ביינק, זיך איינג צונויפגעדריקט און געשמועסט. זיי האָבן שטיל־ גערעט צווישן זיך, און איינע האָט די אַנדערע אַ סוד איינגערוימט און אלע צוזאַמען האָבן געלאַכט... עטלאַכע פון זיי זיינען אַרומגעגאַנגען איבערן שטוב און זיך געפאָכעט מיט די קאָלירטע טיכלאַך. אַפן גאַנגעק איז מען אַרויס זיך אָפּקילן — און עס האָט זיך באַלד דערהערט, ווי מען קוויטשעט און מען לאַכט...

שרה'קע איז געזעסן צווישן די מיידלאַך. נאַסטיע האָט איר אַרומגענומען, זיך צוגעדריקט צו איר און גערעט צו איר מיט אַ שטילע שטים, וואָס איז פאַרגאַנגען אין אַ שעפּטשען... זי האָט זיך געטוליעט צו איר, געקוקט אין די אויגן און פאַרזיכטיק מיטן האַנט געפירט איבער שרה'קעס ווייכן, לייכט שורשנדען אַרבעל פון איר בליוזקע... שרה'קע האָט איר די קרעלן באַקוקט... זי האָט עס געצופּט, גערירט מיט די שפּיצן פינגער און געשפּילט זיך. די קרעלן האָבן זיך געגליטשט, אָפּגעשפּרונגען און זיך היימלאַך צונויפגעשאָטן אין אַ לייכטן גערויש...

עס האָט אַריינגעבלאָזן אַ קיל ווינטל. ער האָט געגלעט די צעהיצטע פּנים'ער, איבערן לייב געפאָכט און געשפּרייט איבערן שטוב דעם פרישן ריח פון היי... מען איז שטילער געוואָרן. אַ לייכטע פאַרטראַכטקייט האָט זיך ווי אַ ווייסער טאָל אויסגעלייגט איבער אַלעמען. די אויגן האָבן זיך ברייטער פונאַנדערגעעפט, האָבן זיך פאַרטראָגן אין א מילדע, קוים־קוים מערקבאַרע אומעט... צוויי מיידלאַך האָבן זיך אַרומגענומען, זיך לייכט געשאָקלט און שטיל און נאָגנד געצויגן:

אישיאָאו סימטו מיליו,
אישיאָאו ושאַליו גירו;
ניעבער מאַנאַ פאַניעלאַס,
ניעבער מאַנאַ מיליאַאוסאַס... *)

נאַסטיע האָט אויפגעהערט ריידן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך עפּעס הייסער געדריקט צו שרה'קען. זיי האָבן זיך ביידע געהאַלטן אַרומגענומען און לייכט געוויגט זיך, און געוויגט זיך האָט זיך אויך דער ניגון צוזאַמען מיט זיי,

*) פּ'בין אויסגעריטן הונדערטער מיילן,
פּ'בין אויסגעריטן דעם גרינעם וואַלד;
ניטאָ איז מיין מיידל,
ניטאָ איז מיין ליבסטע.

די אומעטיק־ביינגלאַכע טענער האָבן זיך געצויגן, געציטערט און געפאַלן ווי די שאָטנס... זיי האָבן דערציילט פון אַ לעבן וואָס איז אָרעם און צניעות'דיק... פון ברייטע, אָרעמע פעלדער. וואו וואָראָנעס לאָזן זיך אַראָפּ מיט אַ ביינגלאַכן קראַקן... דערציילט האָבן זיי פון אַ איינזאַם שטרוי־געדעקטן הייזל, וואו אַן אַלטער, האַלב־איינגעפאַלענער צלם היט פון אייביק דעם שווייגנדיקן געגנט...

שרה'קען איז מאָדנע נאָנט געוועזן די דאָזיקע לידער... מיט זייערע ניגונים האָט זי זיך אויפגעהאָדעוועט. איבער איר וויגעלע האָט די אַלטיטשקע גויה איר תפלה געשעפּטשעט... אַ פאַרטראַכטע, און אַ פאַרביינקטע איז זי געזעסן נעבן איר און געזונגען. איר גאַנצע זאָרג, גוטסקייט האָט זי אַריינגעלייגט אין דעם דאָזיקן געזאַנג און אין די פראָסטע האַרציקע ווערטער... און זייערע יום־טובים! אין די טעג פון זייער פרייד, אָפּרו, ווען בלומען און גרינסן באַקרענצן זייערע פענצטערע, פאַררויכערטע ווענט, און רוחות פון מיסט און געשניטענעם היי פילן אָן די לופט פון זייערע וואַרימע וואוינונגען, האָט זי איינגעזאַפּט אין זיך דעם טרויער פון זייערע ערלאַכע נשמות...

זי האָט זיי ליב, אָט די דאָזיקע אָרימע, גרויע פויערים. זי האָט ליב זייערע מיידלאַך אין די גראָבע, געוואַנטענע קליידער מיט די פאַרביקע סטענגעס און תמימות'דיק־פונאַנדערגעעפנטע אויגן... און די בחורים, וואָס טרינקען „אָריעלקע“ און וואָס זידלען זיך אָפטער — אויך זיי זיינען איר נאָנט.

און זיצנדיק צווישן זיי, נעבן נאַסטיען, דאָס קליין שיקסל מיטן פאַרברוינטן פנים און פרום־צונויפגעלייגטע הענט, אַף וועמענס ברוסט, צוזאַמען מיט די קרעלן, האָט זיך אַ קליין צלמ'ל אַרומגעוויגט, — איז איר אַזוי לייכט געווען אַפן האַרצן, אַזוי רואיק און הייטער איז געווען איר געמיט, דאָס זי האָט חי אַלע, די אויגן האַלב פאַרמאַכט, זיך לייכט געוויגט און גע'חלומ'ט געצויגן פאַר זיך דעם אומעטיקן ניגון...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר מיט אַמאָל זיינען עטלאַכע בחורים אַריינגעלאָפן, און די האָבן זיך צו דער האַרמאָשקע גענומען. נאָך זיי זיינען די איבעריקע אַריין און מיט מונטערע אויסגעשרייען און האַנט־פּאַטשן האָבן זיי זיך איבערן שטוב גענומען דרייען... עס האָט געשמעקט מיט „אָריעלקע“... די גלאַנציקע שטיוועלאַך האָבן זיך פלינק געהויבן... די מיידלאַך האָבן אויפגעציטערט, פון די ערטער אויפגעהויבן זיך און צוגעגאַנגען מיט אויפגעהויבענע ה נט...

מען האָט געשפּילט אַ מין „שער־טאַנץ“. מיט איין מאָל האָט זיך אָפּגעטאָן פון אַלעמען די עצבות. די פידל מיטן פלייט האָבן אויפגעוואַכט. האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ געיעג... די פּויק האָט זיך געריסן און ווילד געוואָרן פאַר שמחה... די פאָרלען האָבן זיך געפלאָכטן, געדרייט זיך, ווי אַ לעבעדיקער מאַשין מיט צענדליקער רעדלאַך... נאָר אָט איז שטילער געוואָרן... רואיקער... באַזאַכטער... יעדער איז אַף זיין אָרט געווען... דאָס שפּילן איז שטילער געוואָרן, איינגעהאַלטענער... האָט מען זיך פונאַנדערגענומען, האַנט אַף פּלייצע פאַרלייגט, זיך אויסגעשטעלט איינע נאָך די אַנדערע אין אַ רונדן קרייז, איינציקע טריט געשטעלט און זינגען גענומען...

די פידל מיטן פּלייט האָבן שלום געשלאָסן... די פויק איז פּאָרזיכטיקער געוואָרן... די מיידלאַך אַף די דינע שטימען, די בחורים — מינאָרנע, איינגע־האַלטן, מיט אָפּטע אָפּווייכונגען, האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן און באַגלייט זייער יעדן טראָט... געגאַנגען קרייז־אַרום און געזונגען, קרייז־אַרום און געזונגען :... סיאַלדאַאוס מעגוס, נאַרו מעגו, ניע גאַיליו אַזמיגטו... *)

דערנאָך זיינען זיי שטיפערישער געוואָרן, פאַרשייטער... די פידל מיטן פויק האָבן אויפגעוואַכט... געזאַנג האָט גענומען נאָכלויפן נאָך די טריט :

טאַי־לאַ־לאַ, טאַי־לאַ־לאַ,
לאַ־לאַ־לאַ־לאַ, לאָ...

די פידל מיט דער האַרמאָשקע האָבן זיך אָפּגעריסן... די פויק האָט איר לעצטן ברום געטאָן... מען האָט זיך געשווינט א כאַפּ געטאָן און אַוועקגעלאָזט זיך, איינע נאָך די אַנדערע, איבערן שטוב...

און אזוי האָט דער טרויער מיטן פרייד שלום געשלאָסן... און ווען פידל און טריט האָבן אומעטיקלאַך נאָגענד דערציילט, אַז :

„זיס דער שלאָף איז, שלאָפן וויל איך,
קען איך ניט איינשלאָפן"...

האָט די פויק מיטן קנאַפּל אָפּגעענטפערט, אַז שלאָפן איז גאָרנישט... אַז טרויער איז גאָרנישט... אַז לעבן איז פראָסט און פארשטענדליך, ווי דער גע־זונטער אָפּקלאַנג פונם :

„לאַ־לאַ־לאָ"...

*) זיס דער שלאָף איז, שלאָפן וויל איך, קען איך ניט איינשלאָפן...



ה. ראסקעס.

# דער ל״בושי

דראַמאַטישע לעגענדע אין I אַקט (סוף)

ד ר י ט ע ר  א י ד: עס ברענט זאָל ברענען, וואָס האָב איך פון אַלע רייכטימער, איצט וועל איך די קאָפּ קענען האַלטן הויך, ניט קריכן אויף דער ערד, ניט חלשן פאַר אַ שטיקל ברויט ··· איך וויל די חרפה פון מיר אָפּוואַשן ···

מ יי ד ל: אָפּוואַשן ?··· צי קען מען דאָס ? אָפּוואַשן, אָפּשווייבקען ? ···

ד ר י ט ע ר  א י ד: באַלד וועט אויפגיין די זון, טאָג ווערן און בייטאָג קען מען אַלץ ··· אַ ים צושפּילט זיך, מאַכט ער אַלץ חרוב, דערנאָך אָבער וויגט ער שטיל די צאַרטע שיפלאַך ···

י ו נ ג ע ר (וועלכער הערט זיך אויפמעקזאם איין) אָבער די יריעות, פעטערשע ?

ד ר י ט ע ר  א י ד: וואָס פאַרא יריעות ?

י ו נ ג ע ר: זיידע, דערצייל ווייטער, ער ווייס דאָך גאַרניט.

אַ ל ט ע ר: (זעצט פאָר זיין ל״עגענדע וועגן ל״בוש) אַלע האָבן אָן די יריעות פאַרגעסן און קיינער האָט קיין זאַך ניט געדיינקט, אַ ציטער האָבן געטאָן די יסודות פון דער וועלט און פינסטערע שוואַרץ גיהנמ׳שע כחות האָבן אין די הויכן געפליגן, אויף שטיקלאַך צופליקט האָט זיך דער לבוש, צופאַל״ן זיינען די יריעות ··· די ליכטיקע שטערנס, די היטער פון דער ערד, האָבן אָפּגעטראָטן צוריק, און די גייסטער פון פאַרטיליגונג, וועלכע לויערן נאָך רויב, האָבן זיך אויף דער בלויזער ערד געוואָרפן, און רייסענדע ווינטן האָבן זיי מיט זיך געבראַכט ··· און איינער האָט ניט דערקענט דעם צווייטן, און איינער האָט דעם אונטערגאַנג פון זיין חבר געזוכט ···

ד ר י ט ע ר  א י ד (פאַרחל״ומט ווי פאַרזעצענד) ווייל ווייניקע האָבן אַלעמען באַהערשט, ווייל באַרויבט האָט מען די שוואַכע, ווייל מענשן־פלייש איז געוואָרן אַ שפּייז, ווייל מענשן בלוט איז געוואָרן אַ געטראַנק.

אַ ל ט ע ר: און דערשראָקן האָבן זיך די לוחמים, דער פאַרשייט־ווילדער שטורם האָט זיי אויסגעניכטערט און געוואָרפן האָבן זיי די שווערדן, קיינעם פאָלגן האָבן זיי ניט געוואָלט ··· אַ שרעק איז געפאַל״ן אויף די מוטוויליקע, חרטה האָבן זיי באַקומען אויף זייערע מעשים און צוריקקערן האָבן זיי געוואָלט דאָס פריערדיקע ··· מיט הענט וואָס ציטערן פון קדחת, מיט הערצער וואָס זיינען פול מיט פחד, מיט אויגן וואָס קוקן מיט אַנגסט האָבן זיי אָנגעהייבן דעם לבוש פאַריכטן ··· און ביז איצט טוען זיי נאָך האַסטיק זייער אַרבעט זיי אײלן זיך, ווייל פאַרשפּעטיקן האָבן זיי מורא, נאָר אומזיסט. ס׳פּלאַצן איצט אַלע יריעות ס׳צוגייען זיך די געוועבן און נאַקעט שטייט אַלץ, ווי דאָס קינדביים געבאָרן ··· אַ אומענדלאַכער פחד נעמט אַלץ אַרום אַ רעטונג זוכט מען אומעטום.

מ ש ו ג ע׳נ ע ר (צום פענסטער) זיי לויפן אין אַלע זייטן. די פערד שלאָגן זיי מכות רצח ווי די טייוואָלים ···

ד ר י ט ע ר  א י ד: מען מוז פאַר אַלץ אַ מאָל באַצאָלן ···

מ יי ד ל: צי קען מען דען באַצאָלן, מיט וואָס, מיט וואָס ? ···

אַ ל ט ע ר: זיי רייסן האַסטיק שטיקלאַך פון די יריעות און הילן זייערע קעפּ אין די צעפּליקטע גוילין, זוכנדיק אַ שוץ, ווי פֿון גיהנם דונערט עס, די פעסטע גרונטן וויגן זיך; ס׳טראָגן זיך געוויינען, דאָס חיה׳שה ברומען פאַרפּילט די וועלט און זיין גמול באַקומט דער מענש. ס׳הערן זיך שטאַרקע האַרמאַטן קלעפּ. ס׳קנאַלט אויפן גאַס, ס׳רייסט דער געוויטער, ס׳וואָיעט דער שטורם, דאָס קרעכצט די ערד, דאָס חיינען די יריעות, דאָס איז דער לבוש צעריסן. דאָס ברעכן זיך די יסודות עולם ··· שטורמען וועט עס און מחריב זיין וועט עס און אַ פּאַרטיליקונג וועט זיין ביז וואַנען קיין שפּור פון די יריעות וועט ניט בלייבן ביז וואַנען דער לבוש וועט פון דעם מענשענס טהאַטן אינגאַנצן ניט אונטערגיין ···

ס׳לויפן אַריין עטלאַכע סאָלדאַטן, די פּנימ׳ער ווילד - צערטלט, די אויגן בלאָנזענד

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט: ווער איז דאָ, אידלאַך! מיר׳ן זיי נעמען אויפ׳ן פאַרהער ··· לייבט מיט זיין לעמפּל אין דער פינסטערניש שאַ, דאָס איז גאָר אַ גאַסס-הויז ··· אָט וועט זיין אַ טאַנץ ··· די אידן רוקן זיך אין ציטערניש צו די ווינקלען

צ ווי י ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט: אָבער געלט האָבן זיי דאָך ניט ··· וואָס דאַרפן מיר זיי אַליין ··· ניט קיין נייס ··· צום דריטן אידן הערי, האָסט געלט, גיב אַהער ···

ד ר י ט ע ר א י ד: געלט ··· ניט פאַר מיר איז דאָס באַשאַפן ··· כ׳האָב גאָרניט ··· די קאָפּ קענסטו נעמען ··· געלט ניט, סיידן וועסט מיינע צרות אויף קלינגענדיקע מטבעות פארבייטן ···

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט: באַמערקט דאָס מיידל אָט איז דאָך גאָר א פריילין ··· שיין און זיס ···

מ יי ד ל: לויפט אַרום דער בימה שרייט לאָזט מיר, ראַטעוועט, הרג׳עט מיר אַוועק! ···

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט: זאָגט איר וואָס האָסט דו זיך צעריטשעט? ס׳דערטראָגט זיך אַ נאָנטע שיסעריי

צ ווי י ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט: נאָמיר זיי לאָזן ··· מ׳שיסט נאָנט, מ׳באַדאַרף לויפן ··· ס׳איז אפשר שוין שפּעט.

צ ווי י ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט: אָזט אָפּ דאָס מיידל שפּעט ··· טאָ קום, לאָמיר אַיילן לויפן אַרויס

אַ ל ט ע ר: אַוועק, גאָט צו דאַנקען, ער באַשיצט אונז.

ד ר י ט ע ר א י ד: זיי אַנטלויפן, אַנטלויפן ··· און אַ פרייד קומט פאַר אַלעמען, און אַ שמחה ווערט געטראָגן פון די ווייטנס ··· דער צער אַוועק! פרייט זיך! ··· קוקט אין פענסטער באַלד וועט שוין טאָגן, באַלד וועלן זיך צעגיסן די רויטע שטראַלן פון מזרח׳דיקער זון ··· און וואַרעמען וועלן זיי און גלעטן ··· די פריהערדיקע דאַרף מען באַגראָבן, באַגלייטן די פינסטערע נאַכט מיט אַ קדיש - געזאַנג ···

מ ש ו ג ע נ ע ר: כ׳וויל קדיש זאָגן נאָך איטשע גבאי, נאָך זיינע קראָמען הויבט אָן מיט אַ יעמערלאַכן קול, וואָס שנייט דעם פינסטערן חלל יתגדל ויתקדש שמיה רבא ···

ד ר י ט ע ר א י ד, פעסטער, שטאַרקער, העכער! צו דער מיידל שוועס-

טער קום׳ טרויער ניט׳ אַ ישועה גייט׳ אַ גרויסע׳ אַ מעכטיקע׳ לאָמיר זיך פֿרייען לאָמיר טאַנצן נעמט איר אָן ווי אויך דעם משוגע׳נעם און טאַנצן ווילד׳ פאַרשייט דער משוגענער זאָגט בשעת מעשה קדיש׳ דער איד קלאַפּט צו מיט׳ן פוס׳ און זיי דרייען זיך׳ מאכענדיג פאַרשידענע העויות׳ ווי שפּאָטענדיק פון עמיצן׳ פון עפּעס ...

יונגער וועלכער קוקט זיי אָן אויך איך מיט אייך׳ גוטע מענשן שפּרינגט אַריין אין קאַראַהאָד אין זאַלבּעפירט טאַנצן זיי ביז זעלבסט־פאַרגעסונג אויפן גאַס ווערט שטילער׳ זיי רייסן איבער דעם טאַנץ׳

דריטער איד׳ ס׳ווערט שטיל, רוהיג ··׳ די לעצטע אַנטלויפן שוין׳ די איבערגעבליבענע ··׳ שרייט אין פענסטער זייט פאַרשאָלטן, לאָז אייך מיין קללה אומעטום יאָגן ··׳ גייט אָפּ פון פענסטער לאָמיר זיצן און וואַרטן׳ באַלד קו־מען זיי אָן ...

יונגער׳ ווער זיינען זיי ?

דריטער איד: שוועסטער, וויין ניט׳ לאָמיר פאַרמאַכן די אויגן און חלום׳ען... שטענדיק אין דער צייט בין איך אין רויש פון מאַשינען גע־שטאַנען׳ אין געדיכטן דאַמף פון־פאַבריק... איצט זעה איך דעם זון־אויפגאַנג... ס׳קען זיין, א סך שלאָפן נאָך·· אָבער איך בין דאָך וואַך... ס׳איז דאָך פאַרטאָג, באַגינען... זעצט זיך אין ווינקל׳ קוקט לײדנשאַפטליך אין פענסטער׳

יונגער: זיידע, און דער סוף. וואָס וועט זיין דער סוף מיט׳ן לבוש׳ מיט דער ערד ?

אַלטער: אַל׳ץ האָט זיין בגד, מיין קינד׳ און דו בינסט דו חייל אַ בגד האָסטו׳ ווייל אַ לבוש הילט דיר איין... אין אַ לבוש בינסטו, ווי אַלע און קיינער דערקענט דיך ניט׳ די ערד דאַרף דאָס איריקע האָבן, און באַרויבן איז איר שווער׳ ווי שווער ס׳איז צו לעסטערן דעם כביכול׳ ווי שווער ס׳איז צו כופר זיין אין עיקר...

יונגער: ער איז דאָך אָבער אינגאַנצן צעפליקט ?

אַלטער: עת לבנות ועת להרוס׳ איינער שטערט׳ דער צווייטער בויט... און בויען הייסט דעם כח ההריסה אַ שליטה צו געבן און מהרס זיין הייסט דעם כח החיים צו פעולות אַרויסרופן...

יונגער: וועט מען אַ נייעם צוגרייטן אין די הימלען...

דריטער איד (פאַרקלערט) מענש און הימל פאָרן זיך ניט אויף·· איינער פאַרשטייט ניט דעם צווייטן...

אַלטער: דאָרט ווייס, הינטער דעם טייך סמבטיון, וואָס רוישט אָן אויפהער און מיט כעס׳ אין אַ ווייטער׳ ווייטער לאַנד זיצט דער מענש און זיינע אויגן צו דער ערד זיינען געווענדעט... איר נאַקעטקייט גייט דורך פאַר זיינע אויגן׳ זיין אויער פאַרנעמט די דונער־קלעפּ און וועגן אַ לבוש פאַר דער ערד און זיין חבר זאָרגט ער׳ און הילף דערלאַנגען וויל ער... אָבער דער אומרוהיקער טייך האַלט אים פאַרשלאָסן אין זיינע ברויזענד־בינדענדע קייטן... מיט גערוואַנגל רייסט זיך דער מענש איבער דעם פייער־שפּייענדיקן טייך, קיין דורכגאַנג גע־פינט ער אָבער ניט... די האָפענונג האָט ער אָבער׳ און מוטיק איז שטענדיק זיין האַרץ און פון יאוש ווייס ער ניט... אַליין, אָפּגעטיילט פון אַל־עמען׳ וועבט ער

אַ נייַעם לבוש. אַ פּאָדים בינדט ער צו אַ פּאָדים, אַ געוועב צו אַ געוועב און אַ לבוש גרייט ער...

יונגער: און די מלאכים פאַרוואָס נייען זיי ניט קיין נייַעם?

אַלטער: זייער איז פאַרשוועכט און נאָר איין בגד איז זיי ערלויבט געוואָרן צו באַשאַפן... אָבער קנאה איז זיי אויך אַמאָל ניט פרעמד, און אַ בטול אין האַרצן איז אויך אַמאָל ביי די דרי עליון דאָ... מיט אַ פאַרבאָרגענער קנאה קוקן זיי אַפן מענשנס געוועב... און די רוחות רעות, וואָס הערשן איבער די בייזע כחות וואַרפן זיך אַפן מענשן פון איבערן טייַך סמבטיון, דונערן שיקן זיי פון אויבן, שטורם־ווינטן פון די ווייַטקייַטן, פייַער זייַלן פון גיהינום און איבער־רייַסן ווילן זיי די אַרבעט פונם וועבער, וועלכער גרייט דעם לבוש.

דריטער איד: בייזע רוחות... ניט שטענדיק הערשן זיי... אויך זיי ווערן פאַרטריבן...

אַלטער: די לאַנד פון די ווייַטן ציטערט און קרעכצעט, די ווינטן רייַסן דעם געוועב, אַ מהומה שיקן די דונערן און צוטומלען וויל מען דעם וועבער, ווייל דער מענש איז אַ חצוף באַ זיי... נאָר אין די פלאַמען פייַער, צווישן די וואָיענדע ווינטן שטייט־ער און וועבט... זייַן פּנים פון פייַער איז פאַרברענט, פון רויך פאַרשוואַרצט, די האַנט אין ציטערניש טאַנצט, די פינגער רייַסן זיך פון איר און ווילן ניט פאָלגן, די ערד גליטשט יך אונטער די פיס... אָבער ער וועבט... מיט ווייַטאָק הויבט ער זייַן האַנט, פאַרצוקט קוקט ער אין די ווייַטן און זייַן אַרבעט טוט ער... דרייַ יריעות קען ער ניט באַשאַפן, ווייַל דרייַ איז רבוי, דער כח פון עבודה־זרה און נאָר איין יריעה וועבט ער אויס און איינער איז ער אַלץ מיחד... שווער איז די יריעה, און אַ ערדישער חמר איז איר יסוד... און „אַרבעט" גיט ער די יריעה אַ נאָמען, ווייַל מיט אַרבעט האָט ער איר באַשאַפן, מיט מיה צום לעבן געבראַכט און מיט מאַטערניש און געראַנגל איר אויסגעוועבט...

[די אויפגייענדע זון רייסט זיך אַריין אין די פענסטער, די גאָלדן־פייערדיקע שטראַלן פאַלן אַריין אין שטיבל, ווי באַגריסנדיק די מענשן.]

משוגע'נער: ליכטיק, שטיל, שאַ, ס'הערט זיך נאָך אַ קלאַפּ... דאָס שפּילט מען זיך נאָך... אַ שיינער טאַנץ געווען...

יונגער: כ'האָב ליב די זון, אַזוי גוט בייטאָג [גייט צו צום פענסטער] רוהיק, שטיל, קיין מענש, צעבראָכענע פורן, זאַכן... אַלץ עפּעס אַזוי פאַרשלאָפן, און זון... קיין זאַן רעדט ניט, קלאַפּט ניט... סודות, אַ גרויסער סוד... אפשר דערציילט דאָרט אויך ווער אַ מעשה'לע...

דריטער איד: גרויסע סודות טראָגן זיך, באַצויבערנדע מעשה'־לעך ווערן דערציילט, נסים ווערן באַוויזן... און אַלע פאַרנעמען די מעשה'לע, ווייַל אַלע זייַנען שטיל, ווייל ס'איז פאַרטאָג... טאָ וואָס בינסטו פאַרשוויגן, זיי־דעשע, דערצייל זשע ווייַטער!

אַלטער: און ווען דאָ וועט די מאָס פול ווערן, ווען די לאַטעס וועלן אינגאַנצן צושפּרונגען ווערן און די רעשטלאַך פון די יריעות וועלן פאַרניכטעט ווערן, ווען דער געשריי און די יללה פון דער ערד וועט די הימלען פאַרטויבן, וועט מען דאָרט אויך אומרוהיק ווערן... און אַז גבריאל וועט אַ באַפעל באַקומען

אַ נײַעם לבוש אַראָפּלאָזן, וועט דער וועבער אין דעם ווײַטן לאַנד אויפשטיין, זײַן אויג צום כביכול ווענדן און אַרײַנמישן וועט ער זיין קול אין דער הייליקער אספה און זאָגן וועט ער: רבונו דעלמא כולה השמים לשמים ותורה לבני אדם, לאָז מיר צו מײַנע ברידער גיין און איך וועל זיי אַ לבוש געבן, לאָז מיר צו מײַן מוטער ערד זיך דערנענטערן און איך וועל איר מיט מײַן בגד באַצירן. די דרי מעלה וועלן מקטרג זײַן אַף אים, נאָר ער כביכול, וואָס אַלץ פאַרנעמט ער, וואָס תכלית הידיעה איז ער, ער וועט אים פאַרשטײַן און דער ממונה איבערן סמבטיון וועט באַפעלט ווערן דעם אומרוהיקן טײַך שטילן, זיין משוגע׳נעם לויף פאַרהאַלטן און באַפרײַען דעם וועבער פון זײַן געפיינקשאַפט.

י ו נ ג ע ר: און דער טײַך וועט דאָך טאָן דעם רצון פון בורא, ער וועט דאָך אים באַפרײַען, זיידעניו!

[פון דערווייטנס דערטראָגט זיך אַ געזאַנג, וואָס גיסט זיך ברייט און מעכטיק; טויזנטער שטימען זינגען מיט האָפענונג, מיט שמחה מיט שטאָלץ... די טענער וואַקסן, דערפילן דעם חלל פון שטיבל און גיסן זיך אויף מיט די גאָלדערנע פאַסן פון דער זון. דער משוגע׳נער, דאָס מיידל און דער דריטער איד שטייען ארום דעם אַלטן און הערן זיך איין אויפמערקזאַם. שלינגענדיק זיינע ווערטער, וועלכע פלעכסן זיך אויף מיט די רוישיקע טענער פון דער גאַס].

אַ ל ט ע ר: און בשעת די לעצטע שפּורן פון די געטליכע יריעות וועלן אומקומען, בשעת דער שטורם וועט פייערן זיין יום־טוב, וועט זיך דער וועבער פון די אפסי ארץ באַווייזן אין זיין בגד, וועט ער אויפציהען אַף דער ערד און אויפשטראַלן וועט די מוטער ערד, ווייל אַ טרייסט וועט זי געפינען אין בגד, וואָס איז דורך מענשלאַכע הענט אויסגעוועבט געוואָרן, מיט מענשלאַכע מיה צו איר געבראַכט.. און איינשטילן וועט זיך דער מענש, פאַרקוקן וועט ער זיך אַף דעם לבוש און וואַרפן וועט ער דעם כעס און פארלאָזן וועט ער די שנאה און בוקן וועט ער זיך פאַר דעם נייעם לבוש, וואָס „אַרבעט" וועט זיין נאָמען זיין...

/דער געזאַנג שטאַרקט זיך, פאַרשפרייט זיך אומעטום. עס הערן זיך פעסטע, דרייסטע טריט, דאָס שפרייזט אַ גרויסע מחנה/

ד ר י ט ע ר א י ד: און שטיל וועט ווערן, ווי אין אַ פרידלעכער משפחה און אַ יום־טוב אַ הייליקער וועט ווערן, ווייל דער לבוש וועט זיין געפונען, ווייל די גאולה וועט האָבן געקומען, ווייל דער וועבער פון פאַרכישופטן מזרח לאַנד וועט איר האָבן געבראַכט.. (מען זינגט שוין נאָענט, אונטער די פענסטער)

מ ש ו ג ע ׳ נ ע ר: אַ שמחה, אַ יום־טוב, מען זינגט, וואָס שטייט איר אידן! לאָמיר אויך זינגען (זינגט) שירה חדשה שבחו גאולים...

ד ר י ט ע ר א י ד (נעמט די מיידל פאַרן האַנט) קום, שוועסטער, אַ נייער מאַנטל פאַר אַלעמען... לאָמיר גיין אַנטקעגן... מיט גלויבן, מיט אָפענע הענט, לאָמיר זינגען, שרײַען, באַגריסן... (לאָזן זיך צו דער ט״ר, הינטער זיי דער משוגע׳נער).

י ו נ ג ע ר: נעמט מיר אויך.. אַזוי שיין איז אַפן גאַס. איך זעה זיי רויטינקע, גלאַנצנדיקע, זיי בלישטשען.. איך וויל אויך מיט אייך...

ד ר י ט ע ר א י ד: קום, יונגער, לאָמיר אַלע אַנטקעגן גיין!

(זאַלבעפירט גייען אַרויס, שרייען אין דער טיר צו דער גאַס) זײַט געבענטשט, הו־ר־ר־אַ, הו־ר־ר־אַ!...

(אַ מעכטיקער הוראַ גיסט זיך פון גאַס, קלינגט אָפּ אין אלע ווינקעלעך און פאַרפלייצט די פאַרשלאָפענע גאַס... די זון שפרינגט מיט אירע שטראַלן און שפילט זיך אין די רויטע פענסטער, אין קלויז בלייבט זיצן דער אַלטער, ער איז פאַרקלערט, ווי פאַרזונקען אין אַ שווערן חלום...)

# פון וועלטישן אוצר



וואַלט וויטמען
גרעסטער אַמעריקעס דיכטער.
1819—1892.

וואָלט וויהיטמען האָט געשאַפן מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, זיינע שאַפונגען שטייגט אַריבער אַלץ, וואָס די גייסטע קונסט־ריכטונגען האָבן ביז אַהער אויפגעטאָן, ער האָט דער ערשטער זיך באַפרייט פון שאַבלאָנעם פערז.

וויהיטמען איז אַ ווילדער, אומבאַגרעניצטער מעכטיקער דיכטער, זיין עקסטאַטישע תאווה צום לעבן דערגרייכט באַ אים אַ נביא׳אישן מיסטיציזם, ער איז דער פריידיגער פּו נאַטירליכן פּי נאַקעטן אמת אין דער קונסט, מעג עס זיין ברוטאַל זיין, זיין פערז, זיין סטיל־אַכאַראַטישער אַ צעשויפערטער, ווי פון גראַניט אויסגעהאַקט זיינע עראַטישע לידער.

וויהיטמען איז דער דיכטער פון צוקינפטיגן פרייען מענשן, פון דער צוקינפטיגער פרייער געזונטער געזעלשאַפט.

וויהיטמען איז דער שעדעווער פון דער אַלוועלט־ליבער קולטור.

**אַ בריי‌טערע אָפּשאַצונג וועגן זיין אַרט און ווירקונג אף דער נייער ליטעראַטור — אין — קומענדיקע נומערן.**

וואלט וויטמען.

## פון ציקל „אדם׳ס קינדער”.

### א פרוי ווארט אויף מיר.

די פרוי וואַרט, דערוואַרט זיך ניט אויף מיר.
זי פאַרמאָגט אַלץ, קיין זאַך פעלט אין איר,
נאָר זי וואָלט גאָרניט געהאַט, ווען ס׳געשלעכט וואָלט געפעלט באַ איר.
ווען ביים עכטן מאַן וואָלט פאַר איר קיין פייכטקייט ניט געווען.
ס׳געשלעכט ענטהאַלט אַלץ: אי גוף, אי נשמה, אלץ איז אין אונזער מין;
האָפנונגען, תאווה׳ס, שיינקייטן, ערדישער תענוג.

גע̇טער, ממשלה און שופטים, גוטס און שלעכטס, געזונטקייט און נאוה,
דאס אלץ איז דער מין און פון מין, דאס איז — זיין באַרעכטיקונג.
דער מאַן, וואס מיר געפעלט, איז זיך מודה אן שאנד, אַז זיין געשלעכט איז אים זיס.
און די פרוי, וועלכע מיר איז צום האַרצן, איז זיך מודה אן שאַנד, אַז זיס איז
איר געשלעכט פאַר איר.
כ׳וועל אַוועק פון תאוה׳לאָזע פרויען!
וועל איך גיין און וועל זיין מיט די, וואס וואַרט און דערוואַרט זיך ניט אויף מיר.
מיט די, וואס זייער בלוט איז הייס, וואס וועלן מיר באַפרידיקן.
איך זע, אַז זיי זיינען מיר ווערט, און כ׳וועל זיין זיי אַ פעסטער מאַן.
זיי פאַסן פאַר מיר!
פון פלאַמיקע זונען און שטורמישע ווינטן, בא זיי איז פאַרברענט ס׳געזיכט.
געטלאַך איז די אַנטיקע בויגעוודיגקייט פון זייערע גופים,
זיי קענען רייטן אַף פערד, שווימען, רודערן, זיך ראנגלען, לויפן, שיסן,
אַנטלויפן, אַנפאלן, זיך שיצן, זיי זיינען שטאָלץ מיט זייער זיין,
זיי זיינען קלאָר, האַרמאָניש, רוהיק.
איך דריק אייך צו זיך, פרויען, איך האָב קיין רעכט אייך אָפצולאָזן,
איך ווינש אייך גוטס.
איר — פאַר מיר, איך — פאַר אייך.
נאָר מיר דינען עמיצן אַנ׳אַנדערן.
אין אייער טראכטן זייגען באַהאַלטן העראָען און באַרדן,
וואס זיינען מעכטיקער פאַר מיר, זיי דרעמלען אין אייערע קערפערס,
און ווילן ניט אויפוואַכן פון אַנ׳אנדער מאַנס באַרירונג.
נאָר איך קען זיי אויפוועקן!
דאס בין איך, דאס בין איך, אָ פרויען!
גראָבער, ניט ברחמנות׳דיק־גרויסער, ניט איבערשפּאַרבאַרער.
נאָר איך האָב אייך ליב, איך וועל אייך ניט ווייַ מאַכן מערער,
ווי מען באַדאַרף עס.
איך גיס אַריין אין אייך מיין חומר,
טויזנטער צוקינפטיקע יאָרן בין איך מגשם דורך אייך.
איך וואַג ניט אָפצורייסן זיך פון אייך,
ביז איך וועל אייך געבן פאַר אַ פקדון דאָס, וואס ס׳האָט זיך אין מיר אָנגעזאַמלט.
איך בין לאַנג געווען אַ פאַרצוימטער טייך,
אַצינד האָט זיך מיין צוים שוין דורכגעריסן.
און אָט. מיך גיס איך אַריין אין אייך; פון די טראָפנס, וואס כ׳גיס אין אייך אַריין,
זאָלן ווערן מעכטיקע, שוימיקע טעכטער, נייע זינגער, מוזיקער,
געליבטע פון אַמעריקע, פון דער גאַנצער וועלט און מיך.
פאַר דעם פאַרלוסט פון ליבע וועל איך פאָדערן,
איר זאָלט די בעסטע מאַנסבילן און פרויען געבוירן.
איך וויל, זיי זאָלן פאַרקערן מיט אַנדערע, ווי איך מיט אייך.
ס׳זאָל אויסוואקסן אין בשפע׳דיקן שניט בא זיי געבורט און טויט.
אומשטערבליכקייט און לעבן, וואס איך פלאַנץ איצט מיט מיין ליבע.

יידיש פריי איבערזעצט ד. גרינשפאַן.

יוסף אנשל.

# וואָס איז אַזוינס טעאַטער? *)

טעאַטער־שפּיל געהערט צו די פּרימיטיווע ערשיינונגען אין דער מענשליכער נאַטור. נאָך אין דער פאַר־היסטאָרישער צייט, ווען דער מענש איז אַרומגעגאַנגען נאַקעט, האָט ניט געקענט אונטערשיידן פון נעכטן ביז מאָרגן, האָט זיך נאָך ניט געקענט ערקלערן די עלעמענטאַרסטע נאַטור־געזעצן, איז געווען קינדערש הילפלאָז קעגן דער נאַטור און קעגן זיינע שכנים־חיות, האָט ער שוין טעאַטער געשפּילט.

ס'איז ניט וויכטיק, וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס טעאַטער־שפּיל האָט דאַן אָנגענומען, ס'איז אויך ניט וויכטיק, צו דער מענש האָט געוואוסט דאַן, אַז ער שפּילט טעאַטער צו ניט. וויכטיק איז נאָר דאָס, אַז דאָס שפּיל איז אַ מיטגעבאָרענע באַדערפניש ביים מענשן און ער, דער מענש פילט כמעט אַ אינסטינקטיווע נויטווענדיגקייט אינ'ם שפּיל.

וואָס איז אַזוינס שפּיל?

שפּיל איז אַ אינטואיטיווער באַנעם פון האַלבווירקליכע חלומות, וואָס ווערן פאַרקערפּערט אין קאָנקרעטע אין עצם ניט נאַטירליכע, דורך דער פאַנטאַזיע דערגענצטע בילדער, זשעסטן, באַוועגונגען, מעשיות און אַפילו הוילע אינהאַלטסלאָזע קלאַנגען.

דער מענש ווערט גערירט פון אַ וואָס פאַר עס איז געשעהעניש, שטימונג, איינדרוק; די דאָזיקע געשעהעניש אָדער דער איינדרוק אַסאָציאירט זיך ביי אים אין באַוואוסטזיין מיט געוויסע זשעסטן, באַוועגונגען אָדער קלאַנגען.

די פאַנטאַזיע טראַכט עפּעס צו דערביי.

און עס ווערט געשאַפן דאָס שפּיל.

ביי קינדער און ביי ווילדע איז דאָס זעהר ניכר.

פלוצלונג, פון העלער הייט, מאַכן זיי מיט אַמאָל אזעלכע מאָדנע באַוועגונגען, גרימאַסן, גייען אַריין אין עקסטאַז. זיי שפּילן. (פאַר גרויסע מענשן קוקט עס אַמאָל אויס משונה).

אַ קינד, למשל, טראָגט זיך אַרום מיט אַ טויטער פּאַפּקע, וויגט איר און רעדט מיט איר אַזוי ווי מיט אַ קינד, אָדער ווי מיט אַ חבר פון איין גלייכן, אָדער דאָס קינד זעצט זיך אַוועק רייטן אַף אַ שטעקן און מיינט, ס'איז אַ פערד.

דאָס קינד ווייס פון אָנהויב, אַז דאָס זיינען טויטע זאַכן. דאָס קינד אָבער שפּילט זיין פאַנטאַזיע, לייגט אין זיי אַריין לעבן.

(שפּעטער אין עקסטאַז קענען מיר שוין ניט זאָגן, וואָס עס שפּילט ביים קינד אַ גרעסערע ראָל: זיין פאַנטאַזיע, צו דער אָביעקט, ווייל די פאַנטאַזיע שפּילט צום טייל נאָר אַ איניציאַטיווע ראָל. דאָס זאַך אַליין הויבט נאָכדעם אָן צו ריידן, ווערט אַ לעבעדיק וועזן).

---

*) דער אַרטיקל דינט אַלס איינלייטונג צו אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען איבערן אַלטן און נייעם טעאַטער, וואָס ווען זיך דרוקן אין די ווייטערדיקע נומערן „וויספּע". רעדאַקציע.

דאָס שפּיל ביי קינדער און ביי ווילדע איז די ערשטע אַנטפּלעקונג פון טעאַטראַלישקייט.

דער דערוואקסענער, אָדער דער קולטורעלער מענש, וואָס האָט שוין אַ מאַסע איינדרוקן און שטימונגען אויף זיין זכרון, קלייבט אויס די שאַרפערע, מער בולט׳ערע און וואָס וויכטיקער פאַר אַלץ די כאַראַקטעריסטישע, סיי פאַר זיין גאַנצן כאַראַקטער־מהות און סיי פאַר דעם שפּיל אינ׳ם געגעבענעם מאָמענט. ער סיסטעמאַטיזירט זיי, אָרגאַניזירט זיי און פאַרבינדט זיי איינס מיט דאָס אַנדערע. אַלס רעזולטאַט פון דעם קומט ארויס דאָס פאַרביקע באַוועגונגען, אָדער ווערטער־קאָמפּלעקס — דאָס שפּיל.

מיר זעען, אַז דאָס שפּיל (טעאַטער) איז אַ מיטגעבאָרענע באַדערפניש ביים מענשן. יעדער מענש, מער אָדער ווייניקער, שפּילט טעאַטער, אַליין אָדער מיט נאָך מענשן. ניט יעדער מענש אָבער האָט די פעיִקייט אַרויסצורופן אין זיך צו יעדער צייט געוויסע געפילן, ער מוז, כדי צו שפּילן, מושפּע ווערן פון עפּעס. דער מענש איז אויך פּערזענליך עגאָאיסטיש אין זיין שפּיל. עס פאָדערט זיך אַ גאַנצער אַנסאַמבל צום טעאַטער־שפּיל, ער פאַרמאָגט ווידער ניט די נויטיקע טעאַטראַלע איבערצייגונגס־מיטלען פאַר אנדערע און האָט ניט אַלע מאָל דאָס פּובליקום אַרום זיך — דאָס וויכטיסטע קריטעריום פאַרן טעאַטער־שפּיל.

זיינען צוליב דעם דאָ אַקטיאָרן — מענשן, וואָס האָבן זיך אויסגעלערנט צו רעפּראָדוצירן זייערע אָדער איינגעלערנטע געפילן.

אַ בינע, וואו זיי שפּילן און אַ פּובליקום, וואָס קוקט צו און נעמט אויף דאָס פּובליקום, פרישט דאָס אָפּ אין איר זכרון, ווייל די אַקטיאָרן, וואָס שטאַמען פונ׳ם זעלביגן פּובליקום זיינען קרוב׳הש גייסטיג און קערפּערליך פאַרבונדן מיטן פּובליקום, פאַר אים שפּילן זיי, זיינע געפילן, אידייען אָדער איינדרוקן (אין זין פון צייט) נאָר מיט זייערע אינדיווידועלע זשעסטן, באַוועגונגען און ווערטער.

ביים פּובליקום איז דאָס פריער געווען אין אַ כאַאָטיש אַבסטראַקטן צושטאַנד, ס׳איז געווען צופעליג, איין ערשיינונג, אידייע, שטימונג אָפּגעריסן פון די אַנדערע דער אַקטיאָר שטעלט זיי ווידער אויף, באַשאַפט זיי אַף דאָס ניי, און מאַכט פון זיי צוזאַמען עפּעס אַ גאַנצע.

דאָס פּובליקום קריגט אַ קלאָרן בילד פון אירע אייגענע איבערלעבונגען דאָס הינטער באַוואוסטזיניגע קומט צו באַוואוסטזיין.

ולכן: אַקטיאָר, בינע *) און פּובליקום זיינען איינג פאַרבונדן איינער מיטן אַנדערן, איינס אָן דאָס אַנדערע קען ניט פאָרקומען.

דאָס, וואָס בינדט זיי צונויף, איז די צייט.

דאָס, וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט איז אָבער נאָר דער אינהאַלט (באַגריפליך) די אידייע פונ׳ם טעאַטער, די פאָרם די אויסדרוקסמיטלען פון טעאַטער זיינען אָבער פאַרשידן, פאַרשידן אין יעדער עפּאָכע.

מיר ווייסן, עס איז געווען אין דער לעצטער צייט אַ רעאַליסטישע תקופה אין טעאַטער ד. ה. מען האָט זיך באַמיט נאָכצומאַכן אויף דער בינע דעם לעבן

*) אַ גענויע אָפּהאַנדלונג איבער די געשיכטליכע עטאַפּן פון דער טעאַטער קונסט ווערט געגעבן ווערן אין די קומנדיקע אַרטיקלען. — רעדאַקציע

פונקט אַזוי ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט׳ רעאַליסטיש; אַ סימבאָלישע תקופה: דורך סימבאָל־ן׳ משלים אַרייסצובאַקומען געוויסע אָדער צוקונפטסאידייען׳ **) א׳ א׳ וו׳ א׳ א׳ וו׳

איצטער׳ אין דער לעצטער צייט זעהן מיר אַ שטאַרקע באַוועגונג פאַר נייע אויסדרוקספאָרמען אין טעאַטער׳

איך וועל זיך איצט ניט אַריינלאָזן אין אַנאַליזירן די פאַרשידנאַרטיקע שטרעמונגען אין דער טעאַטער־קונסט.

דאָס וואָלט אונז צו ווייט פאַרפירט׳

איך וויל נאָר באַמערקן׳ אַז דאָס איצטיגע שטרעבן זיך אומצוקערן צום פאָלקס פרימיטיוו׳ צו דער איטאַליענישער קאָמעדיע „דעל אַרטע” (אימפראָוויזירטע קאָמעדיע) אין אונזער יידישער טעאַטער וועל־טל׳ צום פורים־שפיל און צו דער דהאַלב קופלעטיסטישער נאַאיווער און „ניט ליטעראַרישע” אָפערעטע פון גאָלדפאַדן (יידישער קאַמער־טעאַטער אין מאַסקווע)׳

איז דער בולט׳סטער אויסדרוק פון דער איצטיגער רעוואָלוציאָנערער צייט׳ אַ צייט׳ ווען עס ווערן רעווידירט אַלע פריערדיגע געזעלשאַפטליכע און קינסטלערישע אמת׳ן׳ דאָס יונגע עופה׳לע „ניי צייט” דערפילט ערשט זיינע גלידערלעך׳ דערפרייט זיך מיט זיי און הויבט זיך אָן צו שפילן מיט זיי.(אין טעאַטער - אַ גלידער־דעמאָנסטראַציע אונטער דער בעגלייטונג פון מוזיק) און צווייטנס אַ באַגערן אָנצוטאַפן די ריינע טעאַטראַלישקייט אין איר פרעמיטיווער קינסטלערישער אַנטפלעקונג׳

דאָס טעאַטער, וואָס ביז איצטער האָט פאַרלאָרן זיין פרייע אינטואיטיווע געבונדענע פאָרם׳ ער איז געוואָרן איבער געוויסע דהיסטאָרישע סיבות אַ כלי פאַר אַ געוויסן צייט־אינהאַלט׳ דער „מה שבקנקן” האָט ביסל־עכווייז צעשפאַרט דעם קנקן׳ און האָט פאַרשפרייט זיין העגעמאָניע אינ׳ם טעאַטער׳

און דאָס שפיל־ אינ׳ם טעאַטער האָט דערגרייכט צו אַ מדרגה פון אַ פראָפעסיאָנעלער נאָכאַמונג פון דער ווירקליכקייט — דער רעאַל־יזם׳

טעאַטער דאַרף האָבן אין זינען׳ אויב ער וויל־ בלייבן זעלבסטשטענדיג און אַ קונסט געביט מיט אייגענע מיטל־ען זיין שפילאַרטיגן און אינטואיטיוון כאַראַקטער׳

דאַרף אוממיטלבאַר ווירקן אויף די עמאָציעס און אויפן געפיל׳ דאַרף זיין דינאַמיש און פאַרשידפאַרביג׳ כדי צו שפאַנען די אויפמערקזאַמקייט פונ׳ם פובל־יקום׳

קורץ דער טעאַטער דאַרף האָבן זיינע אייגענע׳ מיט קיינעם ניט פאַרבונדענע׳ סיי טעכנישע און סיי גייסטיגע איבערצייגונגס מיטלען׳

**) צו אַ גענויער כאַראַקטעריסטיק פון די נייע פאַרשיידענע איצטיקע שטרעמונגען אין טעאַטער וועל איך אומקערן אין די ווייטערדיקע אַרטיקלען׳

# בלעטלאַך פון אַ וויספּעניק

ג׳ וועגן

כ׳האָב מוצין געטראָפן׳

— וואו גייסטו שוואַרצפּייערדיקע שוועסטער מיינע האָב איך איר געפרעגט — איך גיי ניט׳ איך בלאָנדושע — איז איר ענטפער געווען איך האָב ניט ליב צו גיין׳ ווייל גיין דהייסט וויסן דעם ציל׳ דעם אָרט׳ וויסן וויפיל טריט איך האָב נאָך צו גיין׳ וויסן וואוהין איך דאַרף גיין און וועמען איך דארף טרעפן׳ איך האָב ליב צו בלאָנדזשען׳ אין בלאָנדזשען ליגט אַ רייץ׳ עס לויערט דער צופאַל, איך האָב פיינט די אויסגעטראָטענע וועגן׳ עס ליכט מיר אומעטיס דאָרט׳

איך האָב ליב צו בלאָנדזשען אויף וועגן שטעכיקע׳ אויף וועגן זייטיקע און אויב דאָרט וויל איך עמיצן טרעפן וועל איך מיין האַנט אַף זיין שולטער אַרויפלייגן און אַזוי זאָגן!

— זיי באַגריסט מיין פריינט, מיר וועלן בלאָנדזשען צוזאַמען׳ וועל איך זען אַז זיין גומען איז פאַרטריקנט אַז זיינע באַקן זיינען בלאַס און מאַגער, זיין בליק איז דורשטיק׳ זיין טראָט איז מיד, וועל איך אים פון מיין לאָגל געבן טרינקען, וועל איך מיט מיינעם אַ קוש זיינע מאָגערע בלייכע באַקן באַנעצן׳ זיי וועלן שוין רויטלאַך ווערן׳ ווייל שארלאַך האָט זיי באַריִרט׳ כ׳וועל זיין בליק זעטיקן מיט מיין פרויענשאַפט וועלכע איז פאַר אים און פאַר יעדן ווי אַ קוואַל צום טרינקען שטענדיק אָפן׳ שטענדיק גרייט ···

אַף וועגן יחידישע׳ איינזאַמע ווער איך שטענדיק באַנייט — אַף וועגן שלאַנגעשע אָטהעם איך מיט דער לופט פון יונגאייביקייט׳ און דאַן דערפיל איך מיין גרינע שלאַנגעשקייט וועלכע שלאָפט אין מיר׳ נאָר וועלכע איז גרייט יעדע מינוט זיך אויפצוואַכן׳ און ווי איז צו די וועלכע איך טרעף אָן אין מיין שלאַנגעשקייט׳ זיי ווערן ניט ווילנדיק אין מיין נעץ אַריינגעפלאָכטן זיי פערזוכן דעם זיס־גאַליקן ביס פון מוצי׳ און ביז דעם לעצטן אָטהעם־צוק זייערן וועלן זיי אַלץ מורמלען׳

מוצי ··· מוצי ··· מוצי··· — און פאַרענדיגט האָט מוצי:

גיי ניט אַף וועגן אויסגעטראָטענע׳ ס׳וועט דיר לאַנגווילן׳ און לאַנגווייל דאָס איז דער פאַרביסנסטער שונא מיינער׳ ער איז אַ פריינט פון אַלטשד· אַ ברודער פון מיטלמאָס׳ אַ קינד פון געניץ׳ וויס, אַף זייגע וועגן וועסטו קנייטשן טרעפן׳ וועסט דיין רוקן קיינמאָל אויסגלייכן קענען, דיין בליק וועט קיינמאָל אָדלעריש ווערן׳ בערג יועלן זיך צו דיר קיינמאָל אַראָפלאָזן׳ און דיין אָרעם וועט קיינמאָל ברייטער ווערן אַז וועלטן זאָל ער אַרומנעמען קענען׳

און אירע אויגן זיינען גרויס און גרעסער געוואָרן און איר בליק איז ווילד און ווילדער געוואָרן, און זי האָט מיר פאַרן האַנט אָנגענומען און געזאָגט: — זעסט׳ די זון פאַרגייט, דער גרויער טאָג׳ דער הויקער גייט אַוועק׳ עס קומט די ווילדע צופלאָסענע שוואַרצלאָקיגע זינדיק ־ תאוהדיקע טש ערעפּאַכע׳ מיין שוועסטער

נאַכט· איר ברוסט איז אויך אַזוי פול מיט באַגער ווי מיינס· און זי טוליעט און זי מאַניִעט ווי איך· און אומעטום איז איר שליטה ווי אומעטום איז מיין הער־שאַפט· אין וואַלד אין פעלד אין שטאָט· אין דאָרף· אומעטום איז צונויפגעפלאָכטן מוצי און נאַכט· נאַכט און מוצי·· —„גײַסט איז גוט· דאַן וועסטו אַ גאַסט זיין אף אונזער נאַכטישן מאָלצייט· ווען ניט אָט זעסט פון ווייטן ווי דער טאָג· אַג־איינגעבויגענער שטייט צופיסן ביים אָוונט און בעט מען זאָל אים צו דער מלכה נאַכט צולאָזן· נאָר דער אָוונט· די נאַכטס וואַכטערין ער לאָזט אים ניט צו· צו גראָ איז זיין מלבוש, און זי האָט פיינט די נאַכט דעם גרויען פאַרב, זי ליבט בונטקייט· שוואַרץ אָדער רויט, ביים דערשיינען און אָפשיינען מוז מען זי שטענדיק מיט רויטע זון־פאַקעלן באַלייכטן· אַזוי ווִיל זי· אַזוי וויל נאַכט· און אויך איך מוצי, ווען איך וועל באַ דיר דערזען· דערפילן א וואקלעניש אַ גרויען געדאַנק· אַ קנייטש· דאַן אנטלויף איך פון דירי· און די ערד אַף וועלכע דו שטייסט וועט זיך אַריס טאָן· און דו וועסט אַ שליידער פילן, וועסט זיך א קייקל טאָן אין דער קאַרליקעס מלוכה וועגן וועלכע מען האָט מוצין פיל מעשה׳לעך דערציילט און דאָרט וועסטו פאַר קאַרליקעס דערציילן ווי אַזוי מוצי האָט דיך פון הויכן בארג אָראָפגעשליידערט· ווען דו האָסט געוואָלט גיין און ניט בלאָנדזשען ··· אַזוי האָט געזאָגט מוצי·

די גרויע האָר·

היינט אין דער פרי ווען איך בין צום שפיגל צוגעגאנגען, גענומען קאַמען מיין שוואַרץ געלאָקטע קאָפּ האָב איך דערזען —

אוי ווערה — גרויע האָר!

האָב איך מיין צימער אין שוואַרצן דעקאָרירט· אויף מיין שרייבטיש צוויי שוואַרצע ליכט אָנגעצונדן און זיך זעצן שבעה געגרייט· שבעה נאָך מיין יוגנט וואָס איז היינט געשטאָרבן·

מוצי איז אַריין, איך האָב מיך דערשראָקן· כ׳האָב געזוכט אַנ׳אָרט וואו זיך צו באַהאַלטן· אָ· ווי וועל איך מיך ווייזן פאַר מוצין, זי האָט ווי תמיד מיר צום דיוואַן צוגעשלעפּט טיף אין מיינע אויגן אַריינגעקוקט און געזאָגט:

פריינט מיינס· וואָס ביזטו אומעטיק· וואָס האָסטו אין טרויער דעם צימער פאַרהילט· ווער איז באַ דיר געשטאָרבן? ווען איך לעב· לעבט אַלץ! פאַר־לעש די ליכט, טראָג אַריין די גרינע גירלאַנדעס· שיט אויס מיט בלומען דעם צימער· היינט איז דאָך יום טוב באַ דיר! און אַנשטאָט דעם קוש· דעם מאָרגן קוש וואָס זי שיינקט מיר טאָג איין טאָג אויס אין שטערן· האָט זי מיר היינט מיט איר מוצישע ליפּן דעם קאָפּ באַנעצט·

און געזאָגט:

עס איז גוט· עס איז שיין· איך האָב ליב ווען עס הויבט זיך אָן זילבערן אַ קאָפּ אַ יונגע· עס זעט אויס ווי שאַמפּאַניער וואָלט זיך צעברויזן· דאָס דער־מאָנט מיך אָן רוישיקע וועלן אויפן צושטורמטן ים· דאָס גיט מיר צום ווייסן אַז די רייפקייט, די צייטיקייט איז אָנגעקומען און איך האָב ליב דעם מאַן דעם רייפן, דעם שטאַרקן דעם אייביק יונגן וועלכער קען ביז זיבציק יאָר זיבצען יאָר אַלט זיין· די געזילבערטע האָר אַף א געדיכטן מענשן קאָפּ זעהן מיר אויס ווי פולע צייטיקע זאנגען אַף אַ צייטיקער געראָטענער קאָרן־פעלד· זיי ניט אומע־

טיק מיין יונגפריינט היינט איז דיר צוגעקומען אַ נייער טאָן, אַ נייער פאַרב, אַ נייער קלאַנג אין דיין יונגאיך און דו דאַרפסט זיך פרייען, טאנצן, זינגען, שפּילן. בונטער איז דיין יוגנט געוואָרן, זי האָט זיך באַרייכט מיט זילבער, מיט זילבער גרויער האָר אַף אַ שוואַרץ - געלאָקטן קאָפּ.

פאַרלעש די ליכט! בלומען און ווייַן! זאָל ברויזן, זאָל שוימען דיין יוגנט, דיין יוגנט וואָס איז אייביק, דיין יוגנט וואָס איז געבענשט מיט מוצעס קושן וועלכע זיינען שטאַרקער און זאַפטער פון וויין.

אַזוי וויל מוצי!...

מאַרט 1923

א וויספעניק.

# פון דער עטאַזשערקע

קריטיש-ביבליאָגראַפישע נאָטיצן

פון ז. פייגין.

## א גרוס פון רוסלאַנד.

מאָגערע קליינינקע ביכעלאך, ווי שרעטעלאך, ווי פערעלאך, אזוי זעען אויס די אלטע לידער-זאמלונגען (אממערסטן איז אין רוסלאנד לידער ערשינען), וואָס זיינען צו אונז אָנגעקומען פון רוסלאנד. ווי קליינינקע קינדערלאך מיט שוואר-ציגקע אויגעלאך קוקן אויף אייך אָט די אלע אויסגאבן פון ליריק-ביבליאָטעק, ווידערוואוקס, קולטור-ליגע א. א.

איר הויבט אָן מיט אַ שטילן הארצ-קלאפ צו לייענען אָט דעם הארציקן גרוס פון אייער ניט לאַנג געוועזענער היים, פון דאָרט, וואו פעדים אומזיכט-בארע ציען אייך נאָך היינט צו יענער לעגאנדארישער לאַנד, וואָס מ'רופט עס: רוסלאנד. איר לייענט און עס טוט אויף אייך אַ ווייַ מיט —

א. ק ו ש נ י א ר אָ וו („וועגט" ליריק-ביבליאָטעק. קיעוו. 1921).

... ליגט מיין ערד אַ דאָרשטיקע און הייסע
מיט פאַרשמאַכטע, לעכצנדיקע ליפּן-
גלויער פרילינג האָט אַף איר ניט אויסגעטרייסלט
די געבענשטע רעגנספּולעזיפן.
ניט געשאַלט אַף איר האָט זומער העלער
מיט צובליצטן דונערדיקן האָרן...
אך, אומזיסט, אומזיסט איצט גארן פעלדער
נאָך אַ זאַטן ליד פון רייפן קאָרן.

ניט קיין זאַטן, נאָר אַ הונגערדיקן ניגון
צו שפּאַרונעס—אויערן פון פּלייטן...
און סע גליוועט באַ ווינטמילן די פליגל—
הענט פאַרבראָכענע אין ווייטאָק...

די יונגע יידישע דיכטונג, וועלכע איז ווי דורך נאכט אַנטפלעקט געוואָרן, ניט קיין פרילינג האָט זי געהאַט, וואו יונגע געבענשטע שפּרייַרעגנס זאָלן איר באפרוכפּערן קענען, ארום און ביז איר — דער גרויסער אומעט פון רייזין'ען, די בלייכע בלוטלאָזע פאר'חלום'טקייט פון איינהאָרן, דער גרילצנדיקער פּאַ-טאָס פון מאָריס ראָזענפעלד.

ניט געשאַלט אַף איר האָט זומ[illegible] העלער
מיט צובליצטן דונערדיקן האָרן...

וואו האָט זי עס גענומען די קראַפט, די דרייסטקייט, דעם פאַרנעם?

פון לאַנג צוזייטע שטורם-זוימען
צעברויזן זיך די שטיינערדיקע האַרטן...

יעַ, די שטיינערדיקע הארטן, די טוי-

טע וועגט האָבן בא קושניאַראָוון לשון באַקומען און ווי דער ביבלישער שטעקן, וואָס האָט א קלאפּ געטאָן אין שטיין און וואסער האָט זיך באוויזן, אַזוי איז אויך, ווי דורך אַ כּישוף אלץ ריידעוודיק געוואָרן, אלץ איז באפרייט געוואָרן —

אויס דעכער, אויס דילן
באַפרייט מיר די רוימען
אַהער...
(פון ליד „עקראַן” דאָרט).

... ברייטער די סטויפּעס מיטן פון פּלעצער אין
איבער־שלונגען פון שליינגישע גאַסן שטעלט אויף
מיין בעלעמער...
מיין זוים וועט זיין—הימל
מיין רוים—
דער פילטויזנטער בל ק פון המון!...

האָט ווער ביז אים גערעדט מיט אַזא רחבות'דיקער שפּראַך?

דער נייער דיכטער, דער ברויזנדער, דער אויסגעוואַקסענער און צוזאמענגעוואקסענער מיטן קאָלעקטיוו קען ניט, ווי די אמאָליקע שאַפן פאר יחידים, און ביחידות. ניין, ער מוז האָבן און האָט שטענדיק פאר זיך דעם ברייטן רוים פון הימל, זיין אוידיטאָריע — דער פילטויזנטקעפּיקער המון.

קושניאַראָוו, דער ליריש־מוזיקאַלישער, צארט־פילנדער, קרעפּטיק־ברויזנדער דיכטער, וועלכער פילט זיך, ווי אַ געניטער מאַטראָס אפן שטורמישן ים גיט זיין דיכטערישן אָנזאָג:

פון מילדע, פון זאָרגנדע מוטערשע בליקן
אַף אייביק, אַף אייביק צו שטורם זיך ווענדן...
פאַראַן ערגיץ ריזיקע, רייצנדע גליקן
נאָר ניט אין די פאָטערשע לענדער.

זיין דיכטערישער איך האָט ליב און זוכט תמיד די שיפן פון אומזין, ער גארט דעם שטורם, דאָרט וויל ער זיין האפן קענען און ער זאָגט:

וואָס טויג מיר ערפאַרונג און וויסן
פון אַלטע געמאָסטענע וועגן...

ער האָט פיינט בתכלית השנאה דאָס אלטע, דאָס אָפּגעלעבטע, קושניאַראָוו געהערט צו די ערשטע פּיאָנערן פון דער יונגער דיכטונג, וועלכע זיינען געקומען מיט זייער אייגענעם טאָן, וואָרט און קלאַנג. מיטן ברייטן רעוואָליוציאָנערן פארנעם, פון יעדע שורה שפּרודלט ארויס זיין ליבע צו אלעס שטורמישעס, אויפוואַכנדעס, פרייעס, און שטאָלץ איז ער, וואָס ער איז געקומען אין אַ שטורמישער תקופה, וואו ער פילט זיך אלס א קינד פון דער גרויסער מענשהייטס־משפחה און אויפריכטיק קלינגען בא אים די ווערטער:

ווער בין איך, וואָס בין איך און וועמענס
אויב ניט וועלטס און מענשהייטס אַ קינד...

און ער ענדיקט—

איך וואַרף אייך אין פּנים דעם אמת
אַז איך בין אַ קעסט־קינד פון מאַרק;.

און ניט אומזיסט זיינען בא אים ווי סקולפּטוריש אויסגעהאַקט, ווי פון מראמאָר, גראניט, קלאָר און בולט זיינע שטאט־בילדער, וויפיל ווייטאָק און סארקאזם ליגט אין זיין מייסטערהאַפטן ליד „שטאָט”, ווען ער זעט מיט זיין דיכטערישן אויג דעם אונטערגאַנג אירן, און אין איר אונטערגאנג, דעם אונטערגאַנג פון אַ גאנצער וועלט — די אלטע וועלט (דאָס ליד איז געשריבן אין יאָר 1920 אין אוקראינע) און ער זאָגט:

שטאָט!
אין בייזן טאָג אין דיינעם
ווער וועט דיר בלייבן טריי
ווער וועט דיין צער באַדויערן?

— — — — — — — — — —

אַלע האָבן אַלטע שטאָט דיר ווידערשפּעניקט—
די פעטע זאַטע ערד
האָט אויך פאַר דיר פאַרמאַכט איר פולן שניס
און האָט אָן דיך פאַרגעסן.

און אין א צווייטן אָרט אין זעלבן ליד:

און אָפּגעטאָן האָט זיך פון דיר דיין שיין
און אויסגעלאָשן זיינען דיינע פייערן...

עס האָט קיינער, ווי ער אַזוי נאָנט צוגעגאַנגען און ניט געזען די טראגישקייט פון דער אַלטער שטאָט, וועלכע שטאַרבט, וועלכע אַ צופוילטע ווערט זי פון אלעמען פאַרלאָזן, דאָס ליד דערהויבט זיך צו אַ סימבאָלישער הויך, עס באַקומט זיך א שטאַרקער, ניט געקינצלטער טרייער דאָקומענט פאַרן קומענדיקן

היסטאָריקער פון דער טראַגיש-גרויסער און גרויזאמער צײַט, באַזונדערס די יאָרן 1919—1920, עס האָבן די שטאָט געשילדערט פארשיידענע דיכטער, פון ווערכארן ביז האָפשטיין, דער האָט געזען איר גלאַנץ, דער — איר טעכניק ער איז דער איינציקער, וועלכער האָט מיט זײַן פענזל פאַראייביקט דעם אָנהויב פון איר אונטערגאַנג

ס׳טריפט ניט מער ווי ליטער בלוט קיין ליכט
דורך קופער פון דיינע אָדערן...
נעכט
וועלכע פלעגסט באַגעגנען מיט שיין באַוואָפנט
איצט רינגלען אום אַף דיר די שוואַרצע קראָען
און שמידן אַלע דיינע בלינדע גלידער
אַף לאַנגע, לאַנגע שעה׳ן...

און ער ענדיקט—

און ווייטן הערן דיינע נכנע׳דיקע רופן
און שאָקלען נאַר מיט קאָפ אַף דיין בייז-וואונדער...

אָט אין די לעצטע שורות איז אויסגעדריקט זיין באַציאונג צו דער אלטער שטאָט, מער ווי מיט א שאָקל מיטן קאָפ קענען מיר אים ניט באַגלייטן, ווייל —

אין לופטן שניידן דורך שוין-בליצן
פון רופן פלאַמיקע וואָס מונטערן און מאָנען,
און טורמס וואַרטן שוין מיט אָנגעגרייטע שפּיצן
אַף רויטע זיגערישע פאָנען.

און ווי אַ טרײַער קינד פון דער אויפשטאנד-שעה, זאָגט ער:

צעמאָלט מיך, צעמאָלט ווי אַ ערנדל
מילשטיינס פון אַלע צייטן.
אויב דורך דעם וועט ווערן נאָר
דער מאָרגנשטערן ווי אַנ׳עפּל צייטיק.

און—

איך פאַרמאָג שוין אפילו אין טרוים ניט
קיין לאַנד פון האָניק און מילך.

אָט דאָ ווייזט זיך אַרויס די פאַרשידנפארביקייט, די בונטקייט פון זיין שאַפונג, פון לירישן צאפל צום שטורמישן „היי, היי, ראָסייאַ קויטיקע" פון די ניכטערקײַט, וואו אפילו אין טרוים זעט ער שוין ניט קיין לאַנד פון חלב און דבש, פון

וואו אין נשמה אַ מייזעלע שקראַפּעט—

ביז צום זיך זעלבסט-אָפּפערונג, וואו ער בעט זיך „זיין א צומאָלענער פון די וועטישע שטיינער, אבי נאָר דורך דעם וועט דער מאָרגנשטערן ווערן ווי אַן עפּל צײַטיק".

יע, צײַטיק און רייף, ווי אַן עפּל אין סוף זומער זיינען די לידער פון א. קושניראָוו און לייענענדיק זיי פילט איר אין יעדער שורה די אויפריכטיקייט פון אמת׳ן דיכטער, זיין מוזיקאַלישקייט און הארציקייט פאַרכאַפּט אייך און שווער איז אײַך זיך אָפּצורײַסן פון אים, זײַנע שורות ווערן באַ אייך איינגעקריצט און ניט איינמאָל זאָגט איר צוזאמען מיט קושניראָוון:

אין נשמה אַ מייזעלע שקראַפּעט
צו טאַטנס, צו זיידנס אַ ניגון,
נאָר די טיר פון מיין אייגענעם שבת
האָט וואָך מיט אַ שטערן פאַריגלט.

ניין, וואָך האָט ניט פאַרריגלט, זיין אייגענער שבת ווײַט אַויף אײַך פון יעדן ליד, און זײַנע ווענט ווערן אייך גרויס גראַנדיעזן, זיי ציען אַייך צו זיך, ווי אַ מאגניט, ווײַל הינטער זיי שטייט א קראַפט, דאָס איז — א. קושניאַראָוו.

א י נ ט י מ ע ה אַ ר צ י ק יי ט
(ש. ראָסין. שיין. פאָעמע. ליריק. מאָסקווע 1922).

שטילער, שטילער. ס׳האָט אַ הארץ זיך צעעפנט און שעפּטשעט אזוי שטיל און בעט אַזוי שטיל און איז מוחל אַלעמען.

ניט נאָך גליק, ניט נאָך גליק,
האָב איך זיך געיאָגט,
כ׳האָב פאַרגעסן געוואָלט
כ׳האָב צעווייען געגאַרט.

שטילע, צאפלענדע שורות, א לירישער אומעט ווייט פון דער פאָעמע, וועלכע איז דורכגעפלאָכטן מיטן שטילן עפּאָס און צאַרטן דורכזיכטיקן ליריזם, מיט וויפיל ליבע און פשטות זיינען באַשטראַלט אָט אַזוינע שורות:

ס׳האָט מיין פאָטער אַ יונגער
געגרייט זיך אין וועג,
און נאַכט איז געווען
און ווינטער איז דאַן
און דאָרט הינטער פענסטער
אין שנייאיקן הויף

וויאַרט שוין אַ שליטן
וואַרט שוין אַ שפּאַן
מיט קריאת־שמע אַף ליפּן
מיט פרומען „אחד”...

דאָ דערגרייכט ער די רואיקע אידילישקייט, ווען ער שילדערט זיין טאַטן, ניטאָ די ברוגז׳קייט, די אויפגערעגטקייט פון א היינטיקן ברויזענדן קינד, און ווייטער, ווען טאַטע איז געשטאָרבן און ער דערציט אַ ברודער:

כ׳האָב אָנגעקוקט זיך
כ׳האָב אָנגעקוקט אים;
מיר זיינען שויןביידע
איין הויך און איין גרויס
איז דאָס ניט קיין טרייסט?

דאָ זיינען די שורות אינטים, כמעט ריין פאַמיליאַריש און דאָך דער שלוסאַקאָרד רעדט שוין צו אייער געמיט —

כ׳האָב מיין וועג זיך מיט וועגן פון ברודער צעשיידט
ער איז מיט יוגנט מיט גאַנצער
צו מאַמען אַוועק,
צו שוועסטער אַוועק,
און איך—
צו זיך
אין מיין וועג.

דאָ זעט מען שוין די קרייץ־וועגן, וואָס דער דיכטער האָט אַף זיי ארופגעטראָטן, ער האָט פארלאָזן די וואַרעמע שוועסטערשע און מאַמעשע שויסן און איז אוועק צו זיך, ער האָט דערפילט זיין דיכטערישן איך און דאַן זאָגט ער:

היי, ווער יאָגט מיר דאָרט נאָך
מיינע טריט ווער באַטרעט?
ווער האָט שמעכיקע ריטער
מיר אין שאַרבן צושטעלט
און מיין קאָפּ מיט אַ דאָרן באַקרוינט?

דאָ איז שוין דער דיכטער אַרויף אַף די דערנער וועגן און עס דאַכט זיך אַז אָט, אָט, און ער וועט אַרויס פון זיינע רואיקע ברעגעס, ער וועט זיך צו שטורמען, וועט זיך איוביש צוברומען; זיך צוקלאָגן אַף זיין גורל, נאָר ניין, אין דער פּאָעמע „שיין” איז ער צו אינטים, צו לּיריש און זעט ווי ער רעאַגירט אַפן טויט פון זיינעם אַ אינגסטן ברודער דערוועלביגער פּאָעמע ווייטער) עס ווערט ניט דערהויבן בא אים צו אַ לעגענס טראַגעדיע, ער ציט דערפון ניט קיין קאָנסעקווענצן, ער מאַכט דערפון קיין ווען ניט, ער באַקלאָגט ניט, ער טרויערט ניט, ער דערציילט נאָר, עפּיס דערציילט ער, און אַ אייזיקע קעלט באַהויכט אייך פון זיינע קאַלט־פּאַרגליווערטע, ווי מראַמאָר אויסגעהאַקטע שורות:

און מיין ברודער דער אינגסטער
אַ אינגל נאָך גאָר
מיט יידישע אויגן
און רוסישע האָר
איז אין שלאַכטן אַוועק
און פאַרלאָרן זיין קאָפּ
אַף דער רוסישער ערד.

פשוט, געזונט, נאַטירלאַך און איבערצייגנד, עס ווייט מיט אַ בלאָקישע מיסטישקייט, עס דערמאָנט אַלעקסאַנדער בלאָק באַרימטע פערזן פון זיין „צוועלף”

И пошли наши ребята
Буйно голову сложить

אין פיל ערטער אין דער פּאָעמע דערנענטערט ער זיך מיט זיין פשטות ביז צום פאָלקלאָר, אָט דהיינו נעמט אַזוינע שורות וועלכע בעטן זיך ממש זינגען —

און מאַמע האָט אונז
און אַליין זיך געגנאַרט
חאָט אַ וואָך נאָך אַ וויאָך
אַף זיין קומען געהאָפט
אַף זיין קומען געוואַרט.

און נאָך מער וואונדער איז וואָס אַזוינע רואיקע כמעט פאָלקלאָריסטישע שורות ווערן געשאַפן אין רוסלאַנד וואו אַלץ אַרום ברויזט, וואו

אַף קאָפּ פון צעאַקערטע ווינטן
איז אַ פייערדיק וואָלקן אַראָפּ;
און די זאַמדן צעגליט
און די זאַמדן צעברענט
אין צעשטויבט און צעטראָגן
אַף מיילן —
זאַמדיקע גאָלדענע זיילן.

אָט דאָ אין די לעצטע שורות ליגט

דער פּתרון, אין בלוטיקן וויכער פון רו־סישן אופבּרויז האָט זיך גלייכצייטיק באַוויזן די גאָלדענע זייכן און די וואָס האָבּן אויגן ד־האָבּן עס דערזען, און די וואָס האָבן הערצער האָבּן עס דערפילט און ראסין אַלעס דער דיכטער פון אינ־טימע איבערלעבונגען (און ראסין איז שטענדיק אינטים אפילו ווען ער איז ברויזנד) האָט אַנדערש ניט געקענט צו־גיין צו דעם אַף וועל־כע אַנדערע וואָלטן טייכן טרערן (וואַסערדיקע) פאַרגאָסן, און אַף יעדער שורה וואָלט 5 מאָל־בלוט איבערגעחזרט זיך.

און מיינט ניט אַז זיין גלייכגילטי־קייט קומט און רופט ארויס באַ אים יאוש, אָפּגעראָזנקייט, ניין, לייענט ווי־טער וועט איר זען אַז דער טויט וועלכן ער גייט אַזוי קאַלטבלוטיק פאַרביי רופט אין אים אַרויס ערד־הויבונג, השתפכות הנפש, ער גלויבט ניט אין טויט, און ער רופט אויס —

ווער זאָגט עס, ווער זאָגט עס
אַז גרויס איז דער ריס?
אַז ער איז שוין מער ניט פאַראַנען?
ער וועט קומען מיין ברודער,
ער וועט קומען געוויס
צוריק צו זיין מאַמען...

און ווייטער—

און עס ווייס ניט קיין מענש
פון זיין קבר
און עס ווייס נישט, ניט מאַמע
ניט איך...
זיין קבר איז דאָרטן
זיין קבר איז דאָ;
אין יעטווידער שטאָט
אַזאַ קבר פאַראַן.

און ער שליסט די פּאָעמע מיט א גלויביקן און מונטערן אַקאָרד:

ס'האָט מיין ברודער
געשלאָגן דעם שטיין
און מיט קוואַל
מיינע בלוטן פאַרמישט
און מיט קוואַל
מיינע בלוטן באַפרישט.

אַזוי זעען אויס און דיכטן די דיכ־טער פון דער רעוואָלוציע, באפרישטע און באַשטראַלטע מיטן שיין פון מאָרגן רויט געזייט און צעאַקערט מיט יונגן ברויזנדן בלוט, און דאָך ניט מער ווי אַ שטילער צאַרטער אומעט רופט עס אַרויס באַ זיי, און באַזונדערס בולט איז עס באַ דעם דיכטער פון אייגענעם אינטי־מען איך — באַ ראַסינען.

ד ע ר ג ע פּ ע נ ט ע ט ע ר (ע. פינינבערג—אָטהעם—קליינע ביבליאָטעק ליריק, קולטור־ליגע, קיעוו 1922)

דער טאָג איז געבונדן, די אויגן פאַרריגלט,
כ'פאַנג ריינסטע פון זאַנגען פון נעפּל געראַנגל,
און קיל איר די שלייפן און ווייז איר אַ ניגון.
אַ שניי איז געפאַלן, אַ שניי איז צוגאַנגען.
— — — — — — — — —

אפן טויער הייגנט אַ שלאָס
איז דער שלאָס פאַרזשאַווערט.

ע. פינינבערג באַנעמט די וועלט ווי עפּעס געבונדענעס, געפּענטע־טעס, ער פילט אַז עפּעס רייסט זיך צו באַפרייאונג, זאַכט זיך דער שניי איז צו־גאַנגען, דער ווינטער — דאָס אַל־מקייט וואָס דריקט און פּרעסט אים איז דאַכט שוין לאַנג אַוועק, נאָר ניין, עמיץ פענ־טעט נאָך, דער טאָג, דער נייגעבוירענער איז באַ אים נאָך געבונדן, די אויגן וואָס ווילן זען דעם שיין פון לייכטנדן שטראַ־לען מאָרגן איז באַ אים פאַרריגלט, עפּיס נעפּדיק זעט ער אַלץ און באַ אים מישט זיך אויס כמעט אין אַלע זיינע לידער נעכטן מיט היינט —

האַרציקער היטער!
טאַטניו זיסער!
מיין גילדערנער בעכער מיט סם גאָך ניט פול איז?
ס'טעט נאָך אַ הויך דאָ מיט טעג פון אַ תפיסה,
ס'טוט נאָך אַ קלאָג דאָ מיט נעכט פון אַ דולהויז.
טאַטניו זיסער!
האַרציקער היטער!
באַ זיידענע טרעפלאַך אין פרילינגשן פאליש
כאַפּט מיך נאָך אָן מיין אמאָליקער ציטער.
פלאגט מיך נאָך פינסטער פון וויסטע בהלות.

די שורות כאַראַקטעריזירן אַמבּוזשי

סטען דעם דיכטעריש איניגסטן צושטאַנד זיין איך גלויבט ניט אַז אַרום איז שוין אַינגאַנצן אויסגעלייטערט. עס ווייט נאָך מיט תפיסה. צו לאַנג איז מען געווען פאַרשפאַרט, צופיל יאָרן איז מען געווען געבונדן און ווי אמתדיק. אוי־פריכטיק קלינגען די שורות:

איך גיי נאָך אַרום אַף פאַר׳חלש׳טע ליקן
די אַקסל געבויגן מיט פלאטער און קניעס
איך בין נאָך געפּענטעט.

ע. פינינבערג איז פון די איינציקע וועלכע דורך דעם פּיאָר פון דיכטער פארהוילן ניט דעם וואָר און זיי שעמען זיך ניט אויסצוזאָגן דעם גאַנצן אמת מעג ער פאַר אנדערע און פאַר אים אַליין אַפילו ווי גרויזאַם זיין, עס מעג פאַר אלעמען דאַכט זיך ווי אומבאַקוועם זיין אויסצוזאָגן דעם סוד, אַז דער עבר האַלט נאָך פעסט אַלעמען אין די קלעמבעס. די באמת באַפרייטע פערזענ־ליכקייט איז נאָך ניטאָ׳

און נעמט ער רעאגירן אַף דעם שטורמישן היינט. און נעמט ער זיין פינזל צו מאָלן דעם געלעכטערטן און אין דער־זעלביקער צייט באַשטראַלטן היינט דאַן קומט באַ אים אַרויס דער קאלטער אמת פון —

ס׳איז שוין מיין ליכטיקע שוועסטער
מיט סאַמעט פון ווייס
מיט גנעדיקער צניעות
געפאלן אין מדבר, געלעסטערט,
געפאַלן, פון מדבר געשענדעט
מיין ליכטיקע שוועסטער...
איך ווייס נאָך ניט וואָס איז און וואו איז,
איך בין נאָך געפּענטעט...

און ווייטער—

איך גיי נאָך אַרום אַף פּראָסטעטע ציגל
מיך הוידעט נאָך נעפל אין שטיינערנעם וויגל,
צווישן פאַרקריפּלטע ווענט דאָ;
איך גיי נאָך אַרום צווישן בלינדע און היגע—
איך בין נאָך געפּענטעט.

אַזוי פארשטייט דעם גראַנדיעזן רו־ [illegible] אָפּברויז איינער פון די יונגסטע דיכטער אין רוסלאַנד ע׳ פינענבערג. זיין ־ שוועסטער ־ די רוסישע רעוואָלו־ציע איז געפאַלן פון מדבר, פון דור המדבר אַ געלעסטערטע. און ארום זעט ער נאָר בלינדע. און ער אַליין איז זיך מודה דאָס ער איז נאָך געפּענטעט. די ציגל פון נייעם בנין זיינען פּראָסטעטע. צופיל אַלטן שימל איז נאָך דאָ צווישן די מויערער און דערום קען ער ניט גיין גלייך און שטאָלץ און ער זעט —

אַף יענער זייט פון אויסגעריסענע ראַג
און הויל
איז פינסטער שטאָק
נאָר אַזוי וואויל
מיר טרעפט מיין ברודערס־זאָג
אין טאָג
אַנ׳איינגעהויקערטן באַ גרויען פאַרקאַן.

דער פארקאַן אַרום. דער צאַם וואָס טיילט אָפּ דאָס אלטע פון נייע איז גרוי. און ער דער דיכטער זיצט ביים טויער אַנ׳איינגעהויקערטער און געפּענטעטער..

דער שלוס —

די יידישע דיכטונג אין רוסלאנד איז א קינד פון דער רעוואָלוציע, זי איז אָנגעהויבט מיט שעפּעריש שוואונג פון נייע וועלטישע רוימען, ברייטע האָריזאָנטן, זי האָט באַרייכט אונזער שפּראַך לעקסיקאָן מיט פיל נייע אויסדריקן און וואָרט־בילדונגען. זי גייט זיך פעסט אויף איר אַליין אויסגעטראָטענעם וועג. און פעסט און מוטיק איז איר טראָט. זי האָט זיך ניט געלאָזט אָפּן לייכט־גליטשיקן וועג פון טומלדיקן פלאַקאַט און אַראטאָרישער אויסגעשריי וואָס ס׳האָט פאַרכאַפּט אפילו אַ סך פון די רוסישע פראָלעטאַרישע דיכטער ביים אָנהויב. זי האָט אָפּגעוואָרפן אינגאַנצן דעם גרילצדיקן פּאַטעטישן אויסרוף. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער טיף פון באפרייטן אל־מענשליכן „איך“ און דאָרטן האָט זי געפונען אַזוי פיל טענער. קלאַנגען. אָפּ־

קלאַנגען און פֿון דאָרטן שעפּט זי און
װעבט איר קריסטאַלענעם אױסגעקריס־
טאַליזירטן טיף ריטמישן פֿערז און אַלעס
אַזעלכע באַטראַכטן מיר זי װי אַ נײַע
עראַ, אַ נײַעם עטאַפּ אין אונזער רײף
אױסגעװאַקסענעם פֿיל צעצװײַגטן יידישן
דיכטונג־פֿאַנטעאָן.

װעגן די איבעריקע דיכטער פֿון דער
יונגער רוסישער פּלעיאַדע — אַ צװײטן
מאָל.

## פֿון יענער זײַט ,,װיספּע"

מ. קולבאַק.

## פֿון די ,,װעלפֿישע לידער".

העי, העי, שװער צו טראָגן הױך דעם קאָפּ;
דעם באַטשופֿרינעטן,
און דאָס גראָבע האַרץ דאָס שרײַאיקע,
איך װעל אַװעק אין דאָרף דעם אױסגעמאַנדאַלינעטן
און אױף די פֿעלדער, אין די גערטנער די מײַאיקע
אַ טאַנץ טאָן הפֿקר'דיק און טרויעריק און שטומערהײט
אַ שרײַ טאָן, שרײַען מיט אַנ'אָטעם אַ פֿאַרכליענעטן
פֿון יעדן קוסט, פֿון הינטער יעדן בײַט:
העי, העי, שװער צו טראָגן הױך דעם קאָפּ
דעם באַטשופֿרינעטן.

װײַל ס'קלינגען הונגער־טעג, װי קײטן בלײַאיקע
און ס'זינגען פֿרײלעך קײטן צו איבעראַיאָריקע...
העי, העי, אָט דאָס גראָבע האַרץ דאָס שרײַאיקע
קערט זיך װי אַ װעלפּיכע אין ברוסט, אַ האָריקע.
איך װעל אין װאַלד אַװעקיאָגן אַף אַלע פֿיר,
אַ טאַנץ טאָן הפֿקר'דיק און טרויעריק און שטומערהײט
און פֿון דעם קרומען מויל דעם אױסגעמינעטן
װעט טױב אַרױסשרײַען דער װאַלד פֿון מיר —
העי, העי, שװער צו טראָגן הױך דעם קאָפּ
דעם באַטשופֿרינעטן.

# נאָטיצן.

(::) די רעדאַקציע פון „וויספּע”, וועלנדיק אוועקשטעלן דעם חודש׳ניק אף זיין געהעריקער הויך, ווענדעט זיך צו אַלע יידישע שריפט־שטעלער, וואו אין וועלכער לאַנד זיי זאָלן ניט זיין, אריינגיין אין אשריפטלאכער פאַר־בינדונג, אָנגעבן אַף וועלכע תנאים זיי וואָלטן מסכים זיין מיטצואַרבעטן אין חודש׳ניק „וויספּע”.

(::) פון היינטיקן נומער „וויספּע” איז אַריינגעטראָטן אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער, דער באַקאנטער יידישער שריפטשטעלער צבי הירשקאַן. אין קו־מענדיקן מאַי־נומער „וויספּע” וועט אַריין זיינע אַ אָפּהאַנדלונג „דער מאָדערנער מענש” איבער שפּענגלערס אַ ניי־ערשינען באַרימט־בוך.

(::) די רעדאַקציע פירט אונטערהאַנדלונגען מיט אַ רייע באַקאנטע שריפט־שטעלער וועגן זייער מיטאַרבעטערשאַפט פאַר דער „וויספּע”.

(::) פון מאַי־נומער אָן, וועט זיך די „וויספּע” אָנהויבן דרוקן אַף בעסערע פּאַפּיר, אַ נייע הילע־צייכנונג ווי אויך מיט פיל באַצירונגען און צייכנונגען פאַר די שטענדיקע אָפּטיילונגען.

(::) אין מאַי־נומער וועט זיך אָנהויבן דרוקן אין „וויספּע” דאָס באַרימטע דראַמע פון פראַנצויזישן שריפטשטע־־ער ראָמען ראָללאַן „דאַנטאָן”. די דראַמע באַהאַנדלט איינע פון די וויכטיקסטע מאָמענטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, די צייט פון די פירערשאַפט פון ראָבעספּיער, דאַנטאָן א. א. „דאַנ־טאָן” געהערט צו די פּאָפּולערסטע פּיעסן פון אי־ראָפּעאישן רעפּערטואַר, זי איז אויך אינסצעניִרט פאַרן קינאָ און ווערט געוויזן אין דער גאַנצער וועלט מיטן גרעסטן בייפאַל.

(::) אין קומענדיקן נומער וועט געדרוקט ווערן אַ פראגמענט פון יוסף גאָט־פאַרשטיינס — דער דראַמאַטישער פּאָעמע „פאַרזעעניש”.

(::) אין קומענדיקן נומער וועט צווישן אַנדערע געדרוקט ווערן אַ ליטווישע גאַלקס־מעשה׳לע פון מ. לוריע „גירזשדוטא”, איבערזעצונגען פון אַלעקסאַנדער בלאָק, יעסענין און וואלט וויטמען, ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון „בלעטלעך פון אַ וויספּעניק” אָנהויב פון דער סעריע „טעאַטער־שמועסן”; לידער פון יודיקאַ, בלאָשטיין, גאָטפארשטיין און גליצמאַן; נייע אינטימע לידלאַך פון ז. קינימוס, ביאָגראַפישע נאָטיצן איבער די ניי־ערשינענע דראַמאַטישע ווערק.

(::) די רעדאַקציע בעט אַלע חברים און פאַרלעגער זיי זאָלן צושיקן זייערע ניי־ערשינענע ווערק צום רעצענזירן.

(::) אין די קרייזן פון די „וויספּעניקעס” פראָיעקטירט זיך מאַכן אַ טורנע איבער די גרעסערע שטעט פון ליטע פון אַ גרופּע „וויספּעניקעס” מיט פאָרלעזונגען וועגן דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור.

צוליב מאַנגל אין אָרט איז אין דעם נומער [illegible]אַריין די אָפּטיילונג: ביכער אָנגעקומענע אין רעדאַקציע.

